לַ״ג בָּעוֹמֶר

בְּעֶזְרַת הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ

# דִי שֵׁייְנְקַייט פוּן יוֹם טוֹב ל״ג בָּעוֹמֶר

צוּזַאמֶענְגֶעשְׁטֶעלְט אוּן בֶּעאַרְבֶּעט

פוּן

**מְנַחֵם מֶנְדֶל**

יְרוּשָׁלַיִם ה׳תשמ״ט

# אִינְהַאלְט

# אַרײַנְפִיהר

דֶער דָארְף מֵירוֹן לִיגְט צְווִישְׁן דִי הוֹיכֶע גָלִיל-בֶּערְג, צוּפוּסְנְס פוּן דֶעם הוֹיכְן בַּארְג מֵירוֹן, נֶעבְּן דֶעם שָׁאסֵיי וָואס פִיהרְט קֵיין צְפַת.

יֶעדֶעס יָאהר, אִין י״ח אִיָיר, ל״ג בָּעוֹמֶר, שְׁטְרָאמֶען אַהִין גְרוֹיסֶע מַאסְן מִיט אִידְן פוּן גַאנְץ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּן אוֹיךְ פוּן גָאר דֶער וֶועלְט, צוּ מִתְפַּלֵל זַיין בַּיי דֶעם הֵיילִיגְן צִיוּן פוּן דֶעם הֵיילִיגְן גֶ־טְלִיכְן תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אוּן זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר, וֶועלְכֶער לִיגְט נֶעבְּן אִיהם.

ל״ג בָּעוֹמֶר אִיז גֶעוָוארְן אַ יוֹם טוֹב וֶועלְכֶער וֶוערְט גֶעפַייעֶרְט מִיט גֶעוַואלְדִיגֶע פְרֵייד אוּן הִתְלַהֲבוּת, מִיט גְרוֹיס גֶעזַאנְג אוּן פַייעֶרְדִיגֶע טֶענְץ, אָנְצִינְדְנְדִיג פִיהל לִיכְט אוּן פַייעֶר לְכָבוֹד דֶעם הֵיילִיגְן תַּנָא.

פיהל פיהרן זיך צו ברענגען אהער זייערע דריי יעהריגע קינדערלאך און מען שערט אפּ צום ערשטן מאל די האר איבערלאזנדיג די פּיאות אין ביידע זייטן. בעגלייט מיט א גאנצן פּאראד און מיט גרויס פרייד, מיט געזאנג און טענץ.

אין אט דעם טאג, י"ח איר, ל"ג בעומר, איז נסתלק געווארן דער הייליגער ג־טליכער תנא רבי שמעון בר יוחאי זי"ע. און דעריבער ווערט גערופן דער טאג הילולא דרבי שמעון בר יוחאי, ווייל ווען א צדיק קומט ארויף אין הימל, איז עס א גרויסע שמחה און א הילולא אין די אויבערשטע וועלטן. ווי עס ווערט געברענגט אין זוהר הקדוש, אז ווען מען איז ארויס מיט די בעט פון רבי שמעון בר יוחאי נאך זיין הסתלקות, איז די בעט געפלויגן אין דער לופט און א פייער האט געברענט ארום איהם. דאן איז ארויס א שטימע פון הימל וואס האט אויסגערופן: גייט ארויף! קומט, זאמלט זיך איין צו די הילולא פון רבי שמעון בר יוחאי.

אין דעם טאג ל"ג בעומר, ווען רבי שמעון בר יוחאי איז נסתלק געווארן, איז געקומען א גרויסע

לִיכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט פוּן דִי פִּיהל טִיפֶע סוֹדוֹת פוּן דֶער תּוֹרָה וָואס דֶער הֵיילִיגֶער תַּנָא הָאט דַאן אַנְטְפְּלֶעקְט. אָט דֶער טָאג אִיז גֶעוֶוען לֵיינְגֶער אוּן גְרֶעסֶער וִוי דִי אַנְדֶערֶע טֶעג, וַוייל דִי זוּן הָאט נִישְׁט בַּאקוּמֶען קֵיין עֶרְלוֹיבֶּענִישׁ צוּ אוּנְטֶערְגֵיין אֵיידֶער דֶער תַּנָא הָאט גֶעעֶנְדִיגְט צוּ אַנְטְפְּלֶעקֶן זַיינֶע סוֹדוֹת פוּן דֶער תּוֹרָה אוּן נָאר עֶרְשְׁט דַאן אִיז זִי אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען. אוּן דַאמָאלְס הָאט דִי נְשָׁמָה פוּן דֶעם הֵיילִיגְן תַּנָא אַרוֹיפְגֶעפְלוֹיגְן צוּ דִי הוֹיכְקַייטְן.

דֶערִיבֶּער קוּמֶען יֶעדֶעס יָאהר אִין ל״ג בָּעוֹמֶר קֵיין מֵירוֹן פִּיהל צֶענְדְלִיגֶער טוֹיזְנְטֶער אִידְן. זֵיי גִיסְן אוֹיס זֵייעֶר הַארְץ בַּיים צִיוּן פוּן דֶעם הֵיילִיגְן תַּנָא מִיט גְרוֹיסֶע בְּכִיוֹת אוּן הִשְׁתַּפְּכוּת הַנֶפֶשׁ, אוּן זֵיי פּוֹעֶלְן אוֹיס דַאן מִיט זֵייעֶרֶע תְּפִלוֹת יְשׁוּעוֹת אוּן רְפוּאוֹת.

דִי אַלֶע בֶּעזוּכֶער בַּיי דֶעם צִיוּן וֶוערְן דַאן בֶּעהֶערְשְׁט פוּן דִי קְדוּשָׁה אוּן פְרֵייד וָואס הֶערְשְׁט אִין יֶענֶעם טָאג בַּיים הֵיילִיגְן צִיוּן פוּן גֶ־טְלִיכְן תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי.

מֶען פַייעֶרְט אָט דֶעם טָאג מִיט

אויסערגעוויינליכע פרייד און געזאנג, כאטש וואס מיתת צדיקים איז א תענית טאג, ווייל אזוי איז געווען דער ווילן פון דעם צדיק, אז מען זאל אלע יאהר, דעם טאג פון זיין פטירה באשטימען פאר א יום טוב און זיך פרייען. און וויבאלד אט דער טאג האט געברענגט גרויס ליכט אויף דער וועלט, און די זון האט דאן געלויכטן מער ווי אלע אנדערע טעג, פיהרט מען זיך צו מערן ליכט, אנצינדן א הדלקה פייער און מען לערנט די ליכטיגע תורה פון הייליגן תנא רבי שמעון בר יוחאי, דעם הייליגן זוהר.

דער הייליגער גייסט וואס שוועבט אין יענעם טאג ביים הייליגן ציון, ברענגט צו פיהל הרהורי תשובה און פיהל מענטשן וועלכע זיינען שוין געווען ווייט פארקראכן פון אידישקייט, האבן זיך אין מירון צוריק ערוועקט אומצוקערן צו זייער אידישער מקור.

פיהל וואונדערליכע ערציילונגען זיינען באוואוסט וועגן מענטשן וועלכע זיינען געהאלפן געווארן ביים הייליגן ציון פון רבי שמעון בר יוחאי. מיר ווייסן פון פיהל אידן וואס נאכדעם

וָואס זֵיי הָאבְּן צוּגֶעזָאגְט אַז אוֹיבּ עֶס וֶועט בַּיי זֵיי גֶעבּוֹירְן וֶוערְן אַ אִינְגֶל וֶועלְן זֵיי אִיהם אַ נָאמֶען גֶעבְּן שִׁמְעוֹן, וִוי דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם הֵיילִיגְן תַּנָא אוּן זֵיי זַיינֶען גֶעהָאלְפְן גֶעוָוארְן מִיט אַ בֶּן זָכָר, נָאךְ פִיהל יָאהרְן נָאךְ זֵייעֶר חֲתוּנָה וָואס זֵיי הָאבְּן נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין קִינְדֶער. עֶס אִיז אוֹיךְ בֶּעקַאנְט פִיהל פַּאקְטְן פוּן מֶענְטְשְׁן וֶועלְכֶע הָאבְּן נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין קִינְדֶער, הָאבְּן זֵיי מְנַדֵר גֶעוֶוען, דָאס אוֹיבּ עֶס וֶועט זֵיי גֶעבּוֹירְן וֶוערְן אַ אִינְגֶל, וֶועלְן זֵיי אִיהם אָפְּשֶׁערְן דֶעם עֶרְשְׁטְן מָאל אוּן מַאכְן דִי חַאלַאקֶע אִין מֵירוֹן צוּ דְרַיי יָאהר אוּן זֵיי זַיינֶען גֶעהָאלְפְן גֶעוָוארְן אוֹיף אַ וואוּנְדֶערְלִיכְן אוֹפָן.

אִין אוּנְזֶער סֵפֶר בְּרֵיינְגֶען מִיר אַרָאפּ פוּן דָאס לֶעבְּן אוּן שַׁאפְן פוּן הֵיילִיגְן תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי זי"ע, וֶועגְן דִי וואוּנְדֶערְלִיכֶע מַעֲשִׂים וָואס עֶר הָאט בַּאוִויזְן בַּיי זַיין לֶעבְּן, אוּן פוּן דִי גְרוֹיסֶע מוֹפְתִים וָואס זַיינֶען פָּארְגֶעקוּמֶען צוּ דִי וָואס הָאבְּן מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען אוּן זִיךְ אוֹיסְגֶעבֶּעטְן בַּיי זַיין צִיוּן. דָאס אַלֶעס אִיז נָאר אַ מֵעֵין פוּן אַ מֵעֵין פוּן דִי גְרוֹיסְקַייט פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אוּן פוּן אַלֶעס וָואס קוּמְט דָארְטְן פָּאהר אַלֶע יָאהר.

דֶער זְכוּת פוּן דֶעם הֵיילִיגְן גֶ־טְלִיכְן תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי זָאל אוּנְז בַּיישְׁטֵיין צוּ גֶעהָאלְפְן וֶוערְן אִין אַלֶעס וָואס מִיר בְּרוֹיכְן. דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל עֶרְפִיהלְן אוּנְזֶערֶע גֶעבֶּעטְן, מִיר זָאלְן זֶעהן אִידִישׁ נַחַת פוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער, לֶערְנֶען אוּן דִינֶען דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטְן בִּבְרִיאוּת הַגוּף וְהַנֶפֶשׁ בְּהַרְחָבַת הַדַעַת, לִרְאוֹת בָּנִים וּבְנֵי בָנִים עוֹסְקִים בַּתּוֹרָה וּבְמִצְוֹת מִתּוֹךְ נַחַת וְהַרְחָבָה אוּן זוֹכֶה זַיין צוּ זֶעהן בְּהִתְגַלוּת כְּבוֹד שָׁמַיִם בָּעוֹלָם וּבְבִיאַת גוֹאֵל צֶדֶק בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ אָמֵן.

יְרוּשָׁלַיִם תשמ״ט מְנַחֵם מֶנְדְל

## עֶרְשְׁטֶער קַאפִּיטְל: אַשְׁרֵי יוֹלַדְתְּךָ

בַּיי זַיין רֶבִּין רַבִּי עֲקִיבָא

נָאר תּוֹרָה !

דִי גְרוֹיסְקַייט פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן

אִין דֶער מְעָרָה

דִי חַבְרַיָא פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן

נִיסִים אוֹיף נִיסִים

דִי הִסְתַּלְקוּת פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן

# בַּיי זַיין רֶבִּין רַבִּי עֲקִיבָא

דֶער הֵיילִיגֶער תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, אִיז גֶעוֶועןְ אֵיינֶער פוּן דִי תַּלְמִידִים פוּן רַבִּי עֲקִיבָא וָואס זֵיי הָאבְּן אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דִי תּוֹרָה נָאךְ דֶעם וָואס זִי אִיז פַארְגֶעסְן גֶעוָוארְן פוּן פָאלְק, וֶוען עֶס זַיינֶען אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבְּן דִי פִיר אוּן צְוַואנְצִיג טוֹיזְנְט תַּלְמִידִים פוּן רַבִּי עֲקִיבָא. רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ רַבִּי עֲקִיבָא אִין זַיין יְשִׁיבָה וָואס אִיז גֶעוֶוען אִין בְּנֵי בְּרַק גְלַייךְ וִוי עֶס הָאבְּן זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט דִי שִׁבְעַת יְמֵי הַמִשְׁתֶּה פוּן זַיין חוּפָּה, אוּן עֶר אִיז דָארְטְן גֶעזֶעסְן דְרַייצְן יָאהר נָאכַאנַאנְד. אִין דֶער צַייט פְלֶעגְט עֶר שִׁיקְן שְׁלוּחִים צוּ זִיךְ אִין הוֹיז צוּ וִויסְן וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ דָארְט, אָבֶער עֶר אַלֵיין אִיז קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעגַאנְגֶען אַהֵיים, וַוייל עֶר הָאט נִישְׁט גֶעוָואלְט פַארְלָאזְן זַיין רֶבִּין אֲפִילוּ אוֹיף אַ קוּרְצֶע צַייט. וֶוען רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז גֶעזֶעסְן אוּן גֶעלֶערְנְט תּוֹרָה בַּיי רַבִּי עֲקִיבָא אִיז זַיין

גְרוֹיסְקַייט נָאךְ גֶעוֶוען בַּאהַאלְטְן און פַּארְדֶעקְט אִין אִיהם, און עֶס אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען צוּ דֶערְקֶענֶען פון דְרויסְן. אָבֶער רַבִּי עֲקִיבָא הָאט אִיהם יָא דֶערְקֶענְט און גֶעזֶעהן די אויסֶערְגֶעוֵויינְלִיכֶע גְרוֹיסְקַייט וָואס אִיז בַּאהַאלְטְן אִין אִיהם, און עֶר הָאט דָאס אַרוֹיסְגֶעוִויזְן פַאר רַבִּי שִׁמְעוֹן. רַבִּי עֲקִיבָא הָאט אִיהם דַאן גֶעזָאגְט:

עֶס אִיז גֶענוּג פַאר דִיר אַז אִיךְ און דַיין בַּאשֶׁעפֶער קֶענֶען דַיין כּוֹחַ.

אָפְּשַׁאצְנְדִיג רַבִּי שִׁמְעוֹן׳ס גְרוֹיסְקַייט און וויסְנְדִיג וָואס די וֶועלְט עֶרְוַוארְט פון אִיהם אַלְס עֶנְטְפְּלֶעקֶער פון די סוֹדוֹת הַתּוֹרָה, הָאט רַבִּי עֲקִיבָא זֵייעֶר גֶעזָארְגְט אַז רַבִּי שִׁמְעוֹן זָאל דוּרְכְגֵיין פְרִידְלִיךְ די שְׁוֶוערֶע צַייט וָואס אִיז דַאן גֶעוֶוען.

דָאס אִיז גֶעוֶוען אִין די לֶעצְטֶע יָאהְרְן פון רַבִּי עֲקִיבָא. די רוֹימֶער וֶועלְנְדִיג אוּנְטֶערְבְּרֵיינְגֶען דָאס אִידִישֶׁע פָאלְק הָאבְּן גוֹזֵר גֶעוֶוען אַ גְזֵירָה מֶען זָאל נִישְׁט לֶערְנֶען קֵיין תּוֹרָה. רַבִּי עֲקִיבָא הָאט נִישְׁט גֶעקוּקְט אוֹיף די גְזֵירָה און עֶר הָאט גֶעלֶערְנְט תּוֹרָה, און דַוְקָא אִין דֶער עֶפְנְטְלִיכְקַייט, וֶועלְנְדִיג

זַיין אַ בַּיישְׁפִּיל פַאֲרְן פָאלְק, אַז מֶען דַארְף זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ זַיין צוּ לֶערְנֶען תּוֹרָה. דִי רוֹימֶער הָאבְּן דַאן גֶעכַאפְּט רַבִּי עֲקִיבָא׳ן אוּן אַרַיינְגֶעזֶעצְט אִיהם אִין תְּפִיסָה.

רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם אִין תְּפִיסָה אוּן גֶעבֶּעטְן: לֶערְן מִיט מִיר תּוֹרָה! הָאט רַבִּי עֲקִיבָא אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: נֵיין, אִיךְ וֶועל מִיט דִיר נִישְׁט לֶערְנֶען קֵיין תּוֹרָה, וַוייל דוּ וֶועסְט זִיךְ דוּרְךְ דֶעם בְּרֵיינְגֶען אִין אַ גֶעפַאהר.

רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט אָבֶער נִישְׁט גֶעוָואלְט פַארְצִיכְטְן אוֹיף דֶער גֶעלֶעגְנְהַייט צוּ לֶערְנֶען פוּן רַבִּי עֲקִיבָא׳ן אֲפִילוּ וֶוען דָאס אִיז גֶעוֶוען פַארְבּוּנְדְן מִיט אַ לֶעבְּנְס־גֶעפַאהר. הָאט עֶר גֶעזָאגְט דַאן צוּ רַבִּי עֲקִיבָא:

— דוּ מוּזְט לֶערְנֶען מִיט מִיר. אִיךְ בִּין דָאךְ אִין סַכָּנָה אוּן נִישְׁט דוּ — וַוייל דוּ בִּיסְט דָאךְ סַיי ווִי אַרֶעסְטִירְט — אוּן אִיךְ ווִיל לֶערְנֶען תּוֹרָה פוּן דִיר.

רַבִּי עֲקִיבָא, אַיינְזֶעהֶענְדִיג דֶעם שְׁטַארְקְן ווִילְן צוּ לֶערְנֶען פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט מַסְכִּים גֶעוֶוען צוּ

לֶערְנֶען מִיט אִיהם.

רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז גֶעגַאנְגֶען לֶערְנֶען פוּן רַבִּי עֲקִיבָא׳ן וֶוען עֶר אִיז גֶעזֶעסְן אִין תְּפִיסָה, טְרָאץ דֶעם וָואס דָאס אִיז גֶעוֶוען פַארְבּוֹטְן מִיט לֶעבְּנְס־גֶעפַאהר, אוּן עֶר אַלֵיין פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג וָוארֶענֶען קֶעגְן צוּ בְּרֵיינְגֶען זִיךְ אִין אַ גֶעפַאהר, אֲפִילוּ כְּדֵי צוּ מְקַיֵים זַיין אַ מִצְוָה, וַוייל עֶס אִיז דַאן גֶעוֶוען אַ ״גְזֵירַת־שְׁמַד״ נִישְׁט צוּ לֶערְנֶען תּוֹרָה, אוּן אִין אַזַא צַייט דַארְף מֶען זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ זַיין אוֹיף יֶעדֶע מִצְוָה, אוּן וֶוער רֶעדְט נָאךְ אוֹיף דֶער מִצְוָה פוּן לֶערְנֶען תּוֹרָה, וָואס דָאס אִיז דִי גְרֶעסְטֶע מִצְוָה אוּן דוּרְךְ אִיהר אִיז דֶער עֶקְזִיסְטֶענְץ־קְרַאפְט פוּן אִידִישְׁן פָאלְק. אוֹיסֶער דֶעם אִיז רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעוֶוען זֵייעֶר צוּגֶעבּוּנְדְן צוּ זַיין רֶבִּין רַבִּי עֲקִיבָא אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶעשַׁאצְט אַלְס דֶעם רֵיינְסְטְן קְוַואל פוּן תּוֹרָה. זַיין דָאזִיגֶע מֵיינוּנְג הָאט עֶר גֶעבְּרַאכְט צוּם שַׁארְפְסְטְן אוֹיסְדְרוּק, וֶוען עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים:

— מַיינֶע קִינְדֶער, לֶערְנְט, אוּן חַזֶר׳ט גוּט אַיין דִי תּוֹרָה וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט אַייךְ גֶעלֶערְנְט, וַוייל מַיין גַאנְצֶע תּוֹרָה אִיז דִי תּוֹרָה פוּן רַבִּי

עֲקִיבָא'ן.

טְרָאץ דִי שְׁווערֶע גְזֵירוֹת פוּן מַלְכוּת רוֹמִי, וָואס זֵייעֶר צְוֶועק אִיז גֶעוֶוען אָפְּצוּרַייסְן דָאס אִידִישֶׁע פָאלְק, וָואס אִיז גֶעוֶוען אוּנְטֶער זֵייעֶר הֶערְשַׁאפְט, פוּן דֶער תּוֹרָה, פוּן לֶערְנֶען אִיהר אוּן פוּן הִיטְן אִיהר — אִיז דָאס אִידִישֶׁע פָאלְק גֶעבְּלִיבְּן פֶעסְט צוּגֶעבּוּנְדְן צוּ דִי תּוֹרָה, אוּן זִי אִיז גֶעלֶערְנְט גֶעוָוארְן אוּן גֶעהִיט גֶעוָוארְן אִין יֶענֶע שְׁווערֶע צַייטְן פִיהל מֶעהר וִוי אִין רוּהִיגֶע אוּן פְרִידְלִיכֶע צַייטְן. דֶער דוֹר פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי הָאט דֶערְגְרֵייכְט צוּ אַזַא הוֹיכֶע שְׁטוּפֶע אִין תּוֹרָה, בִּיז עֶר אִיז בַּאצֵייכְנְט גֶעוָוארְן אַלְס אֵיינֶער פוּן דִי אוֹיסְגֶעצֵייכְנְטְסְטֶע דוֹרוֹת אִין דֶער אִידִישֶׁע הִיסְטָארְיֶע.

# נָאר תּוֹרָה!

רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט גֶעפָּאדֶערְט פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים זֵיי זָאלְן דָאס גְלוּסְטֶענִישׁ נָאךְ רַייכְטוּם און בַּאקְוֶועמְלִיכְקַייט גֶענְצְלִיךְ אוּנְטֶערְדְרִיקְן.

עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ תַּלְמִיד פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן׳ען וָואס הָאט פַארְלָאזְט דִי יְשִׁיבָה, גֶעפָארְן קֵיין חוּץ לָאָרֶץ הַאנְדְלֶען אוּן עֶר אִיז צוּרִיק גֶעקוּמֶען אַ גְבִיר. קוּמֶענְדִיג צוּרִיק פוּן זַיין רַייזֶע אִיז עֶר אַרַיין צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן׳ען. הָאבְּן זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזֶעהְן וִוי פַארְמֶעגְלִיךְ עֶר אִיז, אוּן עֶס הָאט זִיךְ בַּיי זֵיי דֶערְוֶועקְט פַארְדְרוּס גֶעפִיהלְן אוֹיף זִיךְ צוּלִיבּ זֵייעֶר אָרִימְקַייט, אוּן דוּרְךְ דֶעם אִיז דֶערְוֶועקְט גֶעוָוארְן אִין אַ טֵייל פוּן זֵיי דֶער וִוילְן נָאכְצוּטְהוּן יֶענֶעם תַּלְמִיד אוּן גֵיין קֵיין חוּץ לָאָרֶץ הַאנְדְלֶען.

רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט פוּן דֶעם גֶעוואוּסְט, הָאט עֶר זֵיי גֶענוּמֶען אוּן אַרוֹיסְגֶעפִירְט אוֹיסֶער דֶער שְׁטָאט,

נֶעבְּן אַ טָאל. דָארְטְן הָאט עֶר מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען און נַאכֶער גֶעזָאגְט:

— טָאל, טָאל, וֶוער פוּל מִיט גָאלְדֶענֶע רֶענְדְלַאךְ — אִיז דֶער טָאל פוּל גֶעוָוארְן מִיט גָאלְדֶענֶע רֶענְדְלַאךְ.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעזָאגְט צוּ זֵיי:

— אוֹיבּ אִיהר ווילְט גָאלְד — אָט אִיז גָאלְד פַאר אַייךְ, נֶעמְט. אָבֶּער זַייט וִויסְן, אַז דֶער וָואס נֶעמְט יֶעצְט — נֶעמְט עֶר דָאס פוּן דֶעם שְׂכַר וָואס אִיז בַּאשְׁטִימְט פַאר אִיהם אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט. וַוייל דֶער שְׂכַר פוּן תּוֹרָה לֶערְנֶען אִיז נִישְׁט אוֹיף דֶער וֶועלְט נָאר אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט.

וֶוען דִי תַּלְמִידִים הָאבְּן דָאס גֶעזֶעהְן און גֶעהֶערְט הָאבְּן זֵיי זִיךְ צוּרִיק גֶעצוֹיגְן פוּן נֶעמֶען דִי גָאלְד, און גֶעזָאגְט דֶעם פָּסוּק: "כִּי שִׂמַּחְתַּנִי ה' בְּפָעֳלֶךָ בְּמַעֲשֵׂי יָדֶיךָ אֲרַנֵּן".

דָאס אִיז גֶעוֶוען דִי שִׁיטָה פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן און אַזוֹי הָאט עֶר גֶעלֶערְנְט מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים און מִיט דֶעם גַאנְצְן פָּאלְק. דִי ווירְקוּנְג פוּן דֶער

דָאזִיגֶער לֶעהְרֶע אִיז גֶעוֶוען גוּט קֶענְטִיג אִין פָאלְק, אוּן פִיהל הָאבְּן גֶעטְהוּן וִוי רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, אִינְגַאנְצְן אַוֶועקְגֶעלֵייגְט דִי חַיֵי שָׁעָה, אוּן זִיךְ פֶערְנוּמֶען נָאר אִין חַיֵי עוֹלָם, אִין לֶערְנֶען דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה.

אוּן אַזוֹי וֶוערְט דֶערְצֵיילְט אִין זוֹהַר: רַבִּי חִזְקִיָה הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין גֶעוֶוען אַמָאל אִין אַ פְּלַאץ וואוּ עֶס רוּהֶען דִי אַרַאבֶּער, הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהן מֶענְטְשְׁן וָואס בַּאהַאלְטְן זִיךְ אִין הֵיילְן צְוִוישְׁן דִי בֶּערְג, אוּן דָארְט זִיצְן זֵיי אַ גַאנְצֶע וָואךְ, אוּן בְּלוֹיז פוּן שַׁבָּת צוּ שַׁבָּת קוּמֶען זֵיי אִין זֵייעֶרֶע הַייזֶער. הָאבּ אִיךְ זֵיי גֶעפְרֶעגְט: פַאר וָואס טְהוּט אִיהר אַזוֹי? הָאבְּן זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט: מִיר הָאבְּן זִיךְ פּוֹרֵשׁ גֶעוֶוען פוּן דֶער וֶועלְט אוּן מִיר זַיינֶען זִיךְ עוֹסֵק נָאר אִין תּוֹרָה. הָאבּ אִיךְ זֵיי גֶעפְרֶעגְט: אוּן מִיט וָואס זַיינְט אִיהר זִיךְ מִתְפַּרְנֵס? הָאבְּן זֵיי גֶעזָאגְט אַז טֵייל מָאל גֶעפִינֶען זֵיי אִין מִדְבָּר אַזוֹינֶע בּוֹימֶער וָואס אוֹיף זֵיי וַואקְסְן אַזַא מִין פְּרוּכְט וָואס מֶען קֶען דָאס עֶסְן, אוּן אַז עֶס טְרֶעפְּט אַ טָאג וָואס דִי תּוֹרָה וָואס מִיר לֶערְנֶען אִיז אוּנְז זֵייעֶר קְלָאר, אִיז דִי שִׂמְחָה אוּנְזֶערֶע זֵייעֶר גְרוֹיס, גֵייט דַאן וֶוער פוּן אוּנְז זוּכְן אַזַא בּוֹים אוּן בְּרֵיינְגְט דִי פְּרוּכְט,

מֶען קָאכְט עֶס אוּן מִיר עֶסְן דָאס — אַזַא טָאג אִיז בַּיי אוּנְז זֵייעֶר חָשׁוּב. וֶוען עֶס אִיז נִישְׁטָא דִי פְּרוּכְט — נֶעמֶען מִיר גֶעוֵוייְנְלִיכֶע גְרָאזְן פוּן פֶּעלְד, מֶען קָאכְט עֶס אוּן מִיר עֶסְן עֶס, אוּן אַזוֹי זִיצְן מִיר דָא אַ גַאנְצֶע וָואךְ. הָאט זֵיי רַבִּי חִזְקִיָה גֶעזָאגְט: ווארִיל אִיז אַייךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּן גוּט וֶועט אַייךְ זַיין אוֹיף יֶענֶע וֶועלְט. אִיהר וֶועט נִישְׁט פַארְשֶׁעמְט וֶוערְן וֶוען מֹשֶׁה רַבֵּינוּ וֶועט קוּמֶען מָאנֶען דֶעם עֶלְבּוֹן־הַתּוֹרָה.

וֶוער עֶס הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט צוּקוּמֶען צוּ אַזַא מַדְרֵגָה, אַוֶועקְלָאזְן אִין גַאנְצְן דִי חַיֵי שָׁעָה, הָאט זִיךְ בַּאמִיהט וִוי וַוייט מֶעגְלִיךְ צוּ פַארְקְלֶענֶערְן זַיין עֵסֶק אִין חַיֵי שָׁעָה אוּן ווִידְמֶענֶען זִיךְ וָואס מֶעהר אִין דִי חַיֵי עוֹלָם.

אוּן אַזוֹי דֶערְצֵיילְט רַבִּי חִיָיא: אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַמָאל גֶעפוּנֶען אִין וֶועג, גֵייעֶנְדִיג צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן׳ען לֶערְנֶען פוּן אִיהם דִי פַּרְשָׁה פוּן פֶּסַח, הָאבּ אִיךְ אוֹיפְן וֶועג גֶעטְרָאפְן אַ בַּארְג אוּן אִין אִיהם זֵיינֶען גֶעוֶוען שְׁפַּאלְטְן, אוּן אַ גֶעשְׁטַאלְט וִוי פוּן צְוֵויי מֶענְטְשְׁן הָאט זִיךְ מִיר גֶעזֶעהן פוּן דָארְט. וֶוען אִיךְ בִּין נֶענְטֶער צוּגֶעגַאנְגֶען הָאבּ אִיךְ

גֶעהֶערְט זֵייעֶר קוֹל און זֵיי הָאבְּן אִיבֶּערְגֶעזָאגְט דִבְרֵי תּוֹרָה אִין נָאמֶען פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן׳עְן. בִּין אִיךְ צוּ זֵיי צוּגֶעגַאנְגֶען און זֵיי גֶעפְרֶעגְט: וָואס טְהוּט אִיהר דָא? הָאבְּן זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט: מִיר זַיינֶען סְחוֹרָה־פַּארְקוֹיפֶערְס און יֶעדֶע וָואךְ שֵׁיידְן מִיר זִיךְ אָפּ אוֹיף אַ אָרְט וואוּ עֶס זַיינֶען נִישְׁטָא קֵיין מֶענְטְשְׁן, כְּדֵי צוּ לֶערְנֶען אוּמְגֶעשְׁטֶערְט דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה.

דָאס לֶערְנֶען דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אִיז אַזוֹי פַּארְשְׁפְּרֵייט און אַיינְגֶעוָוארְצְלְט גֶעוָוארְן אִין פָּאלְק, בִּיז דֶער דוֹר אִיז פוּהל גֶעוָוארְן מִיט חָכְמַת הַתּוֹרָה. יֶעדֶער איד אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶענוּמֶען אַז עֶר וֵייס דִי תּוֹרָה. אַז תַּלְמִידֵי חֲכָמִים פְלֶעגְן טְרֶעפְן אִין וֶועג אַ אוּנְבַּאקַאנְטְן מֶענְטְשְׁן, און עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז אַ איד, פְלֶעגְן זֵיי אִיהם בַּאלְד זָאגְן: זָאג אוּנְז דִבְרֵי תּוֹרָה! אַזוֹי זִיכֶער זֵיינֶען זֵיי גֶעוֶוען אַז עֶר וֶועט זֵיי קֶענֶען זָאגְן און עֶר וֶועט נִישְׁט פַּארְשֶׁעמְט וֶוערְן. אֲפִילוּ יוּנְגֶע קִינְדֶער פְלֶעגְן זֵיי פְרֶעגְן דִבְרֵי תּוֹרָה, און דִי קִינְדֶער הָאבְּן גֶעוואוּסְט צוּ עֶנְטְפֶערְן. אַזוֹי פוּהל אִיז גֶעוֶוען דֶער דוֹר מִיט חָכְמַת הַתּוֹרָה. רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט וֶועגְן דֶעם גֶעזָאגְט:

— אַזַא דוֹר ווי דֶער הַיינְטִיגֶער דוֹר, וֶועט שׁוֹין נִישְׁט זַיין בִּיז עֶס וֶועט קוּמֶען דֶער מֶלֶךְ הַמָּשִׁיחַ.

## דֶער זוּהן פוּן יוֹחַאי

רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי הָאט פַארְשְׁפְּרָאכְן אַז דִי תּוֹרָה וֶועט קֵיינְמָאל נִישְׁט פַארְגֶעסְן וֶוערְן בַּיי אִידְן, ווִי עֶס שְׁטֵייט אִין פָּסוּק "כִּי לֹא תִשָּׁכַח מִפִּי זַרְעוֹ (שֹׁרֶשׁ קל"ח), אוּן אַזוֹי שְׁטֵייט אִין זוֹהַר, אַז מִיט אָט דֶעם חִבּוּר, דֶער סֵפֶר הַזּוֹהַר, וֶועלְן אִידְן אַרוֹיסְגֵיין פוּן גָלוּת. זָאגְט דֶערוֹיף דֶער צַדִיק רַבִּי נַחְמָן פוּן בְּרֶעסְלַאוו זצ"ל אַז דֶערִיבֶּער הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אַרָאפְּגֶעבְּרַאכְט דֶעם פָּסוּק "כִּי לֹא תִשָּׁכַח מִפִּי זַרְעוֹ" וָואס דִי סוֹפֵי תֵּיבוֹת דֶערְפוּן זַיינֶען "יוֹחַאי", אַז אִין דֶעם פָּסוּק אַלֵיין מְרוּמָז אַז דוּרְךְ יוֹחַאי'ס קִינְדֶער, דָאס מֵיינְט זַיין זוּהן רַבִּי שִׁמְעוֹן וֶועט דִי תּוֹרָה נִישְׁט פַארְגֶעסְן בַּיי דִי אִידְן.

# די גרויסקייט פון רבי שמעון

ווען רבי שמעון איז געזעסן און געלערנט בײ רבי עקיבא׳ן, איז זיין גרויסקייט נאך נישט דערקענט געווארן. ווען ער איז ארויס פון דער מערה וואו ער האט זיך באהאלטן דרייצן יאהר — ווי עס וועט ווייטער דערציילט ווערן — און אנגעהויבן מגלה זיין די סודות התורה, און עס האבן זיך ארום איהם צוזאמען געקליבן די היילגע חבריא, איז זיין גרויסקייט באקאנט געווארן אויף דער וועלט, און אלע גרויסע חכמים פון דעם דור האבן דערהויבן רבי שמעון׳ס לויב ביז צו דער גרעסטער מדרגה וואס א מענטש קען דערגרייכן.

רבי מאיר וואס איז געוועזן א חבר פון רבי שמעון נאך פון דער צייט וואס זיי האבן געלערנט בײ רבי עקיבא, איז געוועזן דער ראש החכמים אין זיין צייט.

אָט דֶער גְרוֹיסֶער רַבִּי מֵאִיר הָאט דֶערְהוֹיבְּן דִי לוֹיב פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן אוּן אִיהם פַארְגְלַייכְט צוּ משֶׁה רַבֵּינוּ. דָאס אִיז גֶעוֶוען דוּרְךְ אַ פַּאל וָואס הָאט אַנְטְפְּלֶעקְט דֶעם כֹּחַ פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן.

רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין לוּד. אִין לוּד אִיז דַאן גֶעוֶוען אַ עֶפִּידֶעמִיֶע רח"ל. זַיינֶען דִי שְׁטָאט מֶענְטְשְׁן גֶעקוּמֶען צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן אוּן אִיהם גֶעפְרֶעגְט: וָואס זָאלְן מִיר טְהוּן?

אִיז רַבִּי שִׁמְעוֹן דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אִין שְׁטָאט אוּן גֶעזֶעהן וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ, אוּן דַאן הָאט עֶר גֶעזָאגְט:

— אִיךְ בִּין גוֹזֵר אַז דִי מַגֵיפָה זָאל אוֹיפְהֶערְן. הָאט עֶר גֶעהֶערְט אַ בַּת־קוֹל פוּן הִימְל, וָואס זָאגְט צוּ דִי מַלְאֲכֵי־מַשְׁחִית:

— גֵייט אַרוֹיס פוּן דַאנֶען, רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז דָא. עֶר הָאט כֹּחַ צוּ מְבַטֵל זַיין דִי גְזֵירוֹת פוּן הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא.

אִין שְׁטָאט אִיז דַאן אוֹיךְ גֶעוֶוען רַבִּי חֲנִינָא הָאט עֶר דָאס דֶערְצֵיילְט פַאר רַבִּי מֵאִיר'ן. הָאט

רַבִּי מֵאִיר גֶעזָאגְט:

— וֶוער קֶען בַּאגְרֵייפְן רַבִּי שִׁמְעוֹן׳ס לוֹיב. אִיז עֶר דֶען נִישְׁט אָנְגֶענוּמֶען בַּיים רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אַזוֹי וִוי מֹשֶׁה רַבֵּינוּ, וָואס פְּלֶעגְט מְבַטֵל זַיין דִי גְזֵירוֹת וָואס הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא הָאט גוֹזֵר גֶעוֶוען אוֹיף דִי אִידְן.

און רַבִּי חִיָיא הָאט גֶעזָאגְט:

— רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז נִישְׁט גְלַייךְ צוּ אַלֶע אַנְדֶערֶע מֶענְטְשְׁן. אַלֶע מֶענְטְשְׁן קֶעגְן רַבִּי שִׁמְעוֹן זַיינֶען אַזוֹי וִוי אַלֶע נְבִיאִים קֶעגְן מֹשֶׁה רַבֵּינוּ.

רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן גַמְלִיאֵל הַנָשִׂיא, דֶער פָּאטֶער פוּן רַבֵּינוּ הַקָדוֹשׁ, הָאט גֶעזָאגְט אוֹיף זִיךְ אַז עֶר אִיז קֶעגְן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, וִוי אַ פוּקְס קֶעגְן אַ לֵייבּ. דָאס אִיז גֶעוֶוען וֶוען רַבֵּינוּ הַקָדוֹשׁ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיין פָּאטֶער מִיט אַ טַעֲנָה אַז רַבִּי אֶלְעָזָר דֶער זוּהן פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, בַּאצִיהט זִיךְ צוּ אִיהם נִישְׁט מִיט דֶעם גֶעהֶערִיגְן כָּבוֹד, און עֶר אִיז שְׁטֶענְדִיג סוֹתֵר זַיינֶע רֵייד. הָאט אִיהם זַיין פָּאטֶער רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— מַיין קִינְד, זָאל דִיר דִי דָאזִיגֶע הַאנְדְלוּנְג פוּן רַבִּי אֶלְעָזָר'ן נִישְׁט זַיין שְׁלֶעכְט אִין דַיינֶע אוֹיגְן. דוּ דַארְפְסְט וִויסְן אַז עֶר אִיז אַ לֵייבּ אַ זוּהן פוּן אַ לֵייבּ, אוּן דוּ בִּיזְט אֶפְשֶׁר אַלֵיין אַ לֵייבּ אָבֶּער אַ זוּהן פוּן אַ פוּקְס.

אַלֶע חֲכָמִים פוּן זַיין דוֹר הָאבְּן דִי גַדְלוּת פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן אַזוֹי הוֹיךְ גֶעשֶׁעצְט, בִּיז זֵיי הָאבְּן נִישְׁט גֶעקֶענְט אוֹיסְדְרִיקְן מִיט וֶוערְטֶער זַיין לוֹיבּ, זַיין גְרוֹיסְקַייט, זַיין הֶערְשַׁאפְט אִין אַלֶע וֶועלְטְן. אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַמְלִיאֵל:

— רַבִּי שִׁמְעוֹן דַארְף נִישְׁט גוֹזֵר זַיין קֵיין תַּעֲנִית אוֹיף דֶער וֶועלְט וֶוען מֶען דַארְף מְבַטֵל זַיין אַ שְׁלֶעכְטֶע גְזֵירָה, אָדֶער וֶוען מֶען דַארְף בֶּעטְן פוּן הִימְל אוֹיף רֶעגְן. עֶר אִיז גוֹזֵר אוּן הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אִיז מְקַיֵים; הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אִיז גוֹזֵר אוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז מְבַטֵל דִי גְזֵירָה.

אִין זוֹהַר הַקָדוֹשׁ וֶוערְט זֵייעֶר פִיהל גֶערֶעדְט וֶועגְן דִי גְרוֹיסְקַייט פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן'ס תּוֹרָה־לֶערְנֶען אוּן דִי אוֹיסֶערְגֶעוֵויינְלִיכֶע ווירְקוּנְג וָואס דָאס הָאט אוֹיף אַלֶע וֶועלְטְן. וֶוען רַבִּי שִׁמְעוֹן

עֶפְּנְט אויף זַיין מויל אָנְצוּפַאנְגֶען לֶערְנֶען תּוֹרָה, הֶערְן זִיךְ צוּ, צוּ זַיין קוֹל אַלֶע הִימְלֶען און אַלֶע מַלְאָכִים, און אַלֶע וָואס זָאגְן שְׁבַח צוּם בּוֹרֵא עוֹלָם וֶוערְן שְׁטִיל. וֶוען רַבִּי שִׁמְעוֹן עֶנְדִיגְט זַיין לֶערְנֶען — וֶוער קֶען הֶערְן און זֶעהן דָאס גֶעזַאנְג און פְרֵייד וָואס צוּשְׁפְּרֵייט זִיךְ אִין אַלֶע וֶועלְטְן, און די גַן־עֵדֶן רֵיחוֹת וָואס גֵייעֶן אַרוֹיף בִּיז צוּם כִּסֵא הַכָּבוֹד, און דָאס אַלְץ אִין זְכוּת פון רַבִּי שִׁמְעוֹן.

רַבִּי שִׁמְעוֹן אַלֵיין הָאט גֶעזָאגְט:

— אִיךְ הָאבּ גֶעזֶען בְּנֵי עֲלִיָּ׳ה (מֶענְטְשְׁן וֶועלְכֶע גֵייעֶן אַרֵיין אִין גַן־עֵדֶן מְקַבֵּל זַיין פְּנֵי הַשְׁכִינָה) און זֵיי זַיינֶען זֵייעֶר וֵוינְצִיג. אוֹיבּ טוֹיזְנְט אַזֶעלְכֶע זַיינֶען דָא אויף דֶער וֶועלְט — בִּין אִיךְ און מַיין זוּהן צְווִישְׁן זֵיי; אוֹיבּ דְרַייסִיג, צְוַואנְצִיג, צֶעהן, אָדֶער פִינְף זַיינֶען פַארַאן אויף דֶער וֶועלְט — בִּין אִיךְ און מַיין זוּהן צְווִישְׁן זֵיי. אוֹיבּ מֶער פון צְוֵויי זַיינֶען נִישְׁטָא אויף דֶער וֶועלְט — זַיינֶען דָאס אִיךְ און מַיין זוּהן. אוֹיבּ אֵיינֶער אִיז דָא — אִיךְ בִּין דָאס!

און נָאךְ הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעזָאגְט:

— אִיךְ קֶען פַּטֶר׳ן דִי גַאנְצֶע וֶועלְט פוּן אִיהר דִין ד. ה. אִין מַיין זְכוּת וֶועט דִי וֶועלְט הָאבְּן אַ קִיוּם, אוּן דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם וֶועט אִיהר נִישְׁט חָרוּב מַאכְן אֲפִילוּ עֶס וֶועט נִישְׁט זַיין קֵיין צַדִיקִים אוֹיף דֶער וֶועלְט. אוּן אוֹיבּ מַיין זוּהן אֶלְעָזָר וֶועט זַיין מִיט מִיר — קֶען עֶס זַיין פוּן דֶעם טָאג וָואס דִי וֶועלְט אִיז בַּאשַׁאפְן בִּיז הַיינְטִיגְן טָאג.

דִי דָאזִיגֶע רֵייד הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעזָאגְט דוּרְךְ אַ פַּאל וָואס רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט גֶעזֶען אַז זַיין זְכוּת אִיז טַאקֶע נוֹיטִיג אִין יֶענֶע מִינוּט צוּ דֶערְהַאלְטְן דִי וֶועלְט.

רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז אַמָאל אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעזֶען אַז אַ פִּנְסְטֶערְנִישׁ הָאט בַּאהֶערְשְׁט דִי וֶועלְט אוּן דִי לִיכְט־קְוָואלְן זַיינֶען פַארְשְׁטָאפְּט. הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר:

— קוּם לָאמִיר זֶעהן וָואס וִויל הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא מַאכְן אוֹיף דֶער וֶועלְט.

זַיינֶען זֵיי גֶעגַאנְגֶען אוּן גֶעטְרָאפְן אַ מַלְאַךְ וָואס הָאט אוֹיסְגֶעזֶען וִוי אַ רִיזִיגֶער הוֹיכֶער בַּארְג אוּן דְרַייסִיג פַייעֶרְדִיגֶע וֶועגֶעלַאךְ גֵייעֶן אַרוֹיס פוּן

זַיין מויל. הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיהם גֶעפְרֶעגְט:

— וָואס ווילְסְטוּ מַאכְן?

הָאט דֶער מַלְאַךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— חָרוּב מַאכְן דִי וֶועלְט, וַוייל עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ נִישְׁט אוֹיף אִיהר קֵיין דְרַייסִיג צַדִיקִים, אוּן דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם הָאט אַזוֹי גוֹזֵר גֶעוֶוען אוֹיף אַבְרָהָם אָבִינוּ אַז נָאר וֶוען צְווִישְׁן זַיינֶע קִינְדֶער וֶועלְן זִיךְ גֶעפִינֶען דְרַייסִיג צַדִיקִים, וֶועלְן זֵיי מִיט זֵייעֶר זְכוּת בַּאשִׁיצְן דִי וֶועלְט זִי זָאל הָאבְּן אַ קִיוּם.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעזָאגְט צוּ אִיהם:

— אִיךְ בֶּעט דִיר גֵיי צוּ הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אוּן זָאג אִיהם: בַּר יוֹחַאי אִיז דָא אוֹיף דֶער וֶועלְט.

אִיז דֶער מַלְאַךְ גֶעגַאנְגֶען צוּ הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אוּן גֶעזָאגְט:

— הַאר פוּן דֶער וֶועלְט, דוּ וַוייסְט דָאךְ וָואס בַּר יוֹחַאי הָאט מִיר גֶעזָאגְט.

הָאט הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא גֶעזָאגְט צוּם מַלְאַךְ:

— גֵיי אוּן מַאךְ חָרוּב דִי וֶועלְט, אוּן לֵייג נִישְׁט קֵיין אַכְט אוֹיף בַּר יוֹחַאי.

וֶוען דֶער מַלְאַךְ אִיז צוּרִיק גֶעקוּמֶען הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אִיהם גֶעזֶעהן אוּן אַזוֹי גֶעזָאגְט:

— אִיךְ ווִיל דִיר שִׁיקְן צוּ הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא, אוּן אוֹיבּ דוּ וֶועסְט נִישְׁט וֶועלְן גֵיין, וֶועל אִיךְ אוֹיף דִיר גוֹזֵר זַיין דוּ זָאלְסְט מֶער נִישְׁט קֶענֶען אַרוֹיף אוֹיפְן הִימְל, אוּן אוֹיבּ דוּ וֶועסְט גֵיין צוּ הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא, זָאלְסְטוּ אַזוֹי זָאגְן: אוֹיבּ עֶס זַיינֶען נִישְׁטָא קֵיין צְוַואנְצִיג — זַיינֶען דָא צֶעהן; אוּן אוֹיבּ עֶס אִיז נִישְׁטָא קֵיין צֶעהן זַיינֶען דָא צְוֵויי; אִיךְ אוּן מַיין זוּהן, אוּן אוֹיבּ קֵיין צְוֵויי זַיינֶען אוֹיךְ נִישְׁטָא — אִיז דָא אֵיינֶער אוּן אִיךְ בִּין דָאס. אוּן אִיךְ זָאג אַז דִי וֶועלְט זָאל נִישְׁט חָרוּב וֶוערְן.

אִיז דַאן אַרוֹיס אַ בַּת קוֹל פוּן הִימְל אוּן גֶעזָאגְט:

— ווַאוֹיל אִיז דַיין חֵלֶק רַבִּי שִׁמְעוֹן, הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אִיז גוֹזֵר אִין הִימְל אוּן דוּ בִּיסְט דָאס מְבַטֵל אוֹיף דֶער עֶרְד. אוֹיף דִיר אִיז גֶעזָאגְט

גֶעוָוארְן: ״רְצוֹן יְרֵאָיו יַעֲשֶׂה״, דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם טְהוּט דֶעם רָצוֹן פוּן דִי צַדִיקִים וָואס הָאבְּן מוֹרָא פַאר אִיהם.

דֶער זְכוּת פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט בַּאשִׁיצְט דֶעם דוֹר, אוּן אִין זַיין צַייט הָאט זִיךְ נִישְׁט בַּאוִויזְן דֶער צֵייכְן פוּן אַ רֶעגְן בּוֹיגְן, וַוייל עֶס אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען נוֹיטִיג. דֶען זַיין זְכוּת הָאט גֶעשִׁיצְט אוּן אִין זַיין צַייט אִיז דִי וֶועלְט נִישְׁט גֶעשְׁטְרָאפְט גֶעוָוארְן מִיט קֵיין שְׁוֶוערֶע דִינִים. וֶוען עֶס אִיז נָאר נִגְזַר גֶעוָוארְן אַ גְזֵירָה הָאט עֶר עֶס מְבַטֵל גֶעוֶוען.

*

אוּן דָאס גְרֶעסְטֶע אִיז וָואס עֶס אִיז אִיהם גֶעגֶעבְּן גֶעוָוארְן דָאס עֶרְלוֹיבֶּענִישׁ צוּ מְגַלֶה זַיין פוּן דִי סוֹדוֹת הַתּוֹרָה. דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה עֶנְטְהַאלְט אוֹיסֶער דֶעם אָפֶענֶעם פְּשַׁט אוֹיךְ זֵייעֶר טִיפֶע סוֹדוֹת, וָואס אִין זֵיי אִיז אַייְנגֶעהִילְט דִי פַארְבָּארְגְנְהַייט פוּן דֶער וֶועלְט בַּאשַׁאפוּנְג, פוּן דֶער צוּקוּנְפְט, אוּן פוּן אַלֶע וֶועלְטְן. רַבִּי שִׁמְעוֹן׳עְן אִיז גֶעגֶעבְּן גֶעוָוארְן דֶער עֶרְלוֹיבֶּענִישׁ צוּ אַנְטְפְּלֶעקְן פוּן דִי דָאזִיגֶע סוֹדוֹת, אוּן אַ נַייעֶ לִיכְט

הָאט פַארְפְלֵייצְט דִי וֶועלְט, וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן דָאס מְגַלֶה צוּ זַיין.

דָאס מְגַלֶה זַיין דִי סוֹדוֹת הַתּוֹרָה, הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן אָנְגֶעפַאנְגֶען, וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיס פוּן דֶער מְעָרָה, וואוּ עֶר אִיז גֶעזֶעסְן דְרַייצְן יָאהר נָאכַאנַאנְד אוּן גֶעלֶערְנְט אָן אוֹיפְהֶער, מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער הֵיילִיגְקַייט, דִי תּוֹרָה אוּן אִיהְרֶע סוֹדוֹת. מִיטְן אַרוֹיסְגֵיין פוּן דֶער מְעָרָה הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן אַ נַייעֶ לִיכְטִיגֶע תְּקוּפָה אִין דֶער תּוֹרָה־וֶועלְט.

אֵיינֶער פוּן דִי חֲכָמִים פוּן יֶענֶער צַייט, רַבִּי רְחוּמָאִי, הָאט גֶעזֶעהן דוּרְךְ רוּחַ הַקוֹדֶש, רַבִּי שִׁמְעוֹן׳ס אַרוֹיסְגֵיין פוּן דֶער מְעָרָה, ווִי אַ גְרוֹיסֶע לִיכְט פַארְשְׁפְּרֵייט זִיךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט.

אוּן אַזוֹי וֶוערְט דֶערְצֵיילְט:

רַבִּי פִּנְחָס בֶּן יָאִיר דֶער שְׁוֶוער פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי, פְלֶעגְט זֵייעֶר אָפְט זַיין בַּיי רְחוּמָאִי׳ן, וָואס אִיז גֶעזֶעסְן אוֹיפְן בְּרֶעג יָם פוּן גֵינוֹסָר. רַבִּי רְחוּמָאִי אִיז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער מֶענְטְשׁ. עֶר אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען זֵייעֶר אַלְט אוּן זַיינֶע אוֹיגְן הָאבְּן שׁוֹין אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ זֶעהן. אֵיינְמָאל זָאגְט עֶר צוּ רַבִּי

פִּנְחָס'ן:

— אוּנְזֶער חָבֵר יוֹחַאי הָאט אַ דִימַאנְט, און אִיךְ קוּק אִין דִי לִיכְט פוּן דֶעם דִימַאנְט און עֶס לַייכְט ווי דִי לִיכְט פוּן דִי זוּן וֶוען זִי וֶוערְט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן אִיהר שֵׁייד. דִי לִיכְט צוּשְׁפְּרֵייט זִיךְ פוּן הִימְל בִּיז צוּ דֶער עֶרְד, און דִי גַאנְצֶע וֶועלְט וֶוערְט פוּל מִיט לִיכְט, בִּיז דֶער בּוֹרֵא עוֹלָם זֶעצְט זִיךְ אוֹיפְן כִּסֵא הַכָּבוֹד. דִי דָאזִיגֶע לִיכְט גֵייט אַרוֹיס אִינְגַאנְצְן פוּן זַיין הוֹיז — וואוֹיל אִיז דַיין חֵלֶק. גֵיי אַרוֹיס מַיין זוּהן, גֵיי אַרוֹיס, און גֵיי נָאךְ דֶעם דָאזִיגְן דִימַאנְט וָואס פַּארְלַייכְט דִי וֶועלְט.

אִיז רַבִּי פִּנְחָס גֶעגַאנְגֶען און זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף אַ שִׁיף, הָאט עֶר גֶעזֶעהן ווִי צְוֵויי פוֹיגְל פְלִיעֶן אִיבֶּערְן יַם. הָאט רַבִּי פִּנְחָס אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן זַיין קוֹל און גֶעזָאגְט צוּ זֵיי:

— פוֹיגְל, פוֹיגְל, הָאט אִיהר גֶעזֶעהן דֶעם פְּלַאץ וואוּ בַּר יוֹחַאי גֶעפִינְט זִיךְ? הָאבְּן זִיךְ דִי פוֹיגְלֶען אַ וַוײלֶע פַּארְהַאלְטְן. הָאט רַבִּי פִּנְחָס גֶעזָאגְט:

— גֵייט און בְּרֵיינְגְט מִיר אַ עֶנְטְפֶער וואוּ

גֶעפִינְט זִיךְ יֶעצְט בַּר יוֹחַאי.

זַיינֶען דִי פוֹיגְלֶען אַוֶועק גֶעפְלוֹיגְן. וֶוען רַבִּי פִּנְחָס הָאט גֶעדַארְפְט אַרוֹיסְשְׁטַייגְן פוּן שִׁיף, הָאט עֶר גֶעזֶעהן אַז דִי פוֹיגְלֶען זַיינֶען אָנְגֶעקוּמֶען. אִין מוֹיל פוּן אֵיינֶע פוּן זֵיי אִיז גֶעוֶוען אַ צֶעטַאלֶע, אוּן אִין אִיהם אִיז גֶעוֶוען גֶעשְׁרִיבְּן אַז רַבִּי שִׁמְעוֹן אוּן זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר זַיינֶען אַרוֹיס פוּן דֶער מְעָרָה.

דָאס גְרוֹיסֶע שְׁטְרַאלְנְדִיגֶע לִיכְט וָואס רַבִּי רְחוּמָאִי הָאט גֶעזֶעהן, דָאס אִיז גֶעוֶוען דִי לִיכְט פוּן דִי סוֹדוֹת הַתּוֹרָה וָואס הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען יֶעצְט פַארְשְׁפְּרֵייטְן אוֹיף דֶער וֶועלְט.

## דִי נְשָׁמָה פוּן מֹשֶׁה רַבֵּינוּ

ל״ג בָּעוֹמֶר אִיז גִימַטְרִיָא מֹשֶׁה (345), וַוייל אִין דֶעם טָאג אִיז נִסְתַּלֵק גֶעוָוארְן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי וֶועמֶענְס שׁוֹרֶשׁ נְשָׁמָה אִיז גֶעוֶוען פוּן מֹשֶׁה רַבֵּינוּ, אוּן דֶערִיבֶּער, אִיז דֶער טָאג אִין וָואךְ וָואס פַאלְט אוֹיס ל״ג בָּעוֹמֶר אִין יֶענֶעם טָאג פַאלְט אוֹיס דֶער פֶערְטֶער טָאג פוּן קוּמֶענְדִיגְן סוּכּוֹת יָאהר וֶועלְכֶע אִיז דִי אוּשְׁפִּיזָא פוּן מֹשֶׁה רַבֵּינוּ.

(שַׁעַר יִשָּׂשְׁכָר, סוּכּוֹת)

# אין דער מְעָרָה

רַבִּי שִׁמְעוֹן איז פיהל יָאהרן פַארְפָאלְגְט געוואָרן פון די רוימער. זיי האָבן אַרויסגעגעבן אויף איהם א טויט אורטייל, און צוליב דעם איז ער אַנטלאָפן און זיך אויסבעהאַלטן אין אַ הייל דרייצן יָאהר. די אורזאך פון דעם איז געווען, ווייל די רוימער האָבן זיך דערוואוסט, אַז רַבִּי שִׁמְעוֹן האָט וועגן זיי זייער אַ שלעכטע מיינונג. עס איז דערגאַנגען צו זיי דאָס וואָס רַבִּי שִׁמְעוֹן האָט געזאָגט אין אַ איינגן צוזאַמענטרעף פון די חֲכָמִים, וואו עס איז בּאַהאַנדלט געוואָרן די פיהרונג פון די רוימער און זייער הערשאַפט.

געשעהן איז דאָס בּיי פָאלגענדן פַאל:

עס זיינען געזעסן רַבִּי יְהוּדָה, רַבִּי יוֹסִי און רַבִּי שִׁמְעוֹן, און נעבן זיי איז אויך געזעסן רַבִּי יְהוּדָה בֶּן גֵרִים (רַבִּי יְהוּדָה אַ זוהן פון גֵרִים). האָט

רַבִּי יְהוּדָה אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ זָאגְן:

— דִי דָאזִיגֶע אוּמָה, דִי רוֹימֶער, טְהוּעֶן אַ סַאךְ שֵׁיינֶע אוּן נוּצְלַאכֶע זַאכְן. זֵיי הָאבְּן אַיינְגֶעפִיהרְט מַארְק פְּלֶעצֶער אִין יֶעדֶער שְׁטָאט, זֵיי הָאבְּן גֶעבּוֹיעֶט בְּרִיקְן, זֵיי הָאבְּן אַיינְגֶערִיכְטֶעט בֶּעדֶער אִין יֶעדְן פְּלַאץ.

רַבִּי יוֹסִי הָאט גֶעשְׁוִויגְן אוּן נִישְׁט רֶעאַגִירְט אוֹיף דִי דָאזִיגֶע אָפְּשַׁאצוּנְג. דַאגֶעגְן רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט אַרוֹיסְגֶעזָאגְט זַיין מֵיינוּנְג. עֶר הָאט גֶעזָאגְט:

— דָאס אַלְץ וָואס זֵיי טְהוּעֶן אִיז נָאר פַאר זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם פַארְגֶענִיגְן אוּן גְלוּסְטִיקַייט. זֵיי הָאבְּן גֶעמַאכְט מַארְק פְּלֶעצֶער כְּדֵי צוּ מַאכְן פַארְגֶענִיגְן פְּלֶעצֶער, זֵיי הָאבְּן גֶעבּוֹיעֶט בֶּעדֶער פַאר זֵייעֶר בַּאקְוֶועמְלִיכְקַייט אוּן גֶענוּס, זֵיי הָאבְּן גֶעבּוֹיעֶט בְּרִיקְן — כְּדֵי צוּ נֶעמֶען אָפְּצָאל פוּן יֶעדְן אֵיינֶעם וָואס פִיהרְט דוּרְךְ דָארְט זַיין סְחוֹרָה.

רַבִּי יְהוּדָה בֶּן גֵרִים הָאט אִין קְרַייזְן פוּן זַיינֶע בַּאקַאנְטֶע אִיבֶּערְגֶעגֶעבְּן דִי מֵיינוּנְג פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן וֶועגְן דִי רוֹימֶער. צְוִוישְׁן זֵיי הָאבְּן זִיךְ אוֹיךְ גֶעפוּנֶען אַזוֹינֶע וָואס הָאבְּן נִישְׁט פַארְשְׁטַאנֶען אַז

די דָאזִיגֶע רֵייד דַארְפְן גֶעהַאלְטְן וֶוערְן אִין שְׁטְרֵיינְגֶער פַארְטְרוֹילִיכְקַייט, אוּן זֵיי הָאבְּן דָאס בַּאקַאנְט גֶעמַאכְט אִין בְּרֵייטֶע קְרַייזְן בִּיז דָאס אִיז דֶערְגַאנְגֶען צוּ דִי רוֹימֶער. הָאבְּן זֵיי אוֹיף דֶעם רֶעאַגִירְט אוֹיפְן שְׁטְרֵיינְגְסְטְן אוֹפָן. זֵיי הָאבְּן דַאן אַרוֹיסְגֶעגֶעבְּן פָאלְגֶענְדְן אוּרְטֵייל:

רַבִּי יְהוּדָה וָואס הָאט גֶעלוֹיבְּט דִי רוֹימֶער, זָאל דֶערְהוֹיבְּן וֶוערְן אוּן בַּיי יֶעדְן צוּזַאמֶענְטְרֶעף פוּן דִי חֲכָמִים, זָאל עֶר זַיין דֶער הוֹיפְּט וָוארְט־זָאגֶער (רֹאשׁ הַמְדַבְּרִים). רַבִּי יוֹסִי וָואס הָאט גֶעשְׁוִויגְן אוּן נִישְׁט אוֹיסְגֶעדְרִיקְט זַיין צוּשְׁטִימוּנְג צוּ רַבִּי יְהוּדָה׳ס לוֹיבּ וֶוערְטֶער, זָאל בַּאשְׁטְרָאפְט וֶוערְן מִיט גָלוּת, אוּן זָאל פַארְטְרִיבְּן וֶוערְן פוּן זַיין שְׁטֶענְדִיגְן וואוֹין פְּלַאץ. רַבִּי שִׁמְעוֹן וָואס הָאט אוֹיסְגֶעדְרִיקְט אַ קְרִיטִיק מֵיינוּנְג וֶועט בַּאשְׁטְרָאפְט וֶוערְן מִיט טוֹיט.

רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט זִיךְ דֶערְוואוּסְט פוּן דֶעם דָאזִיגְן אוּרְטֵייל נָאךְ אֵיידֶער דִי רוֹימֶער הָאבְּן בַּאוִויזְן אִיהם צוּ כַאפְּן אוּן עֶר מִיט זַיין זוּהן אֶלְעָזָר זַיינֶען אַנְטְלָאפְן אוּן זִיךְ אוֹיסְבַּאהַאלְטְן אִין בֵּית־הַמִדְרָשׁ. יֶעדְן טָאג הָאט אִיהם זַיין פְרוֹי

גֶעבְּרַאכְט אַ בְּרוֹיט אוּן אַ טָאפּ וַואסֶער, אוּן זֵיי הָאבְּן דָארְט גֶעזֶעסְן אוּן גֶעלֶערְנְט.

אָבֶער נִישְׁט לַאנְג הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן זִיךְ בַּאהַאלְטְן אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ. דִי רוֹימֶער הָאבְּן שְׁטְרֵיינְג גֶענוּמֶען אִיהם זוּכְן, אוּן עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אַז זֵיי וֶועלְן כַאפְּן זַיין פְרוֹי אוּן אִיהר פַּיינִיגְן, בִּיז זִי וֶועט אוֹיסְזָאגְן זֵייעֶר בַּאהַאלְטֶענִישׁ. דַאן אִיז עֶר מִיט זַיין זוּהן אַנְטְלָאפְן פוּן בֵּית הַמִּדְרָשׁ אוּן זִיךְ אוֹיסְבַּאהַאלְטְן אִין אַ הֵייל, נֶעבְן דֶעם דָארְף פְּקִיעִין. דִי הֵייל אִיז גֶעוֶוען אַ פּוּסְטֶע, אוּן אַ נֵס אִיז זֵיי גֶעשֶׁעהְן, עֶס אִיז דָארְטְן בַּאשַׁאפְן גֶעוָוארְן אַ בָּאקְסֶער־בּוֹים אוּן אַ קְוַואל וַואסֶער. אִין דֶער גַאנְצֶע צַייט וָואס זֵיי זַיינֶען גֶעזֶעסְן אִין דֶער מְעָרָה, הָאבְּן זֵיי זִיךְ גֶעשְׁפַּייזְט מִיט דִי פְרוּכְט פוּן דֶעם בָּאקְסֶער־בּוֹים אוּן גֶעטְרוּנְקֶען דִי וַואסֶער פוּן דֶעם קְוַואל. אוּן פָארְשְׁטֶעלְנְדִיג זִיךְ אַז עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ דָאס זֵיי זָאלְן דַארְפְן גַאנְץ לַאנְג זִיצְן אִין דֶער מְעָרָה, הָאבְּן זֵיי זִיךְ גֶעזָארְגְט וֶועגְן זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער זֵיי זָאלְן נִישְׁט צוּפוּילְט וֶוערְן, דֶערִיבֶּער פְלֶעגְן זֵיי דִי קְלֵיידֶער נִיצְן נָאר אִין דֶער צַייט פוּן דַאוְונֶען, אוּן נָאכְן דַאוְונֶען פְלֶעגְן זֵיי אוֹיסְטְהוּן דִי קְלֵיידֶער אוּן זִיךְ זֶעצְן אִין טִיפְן זַאמְד וָואס הָאט

זיי פּאַרדעקט בּיזן האַלז — און אַזוי האָבּן זיי געלערנט תּוֹרה אַ גאַנצן טאָג.

דאָרטן, אין דער מערה, פלעגט קומען צו זיי אליהו הנביא צוויי מאָל אַ טאָג און געלערנט מיט זיי. אין דער דאָזיגער צייט האָט רבי שמעון דערגרייכט זיינע הויכע מדריגות, און דאָרטן איז איהם נתגלה געוואָרן די סודות התּוֹרה. ווען ער איז אַרויס פון דער מערה, האָט ער זיי געלערנט מיט די הייליגע חבריא, („חבריא" מיינט די תלמידים פון רבי שמעון וועלכע האָבּן בּיי איהם געלערנט די סודות התּוֹרה). ווי עס ווערט דערציילט אין זוהר הקדוש:

— פון דעם טאָג וואָס רבי שמעון איז אַרויס פון דער מערה, איז קיין זאַך נישט געווען פאַרדעקט פון די חבריא. די העכסטע סודות התּוֹרה איז פאַר זיי אויפגעדעקט געוואָרן מיט אַזאַ קלאָרקייט ווי זיי וואָלטן אין דער צייט געגעבן געוואָרן אויפן בּאַרג סיני.

די גאַנצע צייט וואָס רבי שמעון איז געזעסן אין דער מערה, האָט קיינער נישט געוואוסט וואו

עֶר גֶעפִינְט זִיךְ. אֲפִילוּ דִי חֲכָמִים, זַיינֶע חֲבֵרִים אוּן תַּלְמִידִים הָאבְּן אוֹיךְ נִישְׁט גֶעוואוּסְט, אוּן דֶעריבֶּער הָאבְּן זֵיי גֶעהַאט פִיהל צַעַר וָואס מֶען קֶען נִישְׁט פְרֶעגְן רַבִּי שִׁמְעוֹן'עֶן אוּן הֶערְן זַיין מֵיינוּנְג אִין דִי אַלֶע סְפֵיקוֹת וָואס עֶרְוֶועקְן זִיךְ לֶערְנֶענְדִיג אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ.

עֶס הָאט אַמָאל גֶעטְרָאפְן אַז מֶען הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט צוּקוּמֶען צוּ דֶער אוֹיפְקְלֶערוּנְג פוּן דֶער הֲלָכָה נִישְׁט הֶערְנְדִיג רַבִּי שִׁמְעוֹן'ס מֵיינוּנְג, הָאט מֶען זִיךְ דַאן מִיט אִיהם פַארְשְׁטֶענְדִיגְט אוֹיף אַ אִיבֶּערְנַאטִירְלִיכְן וֶועג.

מֶען אִיז אַמָאל גֶעזֶעסְן אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ אוּן דִי חֲכָמִים הָאבְּן עֶרְוֶועקְט אַ פְרַאגֶע אוּן קֵיינֶער הָאט נִישְׁט גֶעוואוּסְט דָאס צוּ פַארְעֶנְטְפֶערְן. הָאט רַבִּי יְהוּדָא בַּר אִילָעִי זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוּן גֶעזָאגְט:

— אַ שָׁאד, אַ שָׁאד וָואס עֶס פֶעלְט אוּנְז דֶער בַּר יוֹחַאי, אוּן קֵיינֶער וֵוייסְט נִישְׁט פוּן אִיהם וואוּ עֶר גֶעפִינְט זִיךְ, אוּן אוֹיבּ אֵיינֶער וֵוייסְט טָאר עֶר אוֹיךְ נִישְׁט אוֹיסְזָאגְן. מֶען דַארְף דָאךְ אָבֶּער פָארְט

וויסן וואס ער זאגט אויף דעם?

האט מען אויפגעשריבן א בריוו און צוגעבונדן צום פיסל פון א טויב און געזאגט צו איהר, זי זאל דאס ברייגען צו רבי שמעון׳ען.

די טויב איז אוועקגעפלויגן און געקומען צו רבי שמעון׳ען אין מערה. רבי שמעון האט גענומען דעם בריוו, עס איבערגעלייענט און צוריק געשיקט דורך דער זעלבער טויב זיין ענטפער.

אזוי זיינען רבי שמעון און זיין זוהן רבי אלעזר געזעסן צוועלף יאהר אין דער מערה. דורך דער צייט איז דער רוימישער קייסער געשטארבן און דער נייער קייסער האט מבטל געווען די געזעצן און אורטיילן פון דעם פריערדיגן קייסער, צווישן זיי אויך דעם אורטייל פון רבי שמעון׳ען. עס האט אבער קיינער נישט געוואוסט וואו רבי שמעון געפינט זיך איהם אנצוזאגן די בשורה אז די גזירה איז בטל געווארן.

איז געקומען אליהו הנביא, זיך געשטעלט ביי דער טהיר פון די מערה און געזאגט:

— וֶוער וֶועט אָנְזָאגְן צוּ בַּר־יוֹחַאי אַז דֶער קֵייסֶער אִיז שׁוֹין טוֹיט, אוּן זַיינֶע גְזֵירוֹת זַיינֶען שׁוֹין בָּטֵל?

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן דָאס גֶעהֶערְט — אוּן עֶר מִיט זַיין זוּהן זַיינֶען אַרוֹיס פוּן דֶער מְעָרָה.

אַרוֹיסְגֵייעֶנְדִיג פוּן דֶער מְעָרָה, הָאט עֶר גֶעזֶעהְן אַז דִי וֶועלְט פוּן וֶועלְכֶע עֶר אִיז גֶעוֶוען אָפְּגֶעשֵׁיידְט צְוֶועלְף יָאהר, פִיהְרְט זִיךְ ווִי גֶעוֵויינְלִיךְ. מֶענְטְשְׁן זֵייעֶן, אַקֶערְן, אוּן טְהוּעֶן אַנְדֶערֶע אַרְבֶּעטְן. הָאט עֶר זִיךְ זֵייעֶר גֶעווּאוּנְדֶערְט: ווִי נַארִישׁ זַיינֶען מֶענְטְשְׁן! מֶען נִיצְט אוֹיס דִי צַייט אוֹיף טְהוּן בַּאדֶערְפֶעניִשְׁן פוּן חַיֵּי שָׁעָה, אוּן מֶען פַארְלָאזְט דֶעם אֵייבִּיגְקַייטְס־לֶעבְּן, וָואס מֶען קֶען זִיךְ עֶרְוֶוערְבְּן דוּרְךְ עוֹסֵק זַיין אִין תּוֹרָה.

אַוואוּ זֵיי הָאבְּן גֶעוָוארְפְן זֵייעֶר בְּלִיק, מִיט פַארְווּאוּנְדֶערוּנְג אוּן פַארְדְרוּס, פַארְוָואס מֶען פַארְלָאזְט דֶעם עֵסֶק הַתּוֹרָה צוּלִיבּ חַיֵּי שָׁעָה, אִיז עֶס בַּאלְד פַארְבְּרֶענְט גֶעוָוארְן. דַאן אִיז אַרוֹיס אַ בַּת קוֹל פוּן הִימְל:

— איר זײנט אַרױס פון אײער הײל כּדי חרוב צו מאַכן מײן װעלט?! גײט צוריק אין אײער הײל.

זײנען זײ צוריק געגאַנגען אין דער מערה און געזעסן דאָרטן נאָך צװעלף מאָנאַטן.

האָט רבּי שמעון דאַן געזאָגט:

— מיר מעגן שױן אַרױסגײן פון דער מערה, װײל דער משפּט פון רשעים אין גהינום איז נישט מער װי צװעלף מאָנאַטן — און אױב מיר זײנען באַשטראָפט געװאָרן פאַרן ערװעקן דעם מדת הדין, זײנען מיר דאָך שױן געזעסן אין דער מערה נײע צװעלף מאָנאַטן.

דאַן האָבן זײ געהערט אַ בּת קול: גײט אַרױס פון אײער הײל — און זײ זײנען אַרױסגעגאַנגען.

פון זיצן אַזאַ לאַנגע צײט אין זאַמד איז די הױט פון זײער קערפּער צושפּאָלטן געװאָרן, און זײער גאַנצער קערפּער איז באַדעקט געװאָרן מיט טיפע װאונדן. זײנען זײ געגאַנגען אין בּית-המרחץ אין טבריה זיך צו הײלן.

רַבִּי פִּנְחָס בֶּן יָאִיר, דֶער שְׁוֶוער פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז דַאן אָנְגֶעקוּמֶען. זֶעהֶענְדִיג רַבִּי שִׁמְעוֹן'ען בַּאדֶעקְט מִיט וואוּנְדֶן הָאט עֶר גֶעוֵויינְט אוּן גֶעזָאגְט צוּ אִיהם:

— וֵויי אִיז מִיר וָואס אִיךְ זֶעה דִיר אַזוֹי.

אוֹיף דֶעם הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— גְלִיקְלִיךְ דַארְפְסְטוּ זִיךְ פִיהלֶן, וָואס דוּ זֶעסְט מִיר אִין אַזַא צוּשְׁטַאנְד, וַוייל וֶוען דוּ וָואלְסְט מִיר נִישְׁט גֶעזֶעהן אִין אַזַא צוּשְׁטַאנְד, וָואלְסְטוּ גֶעוִויס נִישְׁט גֶעפוּנֶען אִין מִיר דָאס וָואס דוּ גֶעפִינְסְט אִין מִיר הַיינְט.

דִי חַזַ"ל דֶערְצֵיילְן אוּנְז, אַז פְרִיעֶר, אֵיידֶער רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז גֶעזֶעסְן אִין דִי מְעָרָה פְלֶעגְט רַבִּי פִּנְחָס בֶּן יָאִיר פַארְעֶנְטְפֶערְן אַלֶע קוּשְׁיוֹת פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן, אוּן אוֹיף יֶעדְן קוּשְׁיָא, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צְוֶועלְף תִּירוּצִים. נָאכְן אַרוֹיסְגֵיין פוּן דֶער מְעָרָה, אִיז גֶעוָוארְן פַארְקֶערְט: רַבִּי שִׁמְעוֹן פְלֶעגְט פַארְעֶנְטְפֶערְן דָאס וָואס רַבִּי פִּנְחָס הָאט גֶעפְרֶעגְט, אוּן אוֹיף יֶעדְן קוּשְׁיָא הָאט עֶר גֶעזָאגְט פִיר אוּן צְוַואנְצִיג תֵּירוּצִים.

# די חַבְרַיָא פון רַבִּי שִׁמְעוֹן

וֶועןרַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז אַרוֹיס פוּן דֶער מְעָרָה, הָאבְּן צוּ אִיהם גֶענוּמֶען שְׁטְרָאמֶען תַּלְמִידִים פוּן נָאהנְט אוּן וַוייט. אָבֶּער נִישְׁט אַלֶע הָאבְּן גֶעקֶענְט זוֹכֶה זַיין צוּ הֶערְן תּוֹרָה פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן׳ס מוֹיל, וַוייל רַבִּי שִׁמְעוֹן׳ס תּוֹרָה אִיז יֶעצְט פוּל גֶעוֶוען מִיט אַנְטְפְּלֶעקוּנְגֶען פוּן דִי טִיפֶע סוֹדוֹת הַתּוֹרָה, וָואס זַיינֶען גֶעגֶעבְּן גֶעוָוארְן צוּ מֹשֶׁה רַבֵּינוּ אוֹיפְן בַּארְג סִינַי, אוּן מֹשֶׁה רַבֵּינוּ הָאט זֵיי אִיבֶּערְגֶעגֶעבְּן בְּסוֹד צוּ יְהוֹשֻׁעַ אוּן דִי זִקְנֵי הַדוֹר. אוּן אַזוֹי זַיינֶען זֵיי גֶעגַאנְגֶען בְּקַבָּלָה פוּן אֵיין דוֹר צוּם צְוֵוייטְן, דוּרְךְ דִי אֵיינְצִיגֶע פוּן דוֹר וָואס זַיינֶען אוֹיסְגֶעוֵויילְט גֶעוָוארְן צוּ דֶעם, וַוייל זֵיי זַיינֶען גֶעפוּנֶען גֶעוָוארְן דֶערְהוֹיבְּן צוּ פֶערְשְׁטֵיין דִי סוֹדוֹת הַתּוֹרָה אוּן צוּ זֵיי בַּאהַאלְטְן אַז זֵיי זָאלְן נִישְׁט דֶערְגְרֵייכְן צוּ דִי אוֹיעֶרְן פוּן אַזֶעלְכֶע וָואס זַיינֶען נָאךְ נִישְׁט וֶוערְד זֵיי צוּ פַארְשְׁטֵיין.

דִי חֲכָמִים פוּן אַלֶע דוֹרוֹת הָאבְּן זִיךְ זֵייעֶר גֶעהִיט נִישְׁט אוֹיסְצוּזָאגְן דִי סוֹדוֹת הַתּוֹרָה וָואס זֵיי הָאבְּן מְקַבֵּל גֶעוֶוען פוּן זֵייעֶרֶע רֶבִּיִים, וַוייל זֵיי הָאבְּן זֵייעֶר מוֹרָא גֶעהַאט, עֶס זָאלְן דָאס נִישְׁט הֶערְן אַזֶעלְכֶע וָואס זַיינֶען נִישְׁט גֶענוּג גְרוֹיס צוּ פַארְשְׁטֵיין זֵייעֶר אֱמֶתֶע כַּוָונָה, אוּן זֵיי וֶועלְן זִיךְ טוֹעֶה זַיין, אוּן פוּן אַ טָעוּת אִין דֶעם קֶען אַרוֹיסְקוּמֶען דִי גְרֶעסְטֶע קִלְקוּלִים ח"ו.

רַבִּי שִׁמְעוֹן אַלֵיין וָואס הָאט זִיךְ עוֹסֵק גֶעוֶוען בִּקְבִיעוּת מִיט זַיין חַבְרַיָא אִין דִי סוֹדוֹת הַתּוֹרָה, הָאט אוֹיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעוָוארְנְט, אוּן אָנְגֶעזָאגְט פַאר זַיינֶע תַּלְמִידִים, זֵיי זָאלְן זִיךְ הִיטְן אוּן נִישְׁט אוֹיסְזָאגְן דִי סוֹדוֹת הַתּוֹרָה, נָאר צוּ אַזֶעלְכֶע וָואס זַיינֶען גֶעוִויס רָאוּי דָאס צוּ וִויסְן, אוּן זֵיי וֶועלְן נִישְׁט הָאבְּן קֵיין טָעוּת.

וְויבַּאלְד רַבִּי שִׁמְעוֹן'ס תּוֹרָה לֶערְנֶען הָאט פַארְמָאגְט אִין זִיךְ אַ גְרוֹיסְן טֵייל פוּן דִי סוֹדוֹת הַתּוֹרָה, וָואס עֶר הָאט זֵיי אוֹיסְגֶעזָאגְט, דֶערִיבֶּער הָאבְּן נִישְׁט אַלֶע וָואס הָאבְּן גֶעוָואלְט לֶערְנֶען פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן, גֶעקֶענְט צוּקוּמֶען צוּ אִיהם. פוּן דִי פִיהל תַּלְמִידִים וָואס הָאבְּן גֶעוָואלְט לֶערְנֶען פוּן

איהם תּוֹרָה, הָאבְּן נָאר אַכְט זוֹכֶה גֶעוֶועְן, דָאס זַיינֶען גֶעוֶועְן: רַבִּי אַבָּא, רַבִּי יְהוּדָא, רַבִּי יוֹסִי בַּר יַעֲקֹב, רַבִּי יִצְחָק, רַבִּי יְחִזְקִיָּה בַּר רַב, רַבִּי חִיָּיא, רַבִּי יוֹסִי, רַבִּי יֵיסָא, אוּן צוּזַאמֶען מִיט רַבִּי שִׁמְעוֹן אוּן זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר, זַיינֶען זֵיי גֶעוֶועְן צֶעהְן.

אַרַיינְגֶענוּמֶען וֶוערְן אִין רַבִּי שִׁמְעוֹן'ס חַבְרַיָּא אוּן הֶערְן כְּסֵדֶר תּוֹרָה פוּן זַיין מוֹיל — דָאס אִיז גֶעוֶועְן דִי שְׁטְרֶעבּוּנְג פוּן אַ סַאךְ חֲכָמִים אִין יֶענֶע צַייט, אָבֶּער ווִי גֶעזָאגְט, הָאבְּן נָאר אֵיינְצִיגֶע גֶעצֵיילְטֶע זוֹכֶה גֶעוֶועְן צוּ דֶעם. אוּן אֲפִילוּ דִי אֵיינְצִיגֶע וָואס זַיינֶען גֶעפוּנֶען גֶעוָוארְן גֶענוּג דֶערְהוֹיבְּן צוּ פַארְשְׁטֵיין רַבִּי שִׁמְעוֹן'ס תּוֹרָה, אוּן זִיךְ מִתְדַבֵּק זַיין צוּ אִיהם, הָאבְּן דָאס דֶערְגְרֵייכְט עֶרְשְׁט נָאךְ גְרוֹיסֶע שְׁוֶועריקַייטְן.

אִין זוֹהַר הַקָּדוֹשׁ וֶוערְט דֶערְצֵיילְט ווִי אַזוֹי רַבִּי חִיָּיא רַבָּא (דֶער גְרוֹיסֶער רַבִּי חִיָּיא) אִיז אַרַיינְגֶענוּמֶען גֶעוָוארְן אִין דֶער הֵיילִיגֶער חַבְרַיָּא:

— רַבִּי חִיָּיא רַבָּא אִיז גֶעגַאנְגֶען לֶערְנֶען תּוֹרָה בַּיי דִי חַכְמֵי הַמִּשְׁנָה. אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי. הָאט עֶר גֶעזֶעהְן ווִי אַ

פַייעֶרְדִיגֶער פָּארְהַאנְג אִיז אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אִין זַיין הוֹיז. הָאט רַבִּי חִיָיא זִיךְ אַ וַוייל פַארְטְרַאכְט אוּן בַּאשְׁלָאסְן נִישְׁט פְּרוּבְן אַרַיינְגֵיין. עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ: אִיךְ וֶועל שְׁטֵיין דָא אִין דְרוֹיסְן, אוּן הֶערְן דִי תּוֹרָה־רֵייד וָואס גֵייעֶן אַרוֹיס פוּן זַיין מוֹיל.

הֶערְנְדִיג פוּן דְרוֹיסְן דִי רֵייד פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט זִיךְ אִין אִיהם דֶערְוֶועקְט אַ שְׁטַארְקֶער ווִילְן צוּ זַיין אִינֶעווֵיינִיג, אוּן עֶר הָאט גֶעוֵויינְט, פַארְוָואס עֶר דַארְף זִיצְן אִין דְרוֹיסְן.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן דֶערְהֶערְט דִי וֵויינֶענְדִיגֶע שְׁטִים, אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט:

— וֶוער ווִיל דוּרְכְגֵיין דֶעם פָּארְהַאנְג פוּן פַייעֶר אִיהם אַרַיינְצוּבְּרֵיינְגֶען.

הָאט גֶעזָאגְט זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר:

— אִיךְ וֶועל זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ זַיין אוּן אַרַיינְבְּרֵיינְגֶען אִיהם אִינֶעוֵוייגִיג.

הָאט עֶר דֶערְהֶערְט אַ בַּת קוֹל:

— דֶער אִיז נָאךְ נִישְׁט פוּן דִי גְרוֹיסֶע — אִיז

רַבִּי אֶלְעָזָר נִישְׁט אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אִיהם אַרײַנְבְּרֵיינְגֶען.

הָאט רַבִּי חִיָּיא גֶעוֵויינְט אוּן שְׁטַארְק גֶעקְרֶעכְצֶעט פוּן גְרוֹיס צַעַר, אוּן דוּרְךְ דֶעם הָאט זִיךְ גֶעעֶפְנְט דֶער פַײעֶר־פָּארְהַאנְג, אָבֶּער רַבִּי חִיָּיא אִיז נִישְׁט אַרײַן.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן דִי אוֹיגְן אוּן גֶעזָאגְט:

— דָאס צוּעֶפֶענֶען זִיךְ פוּן פַײעֶר פָּארְהַאנְג אִיז אַ בַּאוַוייז אַז עֶס אִיז גֶעגֶעבְּן גֶעוָוארְן עֶרְלוֹיבֶּענִיש צוּ דֶעם וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אִין דְרוֹיסְן, עֶר זָאל אַרײַנְגֵיין אִינְוֵוייניג — דַאן אִיז רַבִּי חִיָּיא אַרײַנְגֶעגַאנְגֶען.

דִי חַבְרַיָּא הָאבְּן זִיךְ מִתְדַבֵּק גֶעוֶועזְן צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן׳עָן, אוּן נִישְׁט אָפְּגֶעטְרָאטְן פוּן אִיהם. אוּן נִישְׁט נָאר וֶוען עֶר אִיז גֶעזֶעסְן בַּיי זִיךְ אִין בֵּית־הַמִדְרָשׁ אוּן גֶעלֶערְנְט תּוֹרָה, נָאר אֲפִילוּ וֶוען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין וֶועג, אָדֶער וֶוען עֶר פְלֶעגְט אַוֶועקְגֵיין אוֹיף אַ צַייט אִין מִדְבָּר זִיךְ מִתְבּוֹדֵד צוּ זַיין, פְלֶעגְן זַיינֶע תַּלְמִידִים, דִי הֵיילִיגֶע חַבְרַיָּא

אִיהם נָאכְגֵיין.

רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז אַמָאל גֶעגַאנְגֶען אִין מִדְבָּר, אוּן דִי הֵיילִיגֶע חַבְרַיָא זַיינֶען מִיטְגֶעגַאנְגֶען. הָאט רַבִּי אַבָּא גֶעזָאגְט צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן׳ען דֶעם פָּסוּק: ״צָמְאָה לְךָ נַפְשִׁי כָּמַהּ לְךָ בְשָׂרִי״, עֶס אִיז דָארְשְׁטִיג נָאךְ דִיר מַיין נֶפֶשׁ, מַיין לַייבּ גַארְט צוּ דִיר, אַזוֹי ווִי אַ מֶענְטְשׁ אִיז הוּנְגֶערִיג צוּ עֶסְן אוּן צוּ טְרִינְקֶען, אַזוֹי זַיינֶען מִיר הוּנְגֶערִיג צוּם הַאר.

זֵייעֶר הִתְדַבְּקוּת אִין רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי גְרוֹיס בִּיז זֵיי הָאבְּן זִיךְ גֶעווָאוּנְדֶערְט וָואס עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ חֲכָמִים, וֶועלְכֶע הָאבְּן זִיךְ נִישְׁט בַּאהֶעפְט צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן׳ען. אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט רַבִּי יוֹסִי:

— אִיךְ ווָאוּנְדֶער זִיךְ אוֹיף דִי חֲכָמִים וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ אִין דֶעם דוֹר, ווִי קֶענֶען זֵיי אָפְּלָאזְן רַבִּי שִׁמְעוֹנ׳ען אֲפִילוּ אֵיין מִינוּט נִישְׁט צוּ שְׁטֵיין פַאר אִיהם אוּן לֶערְנֶען תּוֹרָה פוּן אִיהם כָּל זְמַן עֶר גֶעפִינְט זִיךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט.

וְוִי גְרוֹיס עֶס אִיז גֶעוֶוען דִי דְבֵיקוּת פוּן דִי חַבְרַיָא צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן, אַזוֹי גְרוֹיס אִיז גֶעוֶוען דִי

אַהֲבָה פון רַבִּי שִׁמְעוֹן צו זֵיי. די אַלֶע סודות הַתּוֹרָה הָאט עֶר זֵיי אַנְטפְּלֶעקְט. טְרָאץ דֶעם וָואס עֶס אִיז גֶעוֶועזְן זֵייעֶר שְׁוֶוער, און רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט גֶעצְוֵוייפְלְט צום אָנְפַאנְג, צו עֶר מֶעג דָאס אוֹיסְזָאגְן. אָבֶער נָאר צוּלִיבּ די גְרוֹיסֶע לִיבֶּע וָואס עֶר הָאט לִיבּ גֶעהַאט די הֵיילִיגֶע חַבְרַיָא הָאט עֶר דָאס גֶעטְהוּן.

## מִבְּשָׂרִי אֶחֱזֶה

דֶער קַארְלִינֶער רֶבִּי, דֶער בֵּית אַהֲרֹן זצ״ל הָאט גֶעזָאגְט, אוֹיפְן פָּסוּק ״מִבְּשָׂרִי אֶחֱזֶה אֱלוֹקַ״, דָאס דֶער וָוארְט ״מִבְּשָׂרִי״ אִיז די רָאשֵׁי תֵּיבוֹת ״מִתּוֹרַת רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי״.

## פון בָּאקְסֶער בּוֹים אַ — טֵייטְלְבּוֹים

עֶס אִיז מְקוּבָּל פון אַלְטֶע לַייט, אִישׁ מִפִּי אִישׁ, בִּיז רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, אַז דֶער בָּאקְסֶער בּוֹים וָואס הָאט גֶעוָואקְסְן אִין דֶער מְעָרָה, פְלֶעגְט יֶעדְן שַׁבָּת וֶוערְן אוֹיף אַ טֵייטְלְבּוֹים.
(מִדְרָשׁ תַּלְפִּיּוֹת אוֹת ח׳ עֶרֶךְ חָרוּב)

# נִיסִים אוֹיף נִיסִים

רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז גֶעוואוֹינְט אִין נִיסִים ("מְלוּמָד בְּנִיסִים") הָאבְּן גֶעזָאגְט דִי חֲכָמִים. וַוייל זֵייעֶר פִיהל נִסִים זַיינֶען מִיט אִיהם גֶעטְהוּן גֶעוָוארְן. אַ טֵייל פוּן דִי נִסִים וֶוערְן דֶערְצֵיילְט אִין דִי גְמָרָא אוּן אִין זוֹהַר.

עֶס אִיז שׁוֹין דָא דֶערְמַאנְט גֶעוָוארְן וָואס עֶס אִיז בַּאשַׁאפְן גֶעוָוארְן אַ טֵייטְל-בּוֹים, אוּן עֶס אִיז גֶעעֶפְנְט גֶעוָוארְן אַ קְוַואל מִיט וַואסֶער, אִין דֶער מְעָרָה, וָואס עֶר אוּן זַיין זוּהן הָאבְּן זִיךְ בַּאהַאלְטְן אַנְטְלוֹיפְנְדִיג פוּן דִי רוֹימֶער. וֶועגְן אַ עֶנְלִיכְן נֵס וֶוערְט דֶערְצֵיילְט אִין זוֹהַר הַקָדוֹשׁ:

רַבִּי פִּנְחָס בֶּן יָאִיר אִיז אַמָאל גֶעגַאנְגֶען בַּאזוּכְן זַיין טָאכְטֶער, דִי פְרוֹי פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן, וֶועלְכֶע אִיז גֶעוֶועזְן קְרַאנְק. מִיט אִיהם זַיינֶען דַאן מִיטְגֶעגַאנְגֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים אוּן עֶר הָאט גֶערִיטְן

## אויף אַ אייזל.

גייענדיג אויפן וועג האט ער אָנגעטראָפן צוויי ישמעאלים. האט ער זיי געפרעגט: אין דעם דאזיגן פעלד הערט זיך אַ בת קול, דאס איז שוין פון אַ לאנגע צייט?

האבן די ישמעאלים איהם געענטפערט:

— פון אַלטע צייטן ווייסן מיר נישט, אָבער פון אונזערע טעג ווייסן מיר יא, אַז עס האט זיך פלוצלונג געהערט אַ קול און דורכדעם זיינען אידן געראַטעוועט געוואָרן פון די הענט פון רויבער.

די מעשה איז אַזוי געווען: אין אַ געוויסן טאָג האבן זיך דאָ געפונען רויבער וואָס פלעגן בארויבן אַלע דורכגייער. האבן זיי אָנגעטראָפן אידן און זיי געוואַלט בארויבן. פלוצלונג האט זיך געהערט אין פעלד ווי אַ געשריי פון אַ אייזל, וואָס האט געשריגן צוויי מאָל. אַ פלאַם פייער איז ערשיינען און פאַרברענט די רויבער — און די אידן זיינען געראַטעוועט געוואָרן.

ווען רבי פנחס בן יאיר האט דאס געהערט

הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ דִי יִשְׁמְעֵאלִים:

— ווִיבַּאלְד אִיהר הָאט מִיר דָאס דֶערְצֵיילְט, זָאלְט אִיהר דֶעם טָאג גֶערַאטֶעוֶועט וֶוערְן פוּן רוֹיבֶּער, וָואס וַוארְטְן אוֹיף אַייךְ אִין וֶועג.

רַבִּי פִּנְחָס הָאט דַאן גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים מִיט אַ גֶעוֵויין:

— דֶער הַאר פוּן דִי וֶועלְט הָאט גֶעטְהוּן דֶעם נֵס צוּלִיבּ מִיר, אוּן אִיךְ הָאבּ גָארְנִישְׁט גֶעוואוּסְט. אַזוֹי שְׁטֵייט אִין פָּסוּק ״לְעוֹשֵׂה נִפְלָאוֹת גְדוֹלוֹת לְבַדּוֹ״ (תְּהִלִּים קל״ו). ווִיפְל טוֹבוֹת טְהוּט הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא מִיט מֶענְטְשְׁן, ווִיפְל נִסִים מַאכְט עֶר פַאר זֵיי — אוּן קֵיינֶער וֵוייסְט נִישְׁט פוּן דֶעם נָאר הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אַלֵיין. אַ מֶענְטְשׁ שְׁטֵייט אוֹיף אִין דֶער פְרִיה אוּן אַ שְׁלַאנְג גֵייט אִיהם אַנְטְקֶעגְן צוּ טוֹיטְן, אוּן דֶער מֶענְטְשׁ נִישְׁט הָאבְּנְדִיג קֵיין אַהנוּנְג פוּן קֵיין זַאךְ, שְׁטֶעלְט אַרוֹיף זַיין פוּס אוֹיפְן שְׁלַאנְג אוּן טוֹיט אִיהם אוּן קֵיינֶער, אוֹיסֶער הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא, וֵוייסְט נִישְׁט פוּן דֶעם גְרוֹיסְן נֵס וָואס דָא אִיז גֶעשֶׁעהן. אָדֶער אַ מֶענְטְשׁ גֵייט אוֹיפְן וֶועג אוּן רוֹיבֶּער וַוארְטְן אוֹיף אִיהם, צוּ טוֹיטְן אוּן צוּ

בַּארוֹיבְּן זַיין פַארְמֶעגְן, קוּמְט אוּנְטֶער אַ צְוֵוייטֶער און דִי רוֹיבֶּער כַאפְּן אִיהם און דֶער עֶרְשְׁטֶער ווערְט גֶערַאטֶעוֶועט. וֶוער וֵוייסְט פוּן דֶעם? קֵיינֶער נִישְׁט אוֹיסֶער הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא. דֶערִיבֶּער זָאגְט דֶער פָּסוּק: ״לְעוֹשֵׂה נִפְלָאוֹת גְדוֹלוֹת לְבַדוֹ״, דָאס מֵיינְט, הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא טְהוּט גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶער און קֵיינֶער אוֹיסֶער אִיהם וֵוייסְט נִישְׁט פוּן זֵיי.

נַאכֶער הָאט רַבִּי פִּנְחָס גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים:

— דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעפְרֶעגְט דִי יִשְׁמָעאֵלִים צוּ זֵיי הָאבְּן גֶעהֶערְט אַ קוֹל אִין דֶעם פֶעלְד, הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט צוּ זֵיי הָאבְּן גֶעהֶערְט אַ קוֹל פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן און זַיין חַבְרַיָא ווִי זֵיי לֶערְנֶען תּוֹרָה. רַבִּי שִׁמְעוֹן מִיט זַיין חַבְרַיָא זַיינֶען אַוֶועק אִין פֶעלְד לֶערְנֶען תּוֹרָה, און מִיר וֵוייסְן נִישְׁט וואוּ זֵיי זַיינֶען. דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ גֶעפְרֶעגְט דִי יִשְׁמָעאֵלִים וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ שְׁטֶענְדִיג אוֹיפְן פֶעלְד, צוּ זֵיי הָאבְּן נִישְׁט גֶעהֶערְט דָא דֶעם קוֹל, וַוייל דֶער קוֹל פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן וֶוען עֶר לֶערְנְט תּוֹרָה טְרֵייסְלְט אוֹיף פֶעלְזְן און בֶּערְג. אִיךְ הָאבּ

גֶעמֵיינְט אַז זֵיי הָאבְּן גֶעהֶערְט אָט דֶעם קוֹל, אוּן דוּרְךְ זֵיי וֶועלְן מִיר ווִיסְן וואו רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעפִינְט זִיךְ.

וֶוען דִי יִשְׁמְעאֵלִים הָאבְּן גֶענוּמֶען אַוֶועקְגֵיין, הָאבְּן זֵיי זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרֵייט אוּן הָאבְּן גֶעזָאגְט צוּ רַבִּי פִּנְחָס'ן:

— אַלְטֶער מַאן. דוּ הָאסְט אוּנְז גֶעפְרֶעגְט וֶועגְן אַלְטֶע צַייטְן, אוּן הָאסְט אוּנְז נִישְׁט גֶעפְרֶעגְט וֶועגְן זַאכְן וָואס מִיר הָאבְּן גֶעזֶעהְן הַיינְט. מִיר הָאבְּן הַיינְט גֶעזֶעהְן וואוּנְדֶער אִיבֶּער וואוּנְדֶער. מִיר הָאבְּן גֶעזֶעהְן פִינְף מֶענְטְשְׁן זַיינֶען גֶעזֶעסְן צוּזַאמֶען, אוּן מִיט זֵיי אִיז גֶעוֶוען אֵיינֶער אַ אַלְטֶער מַאן. אַ סַאךְ פוֹיגְל זַיינֶען דָארְטְן גֶעוֶוען צוּזַאמֶענְגֶעזַאמְלְט אוּן זֵיי הָאבְּן פַארְשְׁפְּרֵייט דִי פְלִיגְל כְּדֵי צוּ מַאכְן אַ שָׁאטְן אִיבֶּער זֵייעֶר קָאפּ. וֶוען דִי פוֹיגְל הָאבְּן גֶעדַארְפְט אַוֶועקְגֵיין, זַיינֶען גֶעקוּמֶען אַנְדֶערֶע פוֹיגְל, אוּן דֶער שָׁאטְן אִיז גֶעוֶוען דִי גַאנְצֶע צַייט אִיבֶּער זֵייעֶרֶע קֶעפּ.

וֶוען רַבִּי פִּנְחָס הָאט דָאס גֶעהֶערְט הָאט עֶר גֶעזָאגְט:

— וועגן דעם האב איך דאך אייך געפרעגט און דאס האב איך געוואלט וויסן.

האבן די תלמידים געפרעגט רבי פנחס'ן:

— פון וואנען וועלן מיר וויסן דעם ארט וואו רבי שמעון געפינט זיך יעצט?

האט ער זיי געזאגט:

— מיין אייזל וועט שוין פיהרן צום ריכטיגן פלאץ.

איז דער אייזל אראפ פון וועג און איז אוועק אין א זייטיגן וועג. נאכדעם וואס ער איז אפגעגאנגען צוויי מייל, האט ער זיך אפגעשטעלט און דריי מאל געשריגן. איז רבי פנחס אראפ פון אייזל און געזאגט:

— לאמיר זיך גרייטן מקבל פנים זיין רבי שמעון'ען:

ווען רבי שמעון האט דערהערט דעם געשריי פון דעם אייזל, האט ער געזאגט צו די חבריא:

— לאמיר זיך אויפשטעלן צו מקבל זיין רבי

פִּנְחָס'ן. אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דָאס גֶעשְׁרֵיי פוּן דָאס אֵייזְל פוּן דֶעם סָבָא חֲסִידָא.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט און אוֹיךְ דִי חַבְרַיָא הָאבְּן זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט.

וֶוען רַבִּי פִּנְחָס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען הָאבְּן זֵיי זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּזַאמֶען. דֶערְוַוייל הָאבְּן דִי פוֹיגְל וָואס הָאבְּן פְרִיעֶר גֶעמַאכְט דֶעם שָׁאטְן אוֹיף רַבִּי שִׁמְעוֹן מִיט זַיין חַבְרַיָא, זִיךְ גֶענוּמֶען פוּנַאנְדֶערְשְׁפְּרֵייטְן.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעזָאגְט צוּ זֵיי מִיט אַ הוֹיכֶע שְׁטִים:

— פוֹיגְל פוּן הִימְל! פַארְוָואס גִיט אִיהר נִישְׁט אַכְטוּנְג אוֹיפְן כָּבוֹד פוּן אַייעֶר הַאר וָואס גֶעפִינְט זִיךְ דָא?

זַיינֶען אַלֶע פוֹיגְל גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֵיין אוֹיפְן פְּלַאץ, נִישְׁט אַוֶועקְגֶעלָאפְן און נִישְׁט דֶערְנֶענְטֶערְט זִיךְ צוּרִיק צוּ מַאכְן דֶעם שָׁאטְן אוֹיף רַבִּי שִׁמְעוֹן'ען.

הָאט רַבִּי פִּנְחָס גֶעזָאגְט צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן'ען:

— זָאג זֵיי, זֵיי זָאלְן גֵיין צוּ זֵייעֶר וֶועג.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעזָאגְט:

— אִיךְ וֵוייס אַז הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא וִויל אוּנְז טְהוּן אַ נֵס. גֵייט פוֹיגֶל צוּ אַייעֶר וֶועג! — הָאבְּן זִיךְ דִי פוֹיגְל צוּשְׁפְּרֵייט אוּן אַוֶועקְגֶעלָאפְן.

פְּלוּצְלוּנְג זַיינֶען עֶרְשַׁיינֶען פַאר זֵייעֶרֶע אוֹיגְן דְרַיי גְרוֹיסֶע בּוֹימֶער אוּן זֵייעֶרֶע צְוַוייגְן הָאבְּן זִיךְ צוּשְׁפְּרֵייט אִין דְרַיי זַייטְן, אוּן אוּנְטֶער דִי בּוֹימֶער הָאט גֶענוּמֶען שְׁטְרָאמֶען אַ פְלִיסְנְדִיגֶער קְוַואל. הָאבְּן זִיךְ אַלֶע גֶעפְרֵייט מִיט דֶעם, אוּן רַבִּי פִּנְחָס הָאט גֶעזָאגְט:

— דִי פוֹיגְל וָואס זַיינֶען דָא פְרִיעֶר גֶעשְׁטַאנֶען צוּ מַאכְן אַ שָׁאטְן, הָאבְּן דֶערְבַּיי גֶעהַאט גְרוֹיס מִיה אוּן אִיךְ ווִיל נִישְׁט דִי טִרְחָה אֲפִילוּ פוּן פוֹיגְל. אִין פָּסוּק שְׁטֵייט דָאךְ: "וְרַחֲמָיו עַל כָּל מַעֲשָׂיו" (דִי רַחֲמִים פוּן בּוֹרֵא עוֹלָם זַיינֶען אוֹיף אַלֶע זַיינֶע בַּאשֶׁעפֶענִישְׁן).

אוֹיף דֶעם הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— אִיךְ הָאב זֵיי נִישְׁט בַּאמִיהט, אָבֶער אוֹיב

דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם הָאט אוֹיף אוּנְז רַחֲמָנוּת גֶעהַאט און גֶעשִׁיקְט דִי פוֹיגְל צוּ שִׁיצְן אִיבֶּער אוּנְז פוּן דִי זוּהן — קֶענֶען מִיר נִישְׁט אָפְּוַוארְפְן דִי מַתָּנָה.

זַיינֶען זֵיי גֶעזֶעסְן אוּנְטֶער דִי בּוֹימֶער און גֶעטְרוּנְקֶען פוּן דִי וַואסֶער פוּן דֶעם קְוַואל וָואס אוּנְטֶער זֵיי. רַבִּי פִּנְחָס הָאט גֶעזָאגְט דִבְרֵי תּוֹרָה, און נַאכֶער הָאט עֶר אַזוֹי גֶעזָאגְט:

— זֶעהט דִי מַעֲשִׂים פוּן הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא, דִי בּוֹימֶער מִיט דֶעם קְוַואל וֶועלְן דָא שׁוֹין בְּלַייבְּן אוֹיף שְׁטֶענְדִיג.

און ווירְקְלִיךְ זַיינֶען נָאךְ בִּיז הַיינְטִיגְן טָאג פַארְהַאן אוֹיף דֶעם פְּלַאץ דְרַיי בּוֹימֶער מִיטְן קְוַואל וַואסֶער, און מֶענְטְשְׁן רוּפְן דָאס דִי פְלַאנְצוּנְגֶען פוּן רַבִּי פִּנְחָס בֶּן יָאִיר.

# די הִסְתַּלְקוּת פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן

וֶוען רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי אִיז שְׁוַואךְ גֶעוָוארְן, זַיינֶען אִיהם גֶעקוּמֶען מְבַקֵר חוֹלֶה זַיין רַבִּי פִּנְחָס, רַבִּי חִיָיא אוּן רַבִּי אַבָּא. זֵיי הָאבְּן גֶעפוּנֶען רַבִּי אֶלְעָזָר'ן, בַּאדִינֶענְדִיג זַיין פָּאטֶער רַבִּי שִׁמְעוֹן. זֵיי הָאבְּן גֶעזֶעהן, אַז זֵייעֶר רֶבִּי אוּן פָּאטֶער אִיז גֶעפֶערְלִיךְ קְרַאנְק אוּן זַיינֶע טֶעג זַיינֶען גֶעצֵיילְטֶע. מִיט גְרוֹיס צַעַר הָאבְּן זֵיי אוֹיסְגֶערוּפְן: — וִוי קֶען דִי זוּהן פוּן דֶער וֶועלְט פַארְלָאזְן דִי וֶועלְט?

רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי הָאט זֵיי בַּארוּהִיגְט אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיי:

— אִיךְ גֵיי זִיךְ שְׁטֶעלְן צוּם מִשְׁפָּט, אָבֶּער נָאר פַאר דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אַלֵיין. בִּין אִיךְ זִיכֶער, אַז עֶס וֶועט זַיין אַ גוּטֶער מִשְׁפָּט, וַוייל דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט פִיהל רַחֲמִים, אוּן עֶר קֶען דָאךְ פַארְגֶעבְּן זִינְד.

אִין מִיטְן רֶעדְן, אִיז רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי פְּלוּצְלוּנְג אַנְטְשְׁווּיגְן גֶעוָוארְן.

אוֹיף דִי אַנְוֶועזְנְדֶע אִיז אָנְגֶעפַאלְן אַ גְרוֹיסֶער שְׁרֶעק. אָבֶּער בַּאלְד הָאבְּן זֵיי דֶערְפִילְט אַ ווְאוּנְדֶערְלִיכְן רֵיחַ אִין צִימֶער, וָואס הָאט אַלֶעמֶען וְוִי אוֹיפְגֶעלֶעבְּט. זֵיי הָאבְּן דֶערְהֶערְט, וְוִי רַבִּי שִׁמְעוֹן פִיהְרְט מִיט אֵיימִיצְן אַ שְׁמוּעֶס, אָבֶּער זֵיי הָאבְּן נִישְׁט גֶעוואוּסְט מִיט וֶועמֶען.

וֶוען דִי חֲבֵרִים אוּן תַּלְמִידִים הָאבְּן זִיךְ בַּארוּהִיגְט, הָאבְּן זֵיי גֶעפְרֶעגְט רַבִּי שִׁמְעוֹן'עֶן וָואס עֶס אִיז פָארְגֶעקוּמֶען אִין יֶענֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע מִינוּטְן.

— מֶען הָאט מִיר גֶעוִויזְן מַיין אָרְט אִין גַן־עֵדֶן, אָבֶּער אִיךְ בִּין נִישְׁט גֶעוֶוען צוּפְרִידְן — הָאט זֵיי רַבִּי שִׁמְעוֹן עֶרְקְלֶערְט — הָאבּ אִיךְ זִיךְ אוֹיסְגֶעקְלִיבְן אַ אָרְט נֶעבְּן דֶעם נָבִיא אֲחִיָה הַשִּׁילוֹנִי. צוּרִיק קוּמֶענְדִיג הָאבּ אִיךְ מִיטְגֶעבְּרַאכְט אַבִּיסְל גַן עֵדֶן לוּפְט, וָואס הָאט אַייךְ אַזוֹי מְחַיֶה גֶעוֶוען.

עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶער טָאג וָואס דִי גְרוֹיסֶע לִיכְט הָאט גֶעדַארְפְט צוּגֶענוּמֶען וֶוערְן פוּן דֶער

וֶועלְט און אַרוֹיפְגֵיין אִין דֶער מְתִיבְתָּא דְרָקִיעַ. גֶעוֶוען אִיז דָאס ל״ג בָּעוֹמֶר. רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט גֶעוואוּסְט אַז דָאס אִיז דֶער לֶעצְטֶער טָאג פון זַיין לֶעבְן אוֹיף דֶער וֶועלְט, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבְּן אָנְזָאגְן זַיינֶע בְּנֵי בַּיִת, ווִי זֵיי זָאלְן זִיךְ פִיהרְן נָאךְ זַיין פְּטִירָה. עֶס זַיינֶען דַאן גֶעוֶוען מִיט אִיהם זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר, רַבִּי אַבָּא און דִי אִיבֶּערִיגֶע חַבְרַיָא.

וֶוען עֶס אִיז בַּאוואוּסְט גֶעוָוארְן אִין שְׁטָאט אַז רַבִּי שִׁמְעוֹן זָאגְט אָן זַיין צַוָאָה, הָאבְּן אַלֶע שְׁטָאט־לַייט זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעזַאמְלְט בַּיי אִיהם אִין הוֹיז, צוּ זַיין מִיט אִיהם אִין דִי לֶעצְטֶע מִינוּטְן פון זַיין לֶעבְן. רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן דִי אוֹיגְן און גֶעזֶען אַז דָאס הוֹיז אִיז פוּהל מִיט מֶענְטְשְׁן. הָאט עֶר גֶעזָאגְט מִיט אַ גֶעוֵויין:

— פוּן וֶוען אִיךְ בִּין דָאס לֶעצְטֶע מָאל קְרַאנְק גֶעוֶוען בִּיז הַיינְט, הָאט אַ פַייעֶר אוּנְז אַרוּמְגֶערִינְגְלְט, און עֶס הָאט קֵיינֶעם נִישְׁט גֶעלָאזְט אַרַיינְקוּמֶען צוּ מִיר נִישְׁט נֶעמֶענְדִיג פְרִיעֶר קֵיין עֶרְלוֹיבֶּענִישׁ בַּיי מִיר, און יֶעצְט זֶעה אִיךְ אַז דָאס פַייעֶר אִיז שׁוֹין פַארְשְׁוואוּנְדְן און יֶעדֶער וָואס ווִיל קֶען אַרַיינְקוּמֶען צוּ מִיר.

דַאן אִיז אַ פַייֶער אַרָאפּ פוּן דֶער הוֹיךְ אוּן אַרוּמְגֶענוּמֶען דָאס הוֹיז, אוּן אַלֶע וָואס זַיינֶען דָארְטְן גֶעוֶועןְ זַיינֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, וַוייל זֵיי הָאבְּן נִישְׁט גֶעקֶענְט פַארְטְרָאגְן דָאס גְרוֹיסֶע לִיכְט וָואס הָאט גֶעשְׁטְרַאלְט פוּן דֶעם פַייֶער. אַרוֹיס זַיינֶען אַלֶע אֲפִילוּ דִי חַבְרַיָא, פַארְבְּלִיבְּן זַיינֶען נָאר זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר אוּן רַבִּי אַבָּא.

רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט זִיךְ דַאן אוֹיפְגֶעזֶעצְט, אוּן מִיט אַ צוּפְרִידְנְהַייט אוֹיף זַיין גֶעזִיכְט הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט פוּן רַבִּי אֶלְעָזָר׳ן:

— אַווּאוּ זַיינֶען דִי חַבְרַיָא?

אִיז רַבִּי אֶלְעָזָר אַרוֹיס אוּן זֵיי אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט. עֶס זַיינֶען דָארְטְן גֶעוֶועןְ: רַבִּי אֶלְעָזָר, רַבִּי אַבָּא, רַבִּי יְהוּדָה, רַבִּי יוֹסִי אוּן רַבִּי חִיָיא.

דַאן הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעזָאגְט:

— יֶעצְט אִיז אַ עֵת־רָצוֹן, אוּן אִיךְ וִויל מְגַלֶה זַיין סוֹדוֹת וָואס בִּיז יֶעצְט הָאבּ אִיךְ נִישְׁט מְגַלֶה גֶעוֶועןְ. זֵיי זַיינֶען גֶעוֶועןְ בַּאהַאלְטְן בַּיי מִיר אִין הַארְצְן. אוּן דָאס וָואס אִיךְ וֶועל זָאגְן זָאל רַבִּי אַבָּא

פאַרשרײבן, רבי אלעזר מײן זוהן זאָל דאָס לערנען און די איבעריגע חברים זאָלן דאָס טראַכטן אין האַרצן.

האָט זיך אױפגעשטעלט רבי אבא װאָס איז געזעסן פריער אַ ביסל דערװײטערט פון רבי שמעון׳ען, און זיך דערנענטערט צו איהם.

רבי שמעון האָט זיך דאַן אײנגעװיקלט אין זײן טלית, זיך אַנידער געזעצט און אָנגעפאַנגען צו זאָגן דברי תורה, מיט גרויס צופרידנהײט. דאָס ליכט האָט איהם אַרומגערינגלט אַזױ שטאַרק אַז מען האָט אַפילו אױף דעם אָרט װאו ער איז געזעסן נישט געקענט קוקן, צוליב די גרויסע שטראַלן פון די ליכט. אַזױ האָט זיך פאַרצױגן אַ לײנגערע צײט און רבי אבא האָט פאַרשריבן אַלץ װאָס ער האָט געהערט. געענדיגט האָט רבי שמעון מיטן פסוק ״כי שם צוה ה׳ את הברכה חיים עד העולם״.

האָט רבי אבא געזאָגט:

— ביז דאָס װאָרט ״ברכה״ האָב איך געהערט פון איהם און נאָכדעם איז שטיל

גֶעוָוארְן. אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט וַוייטֶער שְׁרַייבְּן אָבֶּער אִיךְ הָאבּ גָארְנִישְׁט גֶעהֶערְט. אִיךְ הָאבּ נִישְׁט אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן דֶעם קָאפּ אַ קוּק צוּ טְהוּן, פַּארְוָואס רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז שְׁטִיל גֶעוָוארְן, וַוייל גְרוֹיס אִיז גֶעוֶוען דִי לִיכְט אַרוּם אִיהם, אוּן אִיךְ הָאבּ דָאס נִישְׁט גֶעקֶענְט פַּארְנֶעמֶען. אַ גַאנְצְן טָאג אִיז גֶעוֶועןן דֶער פַייעֶר אַרוּם דָאס הוֹיז, אוּן קֵיינֶער הָאט דָארְט נִישְׁט גֶעקֶענְט אַרַיינְגֵיין. אוֹיךְ דִי וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעוֶועןן אִינֶוויינִיג זַיינֶען נִישְׁט צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהם, וַוייל פַייעֶר אוּן לִיכְט אִיז גֶעוֶועןן אַרוּם אִיהם. אִיךְ בִּין גֶעפַאלְן אוֹיף דֶער עֶרְד אוּן גֶעוֵויינְט. וֶוען דָאס פַייעֶר הָאט זִיךְ אָפְּגֶעטְהוּן הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהְן אַז רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז נִסְתַּלֵק גֶעוָוארְן פוּן דֶער וֶועלְט. עֶר לִיגְט אַיינְגֶעוִויקֶלְט אִין זַיין טַלִית, אָנְגֶעלֶענְט אוֹיף דִי רֶעכְטֶע זַייט, אוּן זַיין גֶעזִיכְט אִיז צוּשְׁמֵייכְלְט.

רַבִּי אֶלְעָזָר אִיז דַאן צוּגֶעגַאנְגֶען, אָנְגֶענוּמֶען זַיינֶען הֶענְט אוּן זֵיי גֶעקוּשְׁט. אִיךְ הָאבּ גֶעלֶעקְט דִי שְׁטוֹיבּ אוּנְטֶער זַיינֶע פִּיס. דִי חַבְרַיָא לַייט הָאבְּן גֶעוָואלְט אָנְפַאנְגֶען זָאגְן עֶפֶּעס וָואס — אָבֶּער זֵיי הָאבְּן נִישְׁט גֶעקֶענְט — צוּלִיבּ גְרוֹיס צַעַר — עֶפֶענֶען דָאס מוֹיל.

הָאט זִיךְ רַבִּי חִיָיא אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט און גֶעזָאגְט:

— בִּיז יֶעצְט הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן דֶער הֵיילִיגֶער לִיכְט פַּאר אוּנְז זִיךְ גֶעמִיהט, יֶעצְט אִיז דִי צַייט וָואס מִיר דַארְפְן טְהוּן פַּאר אִיהם, זִיךְ מִיהֶען אִין זַיין כָּבוֹד.

רַבִּי אֶלְעָזָר און רַבִּי אַבָּא הָאבְּן אִיהם דַאן גֶענוּמֶען און זִיךְ מִתְעַסֵק גֶעוֶועז אִין זַיין כָּבוֹד.

דֶערְוַוייל אִיז בַּאוואוּסְט גֶעוָוארְן אִין שְׁטָאט און אוֹיךְ אִין דִי אַרוּמִיגֶע פְּלֶעצֶער, אַז רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז נִסְתַּלֵק גֶעוָוארְן. זַיינֶען אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין מֵירוֹן דִי חָשׁוּבֶע לַייט פוּן כְּפַר צִיפּוֹרִי, און מִיט זֵיי אַלֶע שְׁטַארְקֶע לַייט פוּן דָארְטְן, און זֵיי הָאבְּן גֶעוָואלְט נֶעמֶען דֶעם אָרוֹן פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן צוּ בַּאהַאלְטְן אִיהם אִין כְּפַר צִיפּוֹרִי. וַוייל זֵיי הָאבְּן נִישְׁט גֶעוואוּסְט אַז רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט זִיךְ בַּיי זַיין לֶעבְּן אוֹיסְגֶעוֵוייְלְט דִי מְעָרָה אִין מֵירוֹן דָארְטְן בַּאהַאלְטְן צוּ וֶוערְן.

וֶוען דִי שְׁטָאט-לַייט פוּן מֵירוֹן הָאבְּן דֶערְהֶערְט אַז דִי כְּפַר צִיפּוֹרִי לַייט ווִילְן צוּנֶעמֶען

פוּן זֵיי דֶעם אָרוֹן פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן, הָאבְּן זֵיי זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעזַאמְלְט אוּן גֶעשְׁרִיגְן אוֹיף זֵיי.

וֶוען מֶען הָאט אַרוֹיסְגֶעטְרָאגְן זַיין מִטָּה פוּן הוֹיז, אִיז גֶעשֶׁעהן אַ נֵס. דִי מִטָּה הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן אִין דֶער הוֹיךְ, אוּן אַ פַייעֶר הָאט אִיהר אַרוּמְגֶענוּמֶען. אַלֶע זַיינֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען דִי מִטָּה בִּיז זִי אִיז אַרַיין אִין דֶער מְעָרָה פוּן דָארְף מֵירוֹן.

וֶוען דִי מִטָּה אִיז אַרַיין אִין דִי מְעָרָה, הָאט זִיךְ דָארְט דֶערְהֶערְט אַ בַּת־קוֹל:

— ״זֶה הָאִישׁ מַרְעִישׁ הָאָרֶץ מַרְגִיז מַמְלָכוֹת״. וִויפְל קִטְרוּגִים וָואס זַיינֶען דָא אוֹיף אִידְן, וֶוערְן דֶעם טָאג אַיינְגֶעשְׁטִילְט אִין דַיין זְכוּת. דָאס אִיז רַבִּי שִׁמְעוֹן וָואס דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם לוֹיבְּט זִיךְ מִיט אִיהם. וואוֹיל אִיז זַיין חֵלֶק.

*

וואוּנְדֶערְלִיךְ גְרוֹיס בַּיי זַיין לֶעבְּן — וואוּנְדֶערְלִיךְ גְרוֹיס בַּיי זַיין אִיבֶּערְגַאנְג אִין דֶער מְתִיבְתָּא דְרָקִיעַ. צוּגֶענוּמֶען גֶעוָוארְן אִיז דָאס

גְרוֹיסֶע שְׁטְרַאלְנְדֶע לִיכְט, וָואס הָאט בַּאלוֹיכְטְן דִי גַאנְצֶע וֶועלְט מִיט דִי סוֹדוֹת הַתּוֹרָה, אוּן אַ פִינְסְטֶערְנִיש הָאט בַּאהֶערְשְׁט דִי וֶועלְט. פַארְמַאכְט זַיינֶען גֶעוָוארְן דִי טוֹיעֶרְן פוּן חָכְמָה, וָואס רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט אַזוֹי בְּרֵייט צוּעֶפְנְט, אָבֶּער פוּנְקֶען פוּן זַיין גְרוֹיסֶע לִיכְט זַיינֶען גֶעבְּלִיבְּן, אוּן אַזוֹי לַייכְטְן זֵיי אוּן וַוארֶעמֶען, אוּן וֶועלְן לַייכְטְן אוּן וַוארֶעמֶען, בִּיז עֶס וֶועט קוּמֶען דֶער עֶרְוַוארְטֶעטֶער מָאמֶענְט פוּן תְּחִיַת הַמֵתִים, אוּן אוֹיפְשְׁטֵיין וֶועלְן אַלֶע גְרוֹיסֶע צַדִיקִים, אוּן פוּהל וֶועט וֶוערְן דִי וֶועלְט מִיט חָכְמַת הָאֱמֶת אוּן מִיט גֶ־טְלִיךְ וִויסְן, וִוי פוּהל עֶס אִיז דֶער יַם מִיט וַואסֶער, בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ אָמֵן.

## צְווייטֶער קַאפִּיטְל: **אִישׁ אֱלֹקִים קָדוֹשׁ הוּא**

צְווַיי יָאהרְצַייטְן אִין אֵיין טָאג

אַ סְגוּלָה צוּ רַייכְקַייט

דִי בֶּעלוֹינוּנְג פַאר גֶעטְרַיישַׁאפְט

דִי בְּרָכָה פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן

אַ שְׁלִיחַ פוּן הִימְל

דְרַיי שְׁטֵיינְדְלַאךְ

# צְוֵויי יָאהרְצַייטְן אִין אֵיין טָאג

רַבִּי יִצְחָק אִיז אַמָאל גֶעקוּמֶען צוּ רַבִּי יְהוּדָה אוּן עֶר אִיז גֶעזֶעסְן נֶעבְּן דִי טְהִיר פוּן רַבִּי יְהוּדָה זֵייעֶר טְרוֹיעֶרִיג. וֶוען רַבִּי יְהוּדָה אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אוּן אִיהם גֶעטְרָאפְן טְרוֹיעֶרִיג, הָאט עֶר אִיהם גֶעפְרֶעגְט וָואס אִיז גֶעשֶׁעהְן? זָאגְט צוּ אִיהם רַבִּי יִצְחָק:

— אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ דִיר כְּדֵי צוּ בֶּעטְן דְרַיי זַאכְן. עֶרְשְׁטְנְס, אַז וֶוען דוּ וֶועסְט נָאכְזָאגְן אַ וָוארְט אָדֶער אַ חִידוּשׁ פוּן תּוֹרָה וָואס אִיךְ הָאבּ מְחַדֵשׁ גֶעוֶוען, זָאלְסְטוּ עֶס זָאגְן אִין מַיין נָאמֶען. צְוֵוייטְנְס, זָאלְסְטוּ מַיין זוּהן יוֹסֵף מְחַנֵךְ זַיין צוּ תּוֹרָה, אוּן דְרִיטְנְס זָאלְסְטוּ קוּמֶען צוּ מַיין קֶבֶר דִי עֶרְשְׁטֶע זִיבְּן טֶעג נָאךְ מַיין פְּטִירָה אוּן מִתְפַּלֵל זַיין אוֹיף מִיר.

— אָבֶּער פוּן וַואנֶען נֶעמְסְטוּ דָאס אַז דוּ

װעסט שטארבן? — האט זיך רבי יהודה געװאונדערט.

— איך װעל דיר זאגן — האט רבי יצחק געענטפערט — יעדע נאכט גייט פון מיר אװעק די נשמה אבער זי שיינט מיר מער נישט אין חלום װי ביז איצט. און נאך א סיבה, אז ביים דאװנען, װען איך קום צו שומע תפלה, זעה איך מעהר נישט מיין שאטן אויפן װאנט, איז עס א צייכן אז איך בין שוין מעהר נישט אויף דעם עולם.

האט רבי יהודה צו איהם געזאגט:

— אלעס װאס דו בעטסט פון מיר װעל איך דיר צוליב טהון, אבער איך בעט אויך פון דיר אז אויף יענע װעלט זאלסטו אויסקלייבן א ארט פאר מיר נעבן דיר אזוי װי אויף די װעלט.

האט רבי יצחק זיך צוװיינט און געזאגט:

— איך בעט דיר דו זאלסט זיך פון מיר נישט אפשיידן אט די אלע טעג.

זיינען זיי אװעק צו רבי שמעון בר יוחאי און

זַיי הָאבְּן אִיהם גֶעטְרָאפְן ווי עֶר זִיצְט און לֶערְנְט תּוֹרָה. הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן אויפְגֶעהויבְּן זַיינֶע אויגְן און גֶעזֶעהן רַבִּי יִצְחָק'ן. עֶר הָאט אויךְ גֶעזֶעהן ווי דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת לויפְט אִיהם נָאךְ און טַאנְצְט אַרום אִיהם. אִיז רַבִּי שִׁמְעוֹן אויפְגֶעשְׁטַאנֶען און אָנְגֶענומֶען רַבִּי יִצְחָק'ן בַּיים הַאנְד און גֶעזָאגְט:

— איךְ בִּין גוֹזֵר אַז דֶער וֶוער עֶס קומְט שְׁטֶענְדִיג אַריין צו מִיר זָאל אויךְ יֶעצְט אַריינְקומֶען און דֶער וָואס קומְט נִישְׁט אַריין זָאל יֶעצְט אויךְ נִישְׁט אַריינְקומֶען!

זַיינֶען רַבִּי יִצְחָק מִיט רַבִּי יְהוּדָה אַריינְגֶעקומֶען און דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת אִיז גֶעבְּלִיבְּן אִין דְרויסְן און נִישְׁט גֶעקֶענְט נָאכְגֵיין רַבִּי יִצְחָק'ן.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן זִיךְ בֶּעטְרַאכְט און גֶעזֶעהן אַז דִי צַייט אִיז נָאךְ נִישְׁט גֶעקומֶען וַוייל עֶס דַארְף קומֶען בִּיז אַכְט שָׁעָה אויפְן טָאג, הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיהם אַוֶועק גֶעזֶעצְט פַאר אִיהם און גֶעלֶערְנְט מִיט אִיהם תּוֹרָה.

דֶערְנָאךְ הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן צוגֶערופְן זַיין זוהן רַבִּי אֶלְעָזָר און צו אִיהם גֶעזָאגְט:

— דוּ זֶעץ זיךְ דָא נֶעבְּן די טְהִיר אוּן דוּ זָאלְסְט מִיט קֵיינֶעם נִישְׁט רֶעדְן, אוּן טָאמֶער אֵיינֶער וֶועט ווֶעלְן צוּ אוּנְז אַרַיינְקוּמֶען זָאלְסְטוּ אִיהם נִישְׁט אַרַיינְלָאזְן (עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז דֶער שָׂטָן קֶען זיךְ פַּארְשְׁטֶעלְן אוּן אַזוֹי אַרוּם זיךְ אַרַיינְבַּאקוּמֶען).

דֶערְנָאךְ הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעפְרֶעגְט צוּ רַבִּי יִצְחָק׳ן:

— הָאסְטוּ הַיינְט גֶעזֶעהן די צוּרָה פוּן דַיין פָּאטֶער? וַוייל מִיר הָאבְּן בְּקַבָּלָה אַז דֶעם טָאג וָואס אַ מֶענְטְשׁ דַארְף שְׁטַארְבְּן, גֶעפִינֶען זיךְ בַּיי אִיהם זַיין פָאטֶער מִיט זַיינֶע קְרוֹבִים אוּן די אַלֶע ווֶעלְכֶע זַיינֶען גֶעוֶועזְן מִיט אִיהם אוֹיף דֶער ווֶעלְט, אוֹיף אֵיין מַדְרֵגָה, קוּמֶען זיךְ בַּיי אִיהם צוּזַאמֶען אוּן זֵיי בַּאגְלֵייטְן זַיין נְשָׁמָה בִּיז צוּ זַיין אָרְט.

הָאט אִיהם רַבִּי יִצְחָק גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז בִּיז יֶעצְט הָאט עֶר נָאךְ קֵיינֶעם נִישְׁט גֶעזֶעהן.

הָאט זיךְ רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוּן גֶעזָאגְט:

— רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! רַבִּי יִצְחָק אִיז דָאךְ

אֵיינֶער פוּן אוּנְזֶערֶע חָשׁוּבְסְטֶע לַייט, זָאל עֶר נָאךְ בְּלַייבְּן בַּיי מִיר!

אִיז אַרוֹיס אַ בַּת קוֹל אוּן אוֹיסְגֶערוּפְן:

— אַלֶעס וָואס דוּ פַארְלַאנְגְסְט גִיבְּן מִיר דִיר נָאךְ. זָאל עֶר בְּלַייבְּן מִיט דִיר, אוּן אִין דֶער צַייט וָואס דוּ וֶועסְט קוּמֶען צוּ דַיין אָרְט וֶועסְטוּ אִיהם מִיט דִיר מִיטְבְּרֶיינְגֶען.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— גֶעוִויס וֶועל אִיךְ אַזוֹי טְהוּן!

דֶערְוַוייל הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר בַּאמֶערְקְט וִוי דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת גֵייט אַוֶועק פוּן דָארְטְן אוּן עֶר זָאגְט:

— וָואס קֶען אִיךְ טְהוּן, אַז אִין דֶעם אָרְט וואוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי גֶעפִינְט זִיךְ הָאבּ אִיךְ נִישְׁט קֵיין שְׁלִיטָה.

דֶערְנָאךְ הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן זִיךְ אָנְגֶערוּפְן צוּ דַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר:

— קוּם אַרַיין אִינֶווייניג אוּן זַיי דָא מִיט רַבִּי

יִצְחָק׳ן, וַוײל אִיךְ זֶעה אַז עֶר אִיז נָאךְ אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקְן.

אִיז רַבִּי אֶלְעָזָר אַרײַנְגֶעקוּמֶען אוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט אוֹיסְגֶעדְרֵייט זַײן פָּנִים אוּן גֶעלֶערְנְט תּוֹרָה.

דֶערְוַוײל אִיז רַבִּי יִצְחָק אַנְטְשְׁלָאפְן גֶעוָוארְן אוּן גֶעזֶעהן זַײן פָּאטֶער. רוּפְט זִיךְ אָן צוּ אִיהם זַײן פָּאטֶער:

— וואוּיל אִיז דִיר, מַײן קִינְד, וואוּיל אִיז דַײן חֵלֶק אוֹיף דִי וֶועלְט אוּן אוֹיף יֶענֶע וֶועלְט, וַוײל דוּ הַאלְטְסְט זִיךְ אָן אִין דִי צְוַוײגְן פוּן דֶעם גְרוֹיסְן אוּן שְׁטַארְקְן בּוֹים, דָאס אִיז רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, וָואס זַײן כֹּחַ אִיז גְרוֹיס אִין בֵּיידֶע וֶועלְטְן. וואוּיל אִיז דַײן חֵלֶק, מַײן קִינְד!

דֶערְנָאךְ הָאט רַבִּי יִצְחָק גֶעפְרֶעגְט זַײן פָּאטֶער, וִוי עֶס זֶעהט אוֹיס זַײן חֵלֶק אוֹיף יֶענֶע וֶועלְט, אוּן זַײן פָּאטֶער הָאט אִיהם פָּארְגֶעשְׁטֶעלְט דִי גְרוֹיסְקַייט פוּן זַײן עוֹלָם הַבָּא אוּן וִוי וואוּיל עֶס וֶועט אִיהם זַײן.

פְרֶעגְט אִיהם וַוײטֶער רַבִּי יִצְחָק:

— זָאג מִיר, טַאטֶע, וויפִל צַייט הָאט מֶען מִיר נָאךְ גֶעגֶעבְן אוֹיף דֶער וֶועלְט?

הָאט אִיהם זַיין פָּאטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— אִיךְ הָאבּ נִישְׁט קֵיין רְשׁוּת דִיר אוֹיסְצוּזָאגְן, אָבֶער דָאס קֶען אִיךְ דִיר זָאגְן, אַז בַּיי דִי גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה וָואס וֶועט זַיין בַּיי רַבִּי שִׁמְעוֹן וֶוען עֶר וֶועט אַרוֹיפְקוּמֶען אוֹיף יֶענֶע וֶועלְט, וֶועסְטוּ צוּגְרֵייטְן דֶעם טִישׁ.

אוּן עֶס וֶוערְט גֶעבְּרֵיינְגְט אִין "אוֹר הַחַמָּה" אִין נָאמֶען פוּן דֶעם מְקוּבָּל רַבִּי מֹשֶׁה קוֹרְדוֹבִירוֹ זי"ע, אַז מֶען הָאט מוֹסִיף גֶעוֶוען רַבִּי יִצְחָק'ן נָאךְ צְוַואנְצִיג יָאהר בִּיז דֶעם טָאג וָואס רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אִיז נִסְתַּלֵק גֶעוָוארְן.

עֶס אִיז זֵייעֶר אִינְטֶרֶעסַאנְט אַז אִין מֵירוֹן גֶעפִינֶען זִיךְ אַלֶע דְרַיי, רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, רַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן רַבִּי שִׁמְעוֹן אוּן רַבִּי יִצְחָק אוֹיף אֵיין אָרְט. בַּיים אַרֵיינְגַאנְג צוּם הוֹיף פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי גֶעפִינְט זִיךְ אוֹיךְ דִי מְעָרָה פוּן רַבִּי יִצְחָק. (דָאס אִיז נִישְׁט רַבִּי יִצְחָק נַפְּחָא ווִי טֵייל הָאבְּן גֶעוָואלְט זָאגְן, וַוייל יֶענֶער לִיגְט אִין טְבֶרְיָה נֶעבְּן

רַבִּי נְחוּנְיָא בֶּן הַקָנָה אוֹיפְן װעג צו צְפַת).

אַלְנְפַאלְס איז אִינְטְרֶעסַאנְט אַז דֶער יָארְצַייט פון רַבִּי יִצְחָק איז אויך ל״ג בָּעוֹמֶר, אִין דֶעם זֶעלְבְּן טָאג וָואס רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי איז נִסְתַּלֵק גֶעוָוארְן, און עֶס איז אַ גְרוֹיסֶער וואוּנְדֶער וָואס דָאס מֶערְהַייט וָואס פָּאהרְן אִין מֵירוֹן אויף ל״ג בָּעוֹמֶר, צו מִתְפַּלֵל זַיין און זיך בַּאטֵיילִיגְן אִין דֶער הִלוּלָא פון רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, וֵוייסְן נִישְׁט אויף אֵיינֶוועגְס צו מִתְפַּלֵל זַיין בַּיי זַיין חָשׁוּבְן תַּלְמִיד און פון די ״שִׁבְעָה עֵינַיִם״ (ווי דֶער זוֹהַר רופְט אִיהם אָן) וֶועלְכֶער גְרֵייט צו די הִילוּלָא דְרַשְׁבִּ״י און עֶס איז דֶעם זֶעלְבְּן טָאג אויך פון זַיין הִסְתַּלְקוּת. זי״ע.

# אַ סְגוּלָה צוּ רַייכְקַייט

דֶער תַּנָא רַבִּי אֶלְעָזָר דֶער זוּהן פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז אַמָאל גֶעגַאנגֶען אוֹיפְן וֶועג צוּ זַיין שְׁוֶוער. צוּזַאמֶען מִיט אִיהם זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען נָאךְ עֶטְלִיכֶע חֲכָמִים. גֵייעֶנְדִיג הָאבְּן זֵיי גֶעטְרָאפְן רַבִּי יֵיסָא וֶועלְכֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט נָאךְ אַ אִידְן, דֶער בֶּעגְלֵייטֶער פוּן רַבִּי יֵיסָא׳ן הָאט גֶעזָאגְט פַאר רַבִּי יֵיסָא חִידוּשֵׁי תּוֹרָה.

— לוֹיט וִוי אִיךְ זֶעה — הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר זִיךְ אָנְגֶערוּפְן צוּ רַבִּי יֵיסָא — אִיז דַיין בַּאגְלֵייטֶער אַ גְרוֹיסֶער תַּלְמִיד חָכָם.

— עֶס אִיז רִיכְטִיג — הָאט רַבִּי יֵיסָא גֶעזָאגְט — אִיךְ אַלֵיין הָאבּ אוֹיךְ דֶערְפוּן נִישְׁט גֶעוואוּסְט. אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעדוּנְגֶען עֶר זָאל מִיר בֶּעגְלֵייטְן אוֹיפְן וֶועג, אוּן דָא הָאבּ אִיךְ גָאר גֶעזֶעהן דָאס עֶר אִיז אַ לִיכְטִיגֶער שַׁיין.

— און ווי איז דיין נאָמען — האָט רבי אֶלעָזר געפרעגט דעם פרעמדן.

— יועזר!

— אַזוי?! — האָט רבי אֶלעָזר געזאָגט — אונזערע נעמען זיינען ענליך ווייל איך הייס אֶלעָזר. לאָמיר טאַקע צוזאַמען רעדן און לערנען.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט נעבן אַ שטיין און רבי יועזר האָט גענומען זאָגן תוֹרה.

— וואויל, וואויל — האָט רבי אֶלעָזר אויסגערופן מיט התפעלות, נאָכדעם וואָס רבי יועזר האָט געענדיגט זיין חידוש. ער האָט דערפון שטאַרק הנאה געהאט.

— אין וואָס בעשעפטיגסטו זיך — האָט איהם רבי אֶלעָזר געפרעגט.

— איך בין געווען אַ מלמד דרדקי ביי מיר אין שטאָט. איז אָבער געקומען וואוינען ביי אונז אַ גרויסער תלמיד חכם, מען רופט איהם רבי יוסי פון דאָרף חנין, און די עלטערן האָבן אָבגעגעבן זייערע קינדער צו איהם, און חאָטש וואָס די

מֶענְטְשְׁן פוּן אוּנְזֶער שְׁטָאט הָאבְּן מִיר גֶעוָואלְט וַוייטֶער גֶעבְּן אַ גֶעהַאלְט, הָאבּ אִיךְ זִיךְ בֶּערֶעכְנְט דָאס אוּמְזִיסְט וֶועל אִיךְ פוּן זֵיי קֵיין גֶעלְד נִישְׁט נֶעמֶען. דֶערִיבֶּער בִּין אִיךְ אַוֶועק פוּן שְׁטָאט, אוּן זִיךְ פֶּערְדוּנְגֶען צוּ בֶּעגְלֵייטְן רַבִּי יֵיסָא׳ן.

— נוּ, אוֹיבּ אַזוֹי — הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר גֶעזָאגְט — וָואלְט דָא גֶעפָּאדֶערְט דֶעם טַאטְנְס בְּרָכָה.

דִי אַלֶע חֲכָמִים זַיינֶען דֶערְנָאךְ אַוֶועק צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי. אוֹיךְ יוֹעֶזֶר אִיז מִיט זֵיי גֶעגַאנְגֶען אוּן גֶעבְּלִיבְּן לֶערְנֶען בַּיי רַבִּי שִׁמְעוֹן׳ען. יֶענֶעם טָאג הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעלֶערְנְט וֶועגְן דֶעם עִנְיָן פוּן נְטִילַת יָדַיִם, אוּן עֶר הָאט אַזוֹי גֶעזָאגְט:

— דֶער וָואס אִיז נִישְׁט זָהִיר אִין נְטִילַת יָדַיִם, אִיז אוֹיסֶער זַיין שְׁטְרָאף וָואס עֶר וֶועט בֶּעקוּמֶען אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט, וֶועט עֶר אוֹיךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערְן מִיט אָרֶעמְקַייט, אוּן ״מִדָּה טוֹבָה מְרוּבָּה״, דֶער וָואס אִיז יָא פָּארְזִיכְטִיג אוּן אִיז מְדַקְדֵק אִין נְטִילַת יָדַיִם, וֶוערְט גֶעבֶּענְטְשְׁט פוּן הִימְל, אוּן דִי בְּרָכוֹת קוּמֶען אוֹיף זַיינֶע הֶענְט אִיהם צוּ בְּרֵיינְגֶען רַייכְקַייט.

שְׁפֶּעטֶער בִּשְׁעַת מֶען איז גֶעגַאנְגֶען זִיךְ וַואשְׁן צוּם עֶסְן, הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּעמֶערְקְט ווִי יוֹעֶזֶר וַואשְׁט זִיךְ דִי הֶענְט מִיט אַלֶע דִקְדוּקִים און מִיט אַ גְרוֹיסֶע מָאס וַואסֶער. הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרִיקְט:

— דִיר קוּמְט דָאס דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל מַשְׁפִּיעַ זַיין אוֹיף דִיר אַ בְּרָכָה.

דִי בְּרָכָה אִיז טַאקֶע גְלַייךְ מְקוּיָם גֶעוָוארְן. יוֹעֶזֶר הָאט גֶעפוּנֶען אַ אוֹצָר פוּן גָאלְד און אִיז רַייךְ גֶעוָוארְן. פוּן דַאמָאלְס אָן אִיז עֶר גֶעזֶעסְן כְּסֵדֶר און גֶעלֶערְנְט. דִי טְהִירְן בַּיי אִיהם אִין הוֹיז זַיינֶען גֶעוֶוען אָפְן פַאר אָרֶעמֶעלַייט וֶועמֶען עֶר פְלֶעגְט אוֹיפְנֶעמֶען מִיטְן גְרֶעסְטְן פְרַיינְדְשַׁאפְט.

# דִי בֶּעלוֹינוּנְג פַאר גֶעטְרַיישַׁאפְט

אִין דֶער שְׁטָאט צִידוֹן הָאבְּן גֶעוואוֹינְט אַ מַאן מִיט אַ פְּרוֹי אוּן הָאבְּן גֶעהַאט צְווִישְׁן זִיךְ אַ גְלִיקְלִיכְן לֶעבְּן. צוּלִיבּ אֵיין זַאךְ אָבֶּער אִיז זֵייעֶר גְלִיק גֶעוֶוען גֶעשְׁטֶערְט: אִין פֶּערְלוֹיף פוּן צֶען יָאהר נָאךְ זֵייעֶר חֲתוּנָה זַיינֶען זֵיי נִישְׁט גֶעבֶּענְטְשְׁט גֶעוָוארְן מִיט דֶער בְּרָכָה פוּן ״זַרְעָא חַיָא וְקַיָמָא״ — זֵיי הָאבְּן קֵיין קִינְדֶער נִישְׁט גֶעהַאט. ווִי צוּפְרִידְן אוּן גְלִיקְלַאךְ דָאס פָּאר פָאלְק הָאט גֶעלֶעבְּט אִין אַלֶע אַנְדֶערֶע הִינְזִיכְטְן, הָאט אָבֶּער דֶער מַאן, אַלְס אַ אִיד, גֶעפִילְט זִיךְ זֵייעֶר דֶערְשְׁלָאגְן פַארְוָואס עֶר אִיז נִישְׁט זוֹכֶה צוּ בְּרֵיינְגֶען קֵיין קִינְד אוֹיף דֶער וֶועלְט.

עֶר הָאט זִיךְ זֵייעֶר אָפְט דוּרְכְגֶערֶעדְט מִיט זַיין פְּרוֹי וֶועגְן דֶער זַאךְ, בִּיז אֵיין מָאל, בְּשְׁעַת זֵיי הָאבְּן גֶעהַאט אַזַא גֶעשְׁפְּרֶעךְ צְווִישְׁן זִיךְ, הָאט דֶער מַאן פָארְגֶעשְׁלָאגְן אַז זֵיי זָאלְן זִיךְ גֶט׳ן. אֶפְשֶׁר —

האָט ער מיט איר געטענה׳עט. — וועט זיי גאָט העלפן ווען זיי וועלן זיך שיידן.

נאַטירליך האָט די פרוי אויסגעהערט דעם פאָרשלאַג מיט גרויס צוּבראָכנקייט. אָבער אַזוי ערליך און געטרײַ איז די פרוי געווען פאַר איהר מאַן, אַז זי האָט מוחל געווען אויף איהר אייגן גליק, כדי זי זאָל דעם אומגליקליכן מאַן איהרן, גליקלאַך מאַכן. זיי האָבן אַלזאָ באַשלאָסן צו גיין צו דעם גרויסן היילִיגן תּנא רבי שמעון בר יוחאי, און איהם בעטן אַז ער זאָל זיי געט׳ן לויטן אידישן דין.

אַרײַנקומענדיג צו דעם תּנא, האָבן זיי איהם פאָרגעלייגט, אַז ער זאָל זיי דעם געט דורכפירן.

דער היילִיגער תּנא רבי שמעון בר יוחאי, באַטראַכטנדיג דעם גרויסן צער פון דער אומגליקליכע פרוי, איר ערליכקייט און געטרײַשאַפט צו דעם מאַן מיט וועלכן זי האָט געוואוינט צען יאָהר אַלס אַ גליקליכע פרוי, האָט זיך צו איר אָנגערופן:

— מײַן טאָכטער! איך בעשווער דיר, אַז

אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט גֶעמַאכְט אַ סְעוּדָה וֶוען דוּ בִּיסְט מִיט דַיין מַאן גֶעוָוארְן אֵיין פָּאר פָּאלְק, אַזוֹי זָאלְסְטוּ מַאכְן אַ סְעוּדָה אוֹיךְ וֶוען אִיהר גֵייט זִיךְ גֶט'ן.

דִי וֶוערְטֶער פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן זַיינֶען זֵיי בֵּיידְן זַייעֶר גוּט גֶעפֶעלְן גֶעוָוארְן, אוּן דִי פְרוֹי הָאט טַאקֶע צוּגֶעגְרֵייט אַ סְעוּדָה כְּיַד הַמֶלֶךְ, מִיט דִי בֶּעסְטֶע עֶסְנְוַוארְג אוּן פַיינְסְטֶע גֶעטְרַאנְקֶען.

דֶעם מַאן אִיז נַאטִירְלִיךְ אִיצְט שׁוֹין גֶעוֶוען לַייכְטֶער אוֹיפְן הַארְץ, אוּן עֶר הָאט זִיךְ בַּיי דֶער דָאזִיגֶע סְעוּדָה טַאקֶע גֶעלָאזְט וואוֹיל גֵיין. וֶוען עֶר הָאט זִיךְ גֶעהַאט אַ בִּיסְל אָנְגֶעטְרוּנְקֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ דֶער פְרוֹי, מִיט וֶועלְכֶער עֶר אִיז זִיךְ גֶעגַאנְגֶען גֶט'ן גְלַייךְ נָאךְ דֶער מָאלְצַייט:

— הֶער אוֹיס מַיין טַייעֶרֶע! אִיךְ וֵוייס בֶּאֱמֶת נִישְׁט ווִי אַזוֹי אִיךְ זָאל דִיר בַּאוַוייזְן מַיין דַאנְקְבַּארְקַייט פַאר דַיין גֶעטְרַיישַׁאפְט, גוּטְסְקַייט אוּן לִיבְּלִיכְקַייט, וָואס דוּ הָאסְט מִיר בַּאווִיזְן אִין דִי צֶען יָאהר וָואס מִיר הָאבְּן צוּזַאמֶען גֶעווּאוּינְט: אִיךְ קֶען דִיר נָאר זָאגְן אֵיין זַאךְ, אַז אִיצְט וֶוען דוּ

הַאלְטְסְט בַּיים פֶּערְלָאזְן מַיין הויז, און גֵיין צוּרִיק צוּ דַיין פָּאטֶער׳ס הויז, זָאלְסְטוּ דִיר פון דַאנֶען מִיטְנֶעמֶען דִי בֶּעסְטֶע, שֶׁענְסְטֶע און טַייעֶרְסְטֶע זַאכְן וָואס עֶס גֶעפִינְט זִיךְ דָא אִין הויז.

אַרוֹיסְרֶעדְנְדִיג דִי וֶוערְטֶער אִיז דֶער מַאן פון מִידְקַייט גְלַייךְ אַרוֹיף אוֹיף זַיין בֶּעט, און אִיז בַּאלְד אַנְטְשְׁלָאפְן גֶעוָוארְן. אִין דֶער פְּרִיה הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְגֶעכַאפְּט, און אוֹיפְמַאכְנְדִיג זַיינֶע אוֹיגְן הָאט עֶר זִיךְ זֵייעֶר דֶערְשְׁרָאקְן, דֶערְזֶעהֶענְדִיג אַז זַיין פְרוֹי שְׁטֵייט בַּיי זַיין בֶּעט אִין אַ פְרֶעמְדֶע שְׁטוּב.

— הַא, וָואס אִיז דָאס? — הָאט עֶר אוֹיסְגֶעשְׁרִיגְן — אַוואוּ גֶעפִין אִיךְ זִיךְ, וֶוער הָאט מִיר דָא אַהֶער גֶעבְרַאכְט, און וִוי קוּמְסְטוּ דָא?

דִי פְרוֹי הָאט אִיהם זֵייעֶר מִילְד אָנְגֶעקוּקְט, און הָאט אִיהם מִיט אַ שְׁמֵייכְל גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— הֶער זִיךְ אַיין, מַיין טַייעֶרער מַאן, וֶועל אִיךְ דִיר אַלֶעס עֶרְקְלֶערְן. דוּ גֶעדֵיינְקְסְט גֶעוִויס אַז בַּאלְד נָאךְ אוּנְזֶער אָבְשֵׁיידְס סְעוּדָה, נֶעכְטְן בַּיי נַאכְט, הָאסְטוּ מִיר גֶעזָאגְט, אַז אֵיידֶער אִיךְ

פַארְלָאז דַיין הוֹיז זָאל אִיךְ מִיר אוֹיסְקְלַייבְּן דָאס שֶׁענְסְטֶע, דָאס בֶּעסְטֶע אוּן טַייעֶרְסְטֶע חֵפֶץ פוּן הוֹיז, אוּן מִיט מִיר מִיטְנֶעמֶען. אַרוּמְקוּקְנְדִיג אַ וַויילֶע אִיז מַיין אוֹיג גְלַייךְ גֶעפַאלְן אוֹיפְן דָאזִיגְן חֵפֶץ. (אוֹיף אִיהר מַאן). אַזוֹי וְוִי אָבֶּער עֶס אִיז גֶעוֶוען צוּ שְׁוֶוער פַאר מִיר אַלֵיין דִי זַאךְ אַוֶועקְצוּטְרָאגְן, הָאבּ אִיךְ גֶעהֵייסְן צְוֵויי דִינֶערְס אַז זֵיי זָאלְן עֶס אַהֶערְטְרָאגְן, אוּן דוּ, מַיין טַייעֶרֶע אוּן בֶּעסְטֶע אוּן שֶׁענְסְטֶע זַאךְ אִין דֶער וֶועלְט, גֶעפִינְסְטוּ זִיךְ טַאקֶע אִיצְט אִין דַיין אֵייגֶענֶע בֶּעט, אִין מַיין פָּאטֶער'ס הוֹיז.

מִיט אַ מָאדְנֶעם גֶעפִיל, גֶעמִישְׁט פוּן טְרוֹיעֶר אוּן פְרֵייד, גֶעלֶעכְטֶער אוּן גֶעוֵויין, הָאט עֶר אוֹיף אִיהר גֶעקוּקְט, וֶוען זִי הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דִי דָאזִיגֶע זֵייעֶר רִירְנְדֶע וֶוערְטֶער. זַיין גַאנְצֶע פַארְגַאנְגְנְהַייט אִיז אִיהם אוֹיף אַ אֵיינְצִיגֶע מִינוּט אַרוֹיפְגֶעשְׁווֹאוּמֶען. דִי צֶען גְלִיקְלִיכֶע יָאהְרְן וָואס עֶר הָאט מִיט אִיהר גֶעלֶעבְּט זַיינֶען אִין זַיין קָאפּ אַדוּרְךְ אִין אֵיין אוֹיגְנְבְּלִיק. פְּלוּצְלוּנְג הָאט עֶר זִיךְ אָבֶּער אַ כַאפּ גֶעטְהוּן: דִי צוּקוּנְפְט! יָא, דִי צוּקוּנְפְט, דָאס אִיז יֶעצְט דֶער עִיקָר! עֶר אִיז צוּרִיק גֶעפַאלְן אוֹיף זַיין בֶּעט, אוּן הָאט גֶעטְרַאכְט,

גֶעטְרַאכְט — — —

עֶר הָאט דַאן זַיין צַייטְוַויילִיגֶע שְׁטִילְקַייט אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגְן מִיט דִי דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער:

— מַיין טַייעֶרֶע פְרוֹי! אִיךְ מוּז דִיר זָאגְן, אַז אִיךְ גֶעפִין נִישְׁט קֵיין וֶוערְטֶער מִיט וֶועלְכֶע אוֹיסְצוּדְרִיקְן מַיינֶע אִיצְטִיגֶע גֶעפִילְן. נָאר אֵיין זַאךְ קֶען אִיךְ דִיר זָאגְן, אַז דַיין לֶעצְטֶע מַעֲשֶׂה, וֶועלְכֶע דוּ הָאסְט דוּרְכְגֶעפִירְט מִיט אַזוֹי פִיהל חָכְמָה, מִיט גֶעפִילְן פוּן גֶעטְרַיישַׁאפְט אוּן אִיבֶּערְגֶעבְּנְהַייט, הָאט מִיר אוֹיף אַזוֹי פִיהל גֶערִירְט, אַז אִיךְ וֶועל מוּזְן עֶנְדֶערְן מַיינֶע פְּלֶענֶער בְּנוֹגֵעַ מַיין — רִיכְטִיגֶער גֶעזָאגְט, — אוּנְזֶער צוּקוּנְפְט. אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּם בַּאשְׁלוּס, אַז אַזַא אִיבֶּערְגֶעבְּנְהַייט מוּז זַיין גֶעגְנְזַייטִיג, אַז אוֹיךְ אִיךְ מוּז אַלֶעס מוֹחֵל זַיין צוּלִיב מַיין גֶעטְרַיישַׁאפְט צוּ דִיר...

אוּן אִיצְט מַיין טַייעֶרֶע פְרוֹי, מוּזְן מִיר גֵיין צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, אוּן אִיהם דֶערְצֵיילְן וָואס דָא אִיז אִיצְט פָּארְגֶעקוּמֶען צְוִוישְׁן אוּנְז.

נָאכְדֶעם וָואס דֶער הֵיילִיגֶער תַּנָא הָאט גֶעהֶערְט דִי וֶוערְטֶער, הָאט עֶר זִיךְ צוּ זֵיי

אָנְגֶערוּפְן:

— איצְט מַיינֶע קִינְדֶער, בְּלַייבְּט פַאר מִיר נִישְׁט מֶער צוּ טְהוּן, נָאר מִתְפַּלֵל זַיין צוּ הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ אַז עֶר זָאל אַייךְ בֶּענְטְשְׁן מִיט גוּטֶע, פְרוּמֶע אוּן עֶרְלִיכֶע קִינְדֶער, אַזוֹי וְוי אִיהר בֵּיידֶע פֶערְדִינְט זִיךְ.

דָאס פָּאר פָאלְק אִיז נַאכֶער בַּאגְלִיקְט גֶעוָוארְן מִיט גְרוֹיס עֲשִׁירוּת, פַיינֶע פְרוּמֶע קִינְדֶער גְרוֹיסֶע תַּלְמִידֵי חֲכָמִים, אוּן מִיט אֲרִיכוּת יָמִים.

# די בְּרָכָה פון רַבִּי שִׁמְעוֹן

די צְוֵויי הֵיילִיגֶע צַדִיקִים רַבִּי חִיָיא און רַבִּי יוֹסִי זַיינֶען אַמָאל גֶעגַאנְגֶען צוֹלִיב דֶעם צְוֶועק פון פִּדְיוֹן שְׁבוּיִם. אוֹיפְן וֶועג הָאבְּן זֵיי זִיךְ אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט אִין אַ קְרֶעטְשְׁמֶע און דָארְטְן גֶעבְּלִיבְּן נֶעכְטִיגְן. וֶוען עֶס אִיז גֶעוָוארְן הַאלְבֶּע נַאכְט, הָאבְּן זֵיי זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן כְּדֵי צוּ לֶערְנֶען תּוֹרָה. דֶעם קְרֶעטְשְׁמֶערְס טָאכְטֶער הָאט פַּאר זֵיי אָנְגֶעצוּנְדְן אַ לִיכְט זֵיי זָאלְן זֶעהן צוּ לֶערְנֶען, און זִי הָאט זִיךְ אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט אִין אַ זַייט כְּדֵי אַיינְצוּהֶערְן און זִיךְ אָנְזַאפְּן מִיט דִי תּוֹרָה וָואס דִי צְוֵויי גְרוֹיסֶע חֲכָמִים וֶועלְן לֶערְנֶען.

אִין מִיטְן לֶערְנֶען הָאבְּן זֵיי בַּאמֶערְקְט דִי פְּרוֹי ווי זִי שְׁטֵייט אִין אַ זַייט און הֶערְט צוּ זֵייעֶר לֶערְנֶען. רוּפְט זִיךְ אָן רַבִּי יוֹסִי צוּ רַבִּי חִיָיא׳ן:

— עֶס שְׁטֵייט אִין פָּסוּק ״כִּי נֵר מִצְוָה וְתוֹרָה

אוֹר", דֶער נֵר מֵיינְט מֶען דֶעם לִיכְט פוּן שַׁבָּת וָואס דִי וַוייבֶּער גְרֵייטְן עֶס אָנְצוּצִינְדְן, אוּן דִי תּוֹרָה אִיז וָואס מִיר דִי מֶענֶער לֶערְנֶען, דֶערְמִיט וֶוערְט בֶּעלוֹיכְטְן דִי לִיכְט.

וֶוען דִי פְרוֹי הָאט גֶעהֶערְט זֵייעֶרֶע רֵייד, הָאט זִי אָנְגֶעהוֹיבְּן שְׁטַארְק צוּ וֵויינֶען. דֶערְוַוייל אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִיהר פָּאטֶער דֶער קְרֶעטְשְׁמֶער אוּן גֶעטְרָאפְן זַיין טָאכְטֶער וֵויינֶענְדִיג.

— פַארְוָואס וֵויינְסְטוּ, מַיין קִינְד! — הָאט דֶער פָּאטֶער גֶעפְרֶעגְט אַ דֶערְשְׁרָאקֶענֶער פַאר דִי טָאכְטֶער.

הָאט זִי אִיהם אִיבֶּערְגֶעזָאגְט דִי וֶוערְטֶער וָואס דִי חֲכָמִים הָאבְּן צְווִישְׁן זִיךְ גֶערֶעדְט. הֶערְנְדִיג דִי וֶוערְטֶער הָאט אוֹיךְ דֶער פָּאטֶער אָנְגֶעהוֹיבְּן זֵייעֶר צוּ וֵויינֶען.

דִי חֲכָמִים הָאבְּן גֶעקוּקְט ווּאוּנְדֶערְלִיךְ אוֹיף דֶער מָאדְנֶע סְצֶענֶע. דֶער טַאטֶע מִיט דִי טָאכְטֶער זִיצְן בֵּיידֶע אוּן וֵויינֶען. וֶוער וֵוייס, אֶפְשֶׁר אִיז אַ אוּמְגְלִיק זִיי גֶעשֶׁעהְן.

— פאַרוואס ווײנט איהר אַזוי ביטער — האָט זיך רבי יוסי אָנגערופן — אפשר איז די סיבה וואס איהר האָט נישט זוכה געווען צו אַ אײדים אַ תּלמיד חכם?

— יאָ, הײליגער רבי — האָט דער קרעטשמער געזאָגט — איהר רעדט ממש ווי אַ נביא. איהר האָט ריכטיג געטראָפן. דאס איז טאַקע די אמתע אורזאַך פון אונזער בײדנס ווײנען.

— ווער זשע האָט אײך געהײסן טהון אַזא שידוך, מיט אַ עם הארץ? — האָט זײ רבי יוסי געפרעגט — ווידער האָט איהר נאָך יעצט אויך אַ עצה, איהם בעטן ער זאָל זיך אָפּשײדן און גט׳ן און נעמען אַ צווײטן אײדים אַ תּלמיד חכם?

— מיר האָבן געהאַט אין איהם אַ גרויסן טעות — האָט דער קרעטשמער געזאָגט — מיר זײנען פּשוט דורכגעפאַלן מיטן שידוך. די מעשה איז אַזוי געווען. איך בין אַמאָל געגאַנגען אין שוהל, האָב איך געזעהן ווי דער בחור שפּרינגט אַראָפּ פון אַ דאַך און איז געלאָפן אין שוהל כּדי צו הערן קדושה בצבור, בין איך אַרויס פון

הִתְפַּעֲלוּת צוּ זֶעהְן פַאר מִיר אַזַא גְרוֹיסְן יְרֵא שָׁמַיִם. אִיךְ הָאבּ קֵיין סַאךְ נִישְׁט גֶעטְרַאכְט אוּן נִישְׁט נָאכְגֶעפְרֶעגְט אוֹיף אִיהם, נָאר בַּאלְד נָאכְן דַאוְונֶען הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעפְרֶעגְט צוּ עֶר וְויל וֶוערְן בַּיי מִיר אַ אֵיידִים, עֶר הָאט צוּגֶעשְׁטִימְט אוּן מֶען הָאט גֶעשְׁטֶעלְט חוּפָּה. אִיךְ הָאבּ בַּיי זִיךְ גֶעטְרַאכְט, אֵיינֶער וָואס אִיז אַזוֹי פוֹהל מִיט יִרְאַת שָׁמַיִם אַז עֶר קֶען שְׁפְּרִינְגֶען פוּן דַאךְ כְּדֵי צוּ הֶערְן קְדוּשָׁה אוּן עֶנְטְפֶערְן אָמֵן, גֶעוִויס אִיז עֶר אוֹיךְ אַ גְרוֹיסֶער תַּלְמִיד חָכָם אוּן וֶועט אוֹיסְוַואקְסְן אַ גָדוֹל בַּתּוֹרָה. צוּ הָאבְּן אַזַא אֵיידִים הָאבּ אִיךְ זִיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעוואוּנְטְשְׁן. אוֹיךְ מַיין טָאכְטֶער הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעשְׁטְרֶעבְּט צוּ אַ מַאן אַ תַּלְמִיד חָכָם. בְּעזוּנְדֶערְס וֶוען דֶער בָּחוּר'ל אִיז נָאךְ אַזוֹי יוּנְג, קוֹים צְוֶועלְף יָאהר אַלְט.

— צוּ מַיין אוּמְגְלִיק — הָאט דֶער קְרֶעטְשְׁמֶער גֶעעֶנְדִיגְט זַיין טְרוֹיעֶרִיגֶע עֶרְצֵיילוּנְג — הָאבּ אִיךְ שׁוֹין אוֹיף מָארְגְן בֶּעמֶערְקְט דָאס מַיין אֵיידִים קֶען אֲפִילוּ קֵיין קְרִיאַת שְׁמַע נִישְׁט לֵייעֶנֶען. עֶר קֶען נִישְׁט בֶּענְטְשְׁן קֵיין בִּרְכַּת הַמָּזוֹן, עֶר אִיז מַמָּשׁ אַ פְּרָאסְטֶער עַם הָאָרֶץ. וִויפְל אִיךְ פְּרוּבּ אִיהם צוּ לֶערְנֶען, אִיךְ בֶּעט זִיךְ בַּיי אִיהם עֶר

זאָל זיצן אין שוהל אָדער אין ישיבה און זיך אויסלערנען אַ אידיש וואָרט, אָבער זײן קאָפּ נעמט נישט. ער איז דערװײל דער זעלבער עם הארץ. דאָס איז בײ אונז אַ ריס אין הארץ, דעריבער װײנען מיר דערויף.

דערװײל איז אויפגעשטאַנען דער יונגער אײדימל, ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און אַרײן אין צימער וואו די חכמים זײנען געזעסן און זיך אויך געזעצט נעבן זײ. רבי יוסי האָט איהם שטאַרק אָנגעקוקט.

— איך זעה אויף דעם יונגיטשקן — האָט רבי יוסי געזאָגט — אַז עס שײנט פון איהם אַ תורה ליכט. איך װײס אָבער נישט צו ער אַלײן װעט אַמאָל זײן אַ גדול בתורה, אָדער ער װעט האָבן אַ קינד װאָס װעט באַלײכטן די װעלט מיט תורה.

הערנדיג די װערטער האָט דער יונגערמאַן אָנגעהויבן צו שמײכלען.

— רבותי — האָט ער זיך אָנגערופן — גיט מיר ערלויבעניש צו רעדן פאַר אײך אַ פּאָר

ווערטער.

— עס שטייט אין פָּסוק — האט ער אָנגעהויבּן נאָכדעם ווי די חֲכָמִים האָבּן איהם ערלויבּט — ״צָעִיר אֲנִי לְיָמִים וְאַתֶּם יְשִׁישִׁים עַל כֵּן זָחַלְתִּי וָאִירָא מֵחַוֹּת דֵּעִי אֶתְכֶם״ (אִיוֹב ל״ב ו), איך בּין נאָך זייער יונג און איהר זיינט עלטערע, דעריבּער האבּ איך מוֹרָא און איך ציטער צו רעדן פאר אייך א וואָרט. בּיי מיר איז אויך דאס זעלבּע, איך בּין נאָך זייער יונג האבּ איך בּיי מיר אָפּגעמאכט נישט צו רעדן אין לערנען בּיז צוויי מאנאטן. היינטיגן טאג האבּן זיך געענדיגט די צוויי מאנאטן, יעצט אז דער אויבּערשטער האט אייך, רבּוֹתַי, צוגעשיקט אהער, לאמיר טאקע רעדן צוזאמען אין לערנען.

דער יונגערמאן האט געזאָגט פאר זיי א גאנצע שטיק תּוֹרָה. ווען ער האט געענדיגט, האט ער צו זיי אזוי געזאָגט:

— וויסן זאָלט איהר, רבּוֹתַי, אז איך בּין פון בָּבֶל, א זוהן פון רַב סַפְרָא. איך האבּ ליידער נישט זוֹכֶה געווען צו קענען א סאך מיין פאטער ווייל

אִיךְ בִּין גֶעוָוארְן אַ יָתוֹם. קוּמֶענְדִיג דָא אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָאבּ אִיךְ מוֹרָא גֶעהַאט צוּ רֶעדְן אַ וָוארְט וַוייל דָא וואוֹינֶען גְדוֹלִים אוּן גְרוֹיסֶע גְאוֹנִים, דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אָפְּגֶעמַאכְט נִישְׁט צוּ רֶעדְן אִין לֶערְנֶען בִּיז צְוֵויי מָאנַאטְן. הַיינְט וָואס דִי צְוֵויי מָאנַאטְן הָאבְּן זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט בִּין אִיךְ זֵייעֶר צוּפְרִידְן וָואס אִיהר הָאט דָא גֶענֶעכְטִיגְט אוּן עֶס אִיז דָא מִיט וֶועמֶען צוּ רֶעדְן אִין לֶערְנֶען.

רַבִּי יוֹסִי אִיז גֶערִיהְרְט גֶעוָוארְן פוּן דֶעם יוּנְגֶערְמַאנְס וֶוערְטֶער. טְרֶערְן הָאבְּן אִיהם גֶערוּנֶען פוּן דִי אוֹיגְן. עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן גֶעגֶעבְּן דֶעם יוּנְגֶערְמַאן אַ קוּשׁ אִין שְׁטֶערְן.

— וואוֹיל אִיז צוּ אוּנְז — הָאט רַבִּי יוֹסִי אוֹיסְגֶערוּפְן — וָואס מִיר הָאבְּן זוֹכֶה גֶעוֶוען צוּ הֶערְן דָא אוֹיפְן וֶועג אַזֶעלְכֶע חָשׁוּבֶע תּוֹרָה, וֶועלְכֶע מִיר הָאבְּן נָאךְ בִּיז אַהֶער קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעהֶערְט.

אוֹיךְ זַיין שְׁוֶוער, דֶער קְרֶעטְשְׁמֶער, אוּן דִי טָאכְטֶער, דִי פְרוֹי פוּן דֶעם יוּנְגֶערְמַאן הָאבְּן גֶעוֵויינְט פוּן גְרוֹיס פְרֵייד, זֶעהֶענְדִיג דָאס זֵיי הָאבְּן

בִּיז יֶעצְט גֶעהַאט אַ גְרוֹיסְן טָעוּת, אוּן אַז עֶר אִיז אַזַא גָדוֹל בַּתּוֹרָה.

— אִיךְ בֶּעט דִיר — הָאט רַבִּי יוֹסִי גֶעזָאגְט צוּם יוּנְגֶערְמַאן — זָאג אוּנְז אִיבֶּער נָאךְ חִידוּשֵׁי תּוֹרָה, נָאכְדֶעם וָואס מִיר הָאבְּן זוֹכֶה גֶעוֶועז דִיר צוּ בֶּעגֶעגֶענֶען.

דֶער יוּנְגֶערְמַאן הָאט גֶענוּמֶען אַרוּמְרֶעדְן דֶעם עִנְיָן פוּן בִּרְכַּת הַמָזוֹן, וְוי אַזוֹי אַ מֶענְטְשׁ דַארְף וְויסְן בִּשְׁעַת עֶר זֶעצְט זִיךְ עֶסְן, אַז דִי שְׁכִינָה גֶעפִינְט זִיךְ בַּיים טִישׁ וְוי עֶס שְׁטֵייט אִין פָּסוּק: "וְאָכַלְתָּ לִפְנֵי ה' אֱלֹקֶיךָ", עֶר זָאל בִּשְׁעַת דֶעם עֶסְן לֶערְנֶען תּוֹרָה אוּן נִישְׁט רֶעדְן קֵיין דְבָרִים בְּטֵלִים, אוּן וְוי וַוייט מֶען דַארְף אַכְטוּנְג גֶעבְּן דָאס בֶּענְטְשְׁן זָאל זַיין מִיט כַּוָנָה, מֶען זָאל דַאנְקֶען דֶעם בַּאשֶׁעפֶער אוּן זִיךְ פְרֵייעֶן וָואס עֶר הָאט אִיהם גֶעגֶעבְּן שְׁפַּייז. עֶר הָאט אַרוּמְגֶערֶעדְט גָאר גְרוֹיסֶע עִנְיָנִים, אַזוֹי לַאנְג, דָאס מֶען הָאט כִּמְעַט נִישְׁט בֶּעמֶערְקְט וְוי עֶס הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ טָאגְן אוּן דִי זוּהן הָאט גֶענוּמֶען שַׁיינֶען אִיבֶּער דֶער וֶועלְט.

רַבִּי יוֹסִי הָאט זִיךְ זֵייעֶר גֶעפְרֵייט אוּן אַרוֹיס

פון התְפַּעֲלוּת צוּ הֶערְן פוּן דֶעם יוּנְגֶערְמַאן אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע סוֹדוֹת אִין דֶער תּוֹרָה.

— בִּיז יֶעצְט — הָאט רַבִּי יוֹסִי זִיךְ אָנְגֶערוּפְן צוּם בַּעַל הַבַּיִת מִיט זַיין טָאכְטֶער — הָאט אִיהר גֶעהַאט אַ טָעוּת אוּן גֶעמֵיינְט אַז אִיהר זַיינְט אַרַיינְגֶעפַאלְן מִיט אַ אֵיידִים אַ עַם הָאָרֶץ. אִיהר זֶעהט דָאךְ שׁוֹין דָאס אִיהר הָאט גֶעהַאט אַ טָעוּת, דֶערִיבֶּער דַארְף מֶען אִיבֶּערְמַאכְן דִי חֲתוּנָה. מִיר וֶועלְן פוּן דַאנֶען נִישְׁט אַוֶועקְגֵיין בִּיז דִי גַאנְצֶע שְׁטָאט וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן צוּזַאמֶען מִיט אוּנְז אוּן מִיט אַייךְ.

מֶען הָאט גֶעדוּנְגֶען אַ זַאל, אוּן צוּזַאמֶען גֶערוּפְן דִי שְׁטָאט לַייט. דֶעם יוּנְגֶערְמַאן הָאט מֶען גֶערוּפְן חָתָן, אוּן זַיין פְרוֹי, כַּלָה. דִי גַאנְצֶע שְׁטָאט הָאט זִיךְ זֵייעֶר גֶעפְרֵייט אוֹיף דִי נַייעֶ חֲתוּנָה. דֶער חָתָן הָאט גֶעזָאגְט תּוֹרָה, אוּן דֶער עוֹלָם אִיז גֶעוֶוען אוֹיסֶער זִיךְ פוּן הִתְפַּעֲלוּת, זֶעהֶענְדִיג פַאר זִיךְ אַזַא יוּנְגֶער מַאן אוּן דָאךְ אַזַא גְרוֹיסֶער גָאוֹן. מֶען הָאט בַּאלְד בֶּעשְׁלָאסְן אִין שְׁטָאט אִיהם אוֹיפְנֶעמֶען פַאר דֶעם רָב פוּן שְׁטָאט. דִי שִׂמְחָה אִיז דָארְט גֶעוֶוען אוֹיסֶערְגֶעוֵויינְלִיךְ.

אוֹיף מָארְגְן הָאבְּן דִי חֲכָמִים זִיךְ גֶעזֶעגְנְט פוּן דֶעם יוּנְגְן רָב אוּן גֶעגַאנְגֶען זֵייעֶר וֶועג, וֶוען זֵיי זַיינֶען דֶערְנָאךְ גֶעקוּמֶען צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אוּן עֶר הָאט זֵיי דֶערְזֶעהְן, הָאט עֶר בַּאלְד אוֹיסְגֶערוּפְן:

— וֶוען אִיךְ קוּק אוֹיף אַייךְ יֶעצְט, זֶעה אִיךְ דָאס אִיהר הָאט אוֹיף אַייעֶר וֶועג אַיינְגֶעשְׁטַאנֶען בַּיי אַ יוּנְגְן גָאוֹן אוּן גֶעהֶערְט פוּן אִיהם הוֹיכֶע סוֹדוֹת אִין דֶער תּוֹרָה. ווּאוֹיל צוּ אַייךְ, מַיינֶע קִינְדֶער, וָואס אִיהר הָאט דֶערְצוּ זוֹכֶה גֶעוֶוען.

דִי חֲכָמִים הָאבְּן אִיהם דֶערְצֵיילְט אַלֶעס וָואס מִיט זֵיי הָאט פַּאסִירְט אוֹיפְן וֶועג, אוּן אִיבֶּערְגֶעזָאגְט דִי אַלֶע תּוֹרוֹת, וָואס זֵיי הָאבְּן זִיךְ אָנְגֶעהֶערְט.

— אָה, אִיךְ דֶערְמַאן זִיךְ יֶעצְט — הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי צוּ זֵיי גֶעזָאגְט — אִיךְ בִּין אַמָאל גֶעגַאנְגֶען אוֹיפְן וֶועג צוּזַאמֶען מִיט זַיין טַאטְן רַב סַפְרָא. וֶוען מִיר הָאבְּן זִיךְ גֶעזֶעגְנְט הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעווּאוּנְטְשְׁן אוּן גֶעבֶּענְטְשְׁט עֶר זָאל זוֹכֶה זַיין צוּ הָאבְּן אַ זוּהן וָואס זָאל זַיין ווִי אַ לֵייבּ אִין דֶער

תּוֹרָה. אַ שָׁאד וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהם דַאן נִישְׁט גֶעוואוּנְטְשְׁן עֶר זָאל אוֹיךְ זוֹכֶה זַיין אִיהם אוֹיפְצוּהָאדֶעוֶוען. וִוי אִיךְ זֶעה אִיז מַיין בְּרָכָה אִינְגַאנְצְן מְקוּיָם גֶעוָוארְן. וואוּיל אִיז אַייעֶר חֶלֶק וָואס אִיהר הָאט זוֹכֶה גֶעוֶוען אִיהם צוּ זֶעהן אוּן הֶערְן פוּן אִיהם חִידוּשֵׁי תּוֹרָה.

## מְלַמֵד זְכוּת אוֹיף אִידְן

דֶערִיבֶּער פִּיהרְט מֶען זִיךְ צוּ מַאכְן אַ הִילוּלָא אִין ל"ג בָּעוֹמֶר וָואס דָאס אִיז דֶער טָאג פוּן דֶעם הִסְתַּלְקוּת פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, מֶער וִוי בַּיי דֶעם יָאהרְצַייט פוּן אַנְדֶערֶע צַדִיקִים, ווייל עֶר אִיז גֶעוֶוען דֶער אֵיינְצִיגֶער וָואס הָאט צוּגֶעזָאגְט פַּארְן כְּלַל יִשְׂרָאֵל זֵיי צוּ רַאטֶעוֶוען אוּן פַּטֶרְן פוּן דֶעם יוֹם הַדִין, אוּן ווִיבַּאלְד אִין דֶעם טָאג אִיז עֶר מַמְלִיץ גוּטְס פַּארְן כְּלַל יִשְׂרָאֵל אוּן עֶר אִיז מַמְתִּיק דִינִים פוּן זֵיי, דוּרְךְ דִי סַנֵיגוֹרְיָא וָואס עֶר שִׁיצְט אוֹיף זֵיי, מַאכְן מִיר דֶערִיבֶּער אִין דֶעם יוֹם טוֹב טָאג פוּן זַיין פְּטִירָה סְעוּדוֹת אוּן אַ שִׂמְחָה שֶׁל מִצְוָה.

(שִׂיחַ יִצְחָק, לְרַבִּי יִצְחָק אַלְפִיָה)

# אַ שְׁלִיחַ פוּן הִימְל

רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז אַמָאל גֶעגַאנְגֶען אִין וֶועג אוּן מִיט אִיהם זַיינֶען מִיטְגֶעגַאנְגֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים. זַיינֶען זֵיי צוּגֶעקוּמֶען צוּ אַ קְלֵיין טַייכֶעלֶע, אוּן רַבִּי יוֹסִי, וֶועלְנְדִיג אָנְנֶעמֶען פוּן אִיהם וַואסֶער, הָאט זִיךְ נַאס גֶעמַאכְט זַיינֶע קְלֵיידֶער. הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶערוּפְן:

— הַלְוַואי וָואלְט דֶער קְלֵיינֶער טַייכַאלֶע אִינְגַאנְצְן נִישְׁט בַּאשַׁאפְן גֶעוָוארְן אוֹיף דֶער וֶועלְט.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:

— מֶען טָאר נִישְׁט אַזוֹי רֶעדְן. מֶען טָאר נִישְׁט מְבַזֶה זַיין קֵיין זַאךְ וָואס אִיז בַּאשַׁאפְן גֶעוָוארְן צוּ בַּאדִינֶען דִי מֶענְטְשְׁן אוֹיף דֶער וֶועלְט. אִין פָּסוּק שְׁטֵייט דָאךְ: ״וַיַּרְא אֱלֹקִים אֶת כָּל אֲשֶׁר עָשָׂה וְהִנֵּה טוֹב מְאֹד״ — דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם הָאט גֶעזֶעהן

אַז אַלעס וָואס עֶר הָאט בַּאשַׁאפְן איז זֵייעֶר גוט. אֲפִילוּ שְׁלַאנְגֶען און עַקְרַבִּים און יַתּוּשִׁים זַיינֶען אויך מַזִּיקִים, דָאך זַיינֶען זֵיי אויך זֵייעֶר גוט. זֵיי בַּאדִינֶען די מֶענְטְשְׁן, זֵיי טְהוּעֶן פַאר די מֶענְטְשְׁן — נָאר מֶענְטְשְׁן וֵוייסְן נִישְׁט פון דֶעם.

אַזוֹי רֶעדְנְדִיג, הָאבְּן זֵיי דֶערְזֶעהן ווִי עֶס קְרִיכְט פָארְאוֹיס אַ שְׁלַאנְג. הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעזָאגְט:

— גֶעווִיס גֵייט עֶר יֶעצְט כְּדֵי צוּ טְהוּן פַאר אוּנְז אַ נֵס.

דֶער שְׁלַאנְג איז גֶעלָאפְן פָארְאוֹיס פון זֵיי, הָאט עֶר אָנְגֶעטְרָאפְן אוֹיפְן וֶועג זֵייעֶר אַ גִיפְטִיגְן שְׁלַאנְג (וָואס רוּפְט זִיך אֶפְעָה). דֶער שְׁלַאנְג הָאט זִיך אָנְגֶעהוֹיבְּן מִיט אִיהם צוּ שְׁלָאגְן, און בֵּיידֶע שְׁלַאנְגֶען זַיינֶען גֶעבְּלִיבְּן טוֹיט.

וֶוען רַבִּי שִׁמְעוֹן איז אָנְגֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם אָרְט, און דָאס דֶערְזֶעהן, הָאט עֶר גֶעזָאגְט:

— גֶעלוֹיבְּט און גֶעבֶּענְטְשְׁט איז דֶער בּוֹרֵא עוֹלָם, וָואס עֶר הָאט אוּנְז גֶעטְהוּן אַזַא גְרוֹיסְן נֵס.

דֶער אֶפְּעֶה אִיז דָאךְ אַזַא גֶעפֶּערְלִיכֶער שְׁלַאנְג, וָואס אֲפִילוּ דֶער וָואס קוּקְט נָאר אֵיינְמָאל אַרַיין אִין זַיינֶע אוֹיגְן, קֶען שׁוֹין פוּן אִיהם נִישְׁט גֶערַאטֶעוֶועט וֶוערְן — אוּן אָט זַיינֶען מִיר גֶערַאטֶעוֶועט גֶעוָוארְן פוּן אִיהם. אוּן דַוְקָא אַ שְׁלַאנְג אִיז גֶעוֶוען דֶער שְׁלִיחַ אוּנְז צוּ רַאטֶעוֶוען.

# דרײַ שטײנדלאַך

אײנער פון די תּלמידים פון רבי שמעון בר יוחאי האָט פֿאַרגעסן זײַן לערנען. איז ער געגאַנגען צו דער מערה פון זײַן רבין און דאָרטן געװײנט אויף זײַן צרה.

אַזוי װײנענדיק איז ער אַנטשלאָפֿן געװאָרן. זײַן רבי, רבי שמעון בר יוחאי, האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר אים און געזאָגט:

— װען דו װאַרפֿסט אין מיר דרײַ שטײנדלאַך — װעל איך קומען!

אויפֿשטײענדיק איז דער תּלמיד געגאַנגען צו אַ פּותר חלומות און אים געבעטן ער זאָל אים ענטשײדן דעם חלום. האָט אים יענער געזאָגט:

— װאָס דו לערנסט, זאָלסטו איבער׳חזרן דרײַ מאָל, װעט דאָס לערנען בלײַבן בײַ דיר, און

דוּ וֶועסְט מֶער נִישְׁט פַארְגֶעסְן דָאס לֶערְנֶען.

הָאט דֶער תַּלְמִיד זִיךְ אַזוֹי גֶעפִירְט, אוּן דָאס לֶערְנֶען אִיז גֶעבְּלִיבְּן בַּיי אִיהם, אַזוֹי ווִי זַיין רֶבִּי, דֶער תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט אִיהם מְרַמֵז גֶעוֶוען אִין חָלוֹם.

## הַקָפוֹת בַּיים צִיוּן פוּן רַשְׁבִּ״י

אֵיינְמָאל אִיז סוּכּוֹת אַרָאפְּגֶעגַאנְגֶען רֶעגְנְס אוּן דֶער בֵּית יוֹסֵף זצ״ל הָאט זִיךְ דֶערְפוּן גֶעעֶרְגֶערְט. הָאט דֶער ״מַגִיד״ זִיךְ צוּ אִיהם אַנְטְפְּלֶעקְט אוּן צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:

— דִי רֶעגְנְס וָואס זַיינֶען אַרָאפּ סוּכּוֹת אִיז נִישְׁט אַלְס קֵיין שְׁלֶעכְטֶער צֵייכְן, פַארְקֶערְט, אַייעֶרֶע תְּפִלוֹת זַיינֶען אָנְגֶענוּמֶען גֶעוֶוארְן, אוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי מִיט זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר הָאבְּן זִיךְ זֵייעֶר גֶעפְרֵיידְט וֶוען אִיהר הָאט גֶעלֶערְנְט זוֹהַר בַּיי זֵייעֶר מְעָרָה. נָאר ווִיבַּאלְד אִיהר הָאט דָארְטְן גֶעמַאכְט הַקָפוֹת מִיט דִי אַרְבָּעָה מִינִים וֶועלְכֶע זַיינֶען מְרַמֵז אוֹיף וַואסֶער, הָאבְּן זִיךְ דִי וַואסֶער עֶרְוֶועקְט אוּן גֶעקוּמֶען. וֶוען אִיהר וָואלְט גֶעמַאכְט נָאךְ אֵיינְמָאל אַ הַקָפָה, וָואלְט אַרָאפְּגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי פִיהל רֶעגְן ווִי אִין דֶער צַייט פוּן חוֹנִי הַמְעַגֵל.

(מַגִיד מֵישָׁרִים)

דרִיטֶער קַאפִּיטְל: **יַמְלִיץ טוֹב בַּעֲדֵנוּ**

אַ יְשׁוּעָה פַאר די טְבֶרְיָה׳ער קְהִילָה

מִיט קְפִיצַת הַדֶּרֶךְ

זִיךְ פַארְלָאזְט אוֹיף רַבִּי שִׁמְעוֹן

תְּחִיַת הַמֵתִים

בּוֹימְל פוּן דֶעם נֵר תָּמִיד

אוֹיף די אֵייגֶענֶע פִּיסְלַאךְ

אַ בְּרָכָה פוּן קִינְד

גֶעטַאנְצְט צוּזַאמֶען מִיט אַלֶעמֶען

אַ בַּאגֶעגֶענִישׁ בַּיי דֶער מְעָרָה

אַ תְּהִלִים פוּן מֵירוֹן

# אַ יְשׁוּעָה פַאר דִי טְבֶרְיָה'עֶר קְהִילָה

דֶער הֵיילִיגֶער צַדִיק רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן פוּן שִׁיפְּטִיוְוקֶע זצ"ל אִיז גֶעוֶוען אַ תַּלְמִיד מוּבְהָק פוּן דֶעם בַּעַל שֵׁם טוֹב'ס תַּלְמִיד רַבִּי יַעֲקֹב יוֹסֵף פוּן פּוֹלְנָאָה זצ"ל, דֶער מְחַבֵּר פוּן "תּוֹלְדוֹת יַעֲקֹב יוֹסֵף". אוּן נָאךְ דֶעם פּוֹלְנָאָה'עֶר צַדִיק'ס פְּטִירָה, אִיז דֶער שִׁיפְּטִיוְוקֶער גֶעוָוארְן אַ תַּלְמִיד מוּבְהָק צוּם הֵיילִיגְן צַדִיק רַבִּי פִּנְחָס פוּן קָארֶעץ זצ"ל.

דִי רְדִיפוֹת מִצַד דִי מִתְנַגְדִים בִּכְלַל, בֶּעזוּנְדֶערְס אִין לִיטָא, הָאבְּן זִיךְ דֶעם צַדִיק פוּן שִׁיפְּטִיוְוקֶע אַזוֹי צוּגֶעגֶעסְן, אַז עֶר הָאט בַּאשְׁלָאסְן צוּ פַארְלָאזְן חוּץ לָאָרֶץ, אוּן זִיךְ אַוֶועקְלָאזְן קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, דָארְט צוּ דִינֶען דֶעם בַּאשֶׁעפֶער מִיט תּוֹרָה אוּן עֲבוֹדָה.

עֶר הָאט זִיךְ בַּאזֶעצְט אִין דֶער שְׁטָאט טְבֶרְיָה, נָאכְדֶעם וָואס עֶר הָאט זוֹכֶה גֶעוֶוען נָאךְ פִיהל

שְׁװערֶע טִלְטוּלִים צוּ דֶערגְרֵייכְן דָאס הֵיילִיגֶע לַאנְד. דָארְט הָאט עֶר זִיךְ פּוֹרֵשׁ גֶעוֶוען פון דֶער וֶועלְט, זִיצְנְדִיג פַארְשְׁלָאסְן יוֹמָם וָלַיְלָה עַל הַתּוֹרָה וְעַל הָעֲבוֹדָה.

די הֵיילִיגֶע קְהִלָּה פון טְבֶרְיָה הָאט אִין אִיהם שְׁטַארְק נוֹהֵג כָּבוֹד גֶעוֶוען, וַוייל זֵיי הָאבְּן גֶעװאוּסְט וָואס פַאר אַ הֵיילִיגֶער צַדִיק דָאס אִיז, און אִיהם אוֹיסְגֶעהַאלְטְן מִיט זַיינֶע קְלֵיינֶע הִצְטַרְכוּת׳ן.

*

צוּ יֶענֶע צַייט הָאט דֶער פַּאשַׁא פון עַכּוֹ, אַ גְרוֹיסֶער רָשָׁע און שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל, גֶעהַאט די מֶמְשָׁלָה אִיבֶּער דֶער שְׁטָאט טְבֶרְיָה. די טֶערְקִישֶׁע צֶענְטְרַאל רֶעגִירוּנְג הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבְּן אִיבֶּער יֶענֶער פְּרָאוִוינְץ אַ פוּלְשְׁטֶענְדִיגֶע מֶמְשָׁלָה און עֶר הָאט דָארְט גֶעקֶענְט טְהוּן אַלְצְדִינְג וָואס עֶר הָאט נָאר גֶעוָואלְט. אַ אֱמֶתֶער זֶעלְבְּסְט הֶערְשֶׁער.

זַייעֶנְדִיג אַ אַכְזָר און אַ גְרוֹיסֶער גֶעלְד-לִיבּ-הָאבֶּער, הָאט עֶר שְׁטֶענְדִיג גֶעזוּכְט וֶועגְן וִוי אַזוֹי

צוּ דְרִיקְן בֶּעזוּנְדֶערְס דִי בַּיי אִיהם פֶערְהַאסְטֶע אִידְן. הָאט עֶר אַמָאל גֶעשִׁיקְט אַ בַּאפֶעל צוּ דֶער אִידִישֶׁע קְהִלָּה פוּן טְבֶרְיָה, אַז זִי זָאל בַּאצָאלְן אַ גֶעוַואלְדִיגְן גְרוֹיסְן שְׁטַייעֶר צוּ דֶער רֶעגִירוּנְג. דֶער שְׁטַייעֶר אִיז גֶעוֶועזְן אַ הוֹן רַב, מֶער פוּן וִויפְל דָאס גַאנְצֶע אִידִישֶׁע פַארְמֶעגְן פוּן יֶענֶער שְׁטָאט הָאט בַּאטְרָאפְן. אָבֶּער דֶער שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל הָאט עֶס גֶעמַאכְט קוּרְץ אוּן שַׁארְף. אוֹיבּ מֶען וֶועט אִיהם נִישְׁט צוּשְׁטֶעלְן דֶעם פֶערְלַאנְגְטְן בֶּעטְרָאג בִּיז אַ גֶעוִויסֶע צַייט, וֶועט עֶר, אָן רַחְמָנוּת, פֶערְטְרַייבְּן אַלֶע אִידְן פוּן דֶער שְׁטָאט טְבֶרְיָה, אֲנָשִׁים נָשִׁים וְטַף, זָאלְן זֵיי זִיךְ גֵיין וואוּהִין דִי אוֹיגְן וֶועלְן זֵיי פִיהְרְן אוּן דִי פִיס וֶועלְן זֵיי טְרָאגְן.

הָאט דִי אִידִישֶׁע קְהִלָּה גוּט גֶעוואוּסְט, אַז בַּיי דֶעם אַכְזָר וֶועלְן זֵיי נִישְׁט גֶעפִינֶען קֵיין רַחֲמִים. הָאט מֶען זִיךְ פֶערְזַאמְלְט, אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ הַאלְטְן עֵצוֹת, פוּן וַואנֶען צוּ בֶּעקוּמֶען אַזַא גְרוֹיסֶע סוּמֶע גֶעלְד, וָואס זֵיי אַלֵיין זַיינֶען נִישְׁט אִימְשְׁטַאנְד צוּ בֶּעצָאהלְן, אוֹיךְ מִיט דִי גְרֶעסְטֶע אָנְשְׁטְרֵיינְגוּנְגֶען.

נָאךְ פִיהל בֶּערַאטוּנְגֶען, הָאט מֶען בֶּעשְׁלָאסְן אַרוֹיסְצוּשִׁיקְן אַ מְשׁוּלָּח צוּ דִי לֶענְדֶער, וואוּ דִי

אידן זײנען אין אַ פּיהל בּעסערן מַטעריאַלישן צושטאנד, כּדי בּײ זײ צו זאמלען נדבות פאר "פּדיון שבוּים". אידן זײנען דאך בּני רחמנים, װעלן זײ נישט לאזן, אַז די הײליגע קהלה פון טבריה זאל פערטריבּן װערן און מוזן אָפּריכטן גלות.

אָבער װעמען שיקט מען אַלס אַ משולח? צו אַזא שליחות מוז מען דאך האבּן עפּעס אײנעם װאס איז ראוי דורך זײנע גרויסע מעלות צו זײן אַ משולח און אַ פארטרעטער פון אַזא חשובע קהלה װי טבריה.

נמנו וגמרו פּה אחד, האבּן זײ אַלע אײנשטימיג בּאשלאסן, אַז דער צדיק רבּי יעקב שמשון איז דער אײנציגער װעלכער איז ראוי צו אַזא שליחות־הקודש, און װעלכער קען זײ געבּן די האפנונג אַז די נסיעה װעט נושא פּירות זײן.

שװער, זײער שװער איז עס געװען פאר דעם שיפּטיװקער צדיק זיך אָפּצורײסן פון זײן אוהל־תּורה און זיך פארנעמען מיט אַזא װײטע נסיעה, װעלכע איז פארבּונדן נישט נאר מיט סכּנות

נְפָשׁוֹת, נָאר מִיט נָאךְ עֶרְגֶערְס, מִיט אַ בִּטּוּל תּוֹרָה. אָבֶּער דִי צָרָה אִיז צוּ גְרוֹיס, עֶר זָאל זִיךְ קֶענֶען אָפְּזָאגְן. אַ גַאנְצֶע קְהִלָּה שְׁטֵייט אִין אַ סַכָּנָה, מוּז מֶען זֶעהן רַאטֶעוֶועןְ, וָואס עֶס זָאל נִישְׁט קָאסְטְן.

דָאס אִיז דֶער כֹּחַ פוּן אַ צַדִיק. צוּלִיבּ דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל אִיז עֶר גְרֵייט מַפְקִיר צוּ זַיין נִישְׁט נָאר זַיין גוּף נָאר אוֹיךְ זַיין נֶפֶשׁ. דֶער כְּלַל אִיז בַּיי אִיהם חָשׁוּבֶער וִוי דֶער פְּרַט, אֲפִילוּ וִוי דֶער גָאר חָשׁוּבְסְטֶער פְּרַט.

הָאט דֶער צַדִיק רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן צוּזַאמֶענְגֶעפַּאקְט זַיינֶע זַאכְן אוּן זִיךְ אַוֶועק גֶעלָאזְט צוּ דִי אַרְצוֹת־הַמַעֲרָב.

דִי עֶרְשְׁטֶע סְטַאנְצְיֶע הָאט עֶר גֶעמַאכְט אִין בֵּיירוּת, וואוּ עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ בֶּעדַייטֶענְדֶע אִידִישֶׁע קְהִלָּה. עֶר אִיז אַהִין אָנְגֶעקוּמֶען אִין אַ פְּרַייטָאג אִינְדֶערְפְרִי.

עֶר הָאט נִישְׁט גֶעמַאכְט קֵיין לַאנְגֶע שְׁהִיוֹת, תֵּיכֶף זִיךְ פָּארְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר דֶעם רָב אוּן דִי רָאשֵׁי הַקְהִלָּה, זֵיי גֶעבֶּעטְן צוּ לָאזְן דֶעם שַׁמָשׁ מוֹדִיעַ זַיין דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאט, אַז אַלֶע זָאלְן מָארְגְן קוּמֶען

אִין שׁוּהל אַרײַן הֶערְן זַײן דְרָשָׁה.

פוּן דֶעם שְׁמוּעֶס, הָאט דֶער רָב, וְוי אוֹיךְ דִי רָאשֵׁי הַקָהָל, פַארְשְׁטַאנֶען אַז דָאס אִיז נִישְׁט קֵיין פָּשׁוּט׳ער בַּעַל דַרְשָׁן, נָאר אַ גָדוֹל הַדוֹר. זֵיי הָאבְּן תֵּיכֶּף גֶעלָאזְט דֶעם שַׁמֶשׁ מוֹדִיעַ זַיין דֶער גַאנְצֶער אִידִישֶׁער קְהִילָה, וָואס פַאר אַ חָשׁוּב׳ן גַאסְט זֵיי הָאבְּן אוֹיף שַׁבָּת. אוּן צוּמָארְגְנְס, שַׁבָּת בַּיים דַאוְונֶען, זַיינֶען קִינְד אוּן קֵייט, גְרוֹיס אוּן קְלֵיין, פֶערְזַאמְלְט גֶעוֶוען אִין דֶער שׁוּהל, צוּ הֶערְן דִי דְרָשָׁה פוּן דֶעם אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל גַאסְט.

אוּן דִי דְרָשָׁה אִיז גֶעוֶוען וואוּנְדֶערְבַּאר. אַזֶעלְכֶעס הָאבְּן זֵיי נָאךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעהֶערְט. זִי אִיז גֶעוֶוען אַ צוּזַאמֶען וֶועבַאכְץ פוּן הֲלָכָה אוּן אַגָדָה, גֶעזָאגְט אִין אַ אוֹפָן יֶעדֶער זָאל עֶס קֶענֶען פַארְשְׁטֵיין אוּן עֶס זָאל זִיךְ גְלוּסְטְן וַוייטֶער צוּ הֶערְן. אַלֶע מֹחוֹת פוּן דִי צוּהֶערֶער זַיינֶען גֶעוֶוען בַּאשֶׁעפְטִיגְט מִיט דֶעם גֶעזָאגְטְן אוּן אוֹיסְגֶעהֶערְט מִיט גְרוֹיס הִתְפַּעֲלוּת, זַייעֶנְדִיג נַייגֶערִיג וְוי אַזוֹי עֶר וֶועט דִי תּוֹרָה־פֶעדִים צוּזַאמֶענְבִּינְדְן אוּן שְׁלִיסְן דֶעם דְרוּשׁ. עֶר הָאט אָבֶּער דֶעם דְרוּשׁ נִישְׁט גֶעשְׁלָאסְן. אִין מִיטְן דֶעם דְרוּשׁ, וֶוען אַלֶע הָאבְּן

גֶעשְׁווִיגְן כְּדֵי נִישְׁט צוּ פֶערְלִירְן אֲפִילוּ אֵיין אֵיינְצִיג וָוארְט וָואס גֵייט אַרוֹיס פוּן זַיין פֶּה קָדוֹשׁ, הָאט עֶר פְּלוּצִים מַפְסִיק גֶעוֶועזְן, אוֹיסְגֶעבְּרָאכְן אִין אַ בִּיטֶער גֶעוֵויין, זָאגְנְדִיג:

— רַבּוֹתַי, אִיהר זָאלְט ווִיסְן אַז אִיךְ בִּין נִישְׁט קֵיין דַרְשָׁן, אִיךְ הָאבּ נִישְׁט אֲפִילוּ בְּדֵעָה זִיךְ צוּ בַּאשֶׁעפְטִיגְן מִיט דַרְשָׁנוּת. מַיין אַהֶער קוּמֶען צוּ אַייךְ אִיז גָאר צוּלִיבּ אַ אַנְדֶער תַּכְלִית. אִיהר זָאלְט ווִיסְן אַז דֶער אִידִישֶׁער יִשׁוּב פוּן דֶער הֵיילִיגֶער שְׁטָאט טְבֶרְיָה, וֶועלְכֶער אִיז גֶעגְרִינְדֶעט גֶעוָוארְן מִיט זֵייעֶר שְׁוֶועְרֶע קָרְבָּנוֹת, שְׁטֵייט אִיצְט אִין אַ סַכָּנָה חָרוּב צוּ וֶוערְן, ווִיבַּאלְד מִיר וֶועלְן נִישְׁט הָאבְּן אַ גֶענוּגֶענְדֶע סוּמֶע פוּן גֶעלְד דֶעם יִשׁוּב אוֹיסְצוּלֵייזְן. דֶערִיבֶּער בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען צוּ אַייךְ, אִיהר זָאלְט אוּנְז דֶערְצוּ הֶעלְפְן. הָאט רַחְמָנוּת, וַוייל דִי צַייט אִיז קוּרְץ. אִיךְ הָאבּ אֲפִילוּ נִישְׁט מֶער גֶענוּג צַייט, צוּ פָאהרְן אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעט, דָארְט צוּ זוּכְן הִילְף. ווִיבַּאלְד אִיהר וֶועט אוּנְז נִישְׁט הֶעלְפְן, זַיינֶען מִיר פֶערְלוֹירְן.

הָאט דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם אָנְגֶעהוֹיבְּן מִיט אִיהם מִיטְצוּוֵויינֶען. אוּן דֶער רָב מִיט דִי רָאשֵׁי הַקָּהָל

הָאבְּן זיך אָנְגֶערוּפְן:

— מִיר זַיינֶען אָרִים, אָרִים ווִי דִי נַאכְט. מִיר זַיינֶען נִישְט אִימְשְטַאנְד אוֹיסְצוּהַאלְטְן אֲפִילוּ דִי הוֹצָאוֹת פוּן אוּנְזֶער קְהִילָה. מִיר זַיינֶען גְרֵייט אַייך מִיטְצוּהֶעלְפְן. אָבֶער דִי סוּמֶע וָואס אִיהר דַארְפְט הָאבְּן זַיינֶען מִיר נִישְט אִימְשְטַאנְד צוּ גֶעבְּן, אוֹיך וֶוען מִיר זָאלְן דֶערְצוּ מַקְדִיש זַיין אוּנְזֶערֶע גַאנְצֶע פַארְמֶעגְנְס.

דִי שִׂמְחַת־שַׁבָּת וָואס מֶען הָאט גֶעהַאט אִין אָנְהוֹיבּ צוּלִיבּ דֶעם גְרוֹיסְן חָשׁוּבְן אוֹרֵחַ, אִיז אִיצְט אִינְגַאנְצְן צוּשְטֶערְט גֶעוָוארְן. מִיט גֶעבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער אִיז דֶער עוֹלָם דַאן אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען, ווִיסְנְדִיג אַז דִי קְהִלָּה קְדוֹשָׁה פוּן טְבֶרְיָה, שְטֵייט אִין אַ גְרוֹיסֶע סַכָּנָה.

*

רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען דֶעם רַבְּ'ס אוֹרֵחַ, הָאט זִיך נָאכְן עֶסְן צוּגֶעלֵייגְט זִיך אַבִּיסְל אָפְּרוּהֶען, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶוען צוּ פִּיהל אוֹיפְגֶערֶעגְט. קוֹים וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט צוּגֶעמַאכְט דִי אוֹיגְן, נָאך נִישְט אֲפִילוּ גֶעדְרִימְלְט,

און דָא דַאכְט זִיךְ אִיהם פְּלוּצִים אַז זַיין רֶבִּי רַבִּי פִּנְחָס קָארִיצֶער שְׁטֵייט פַאר אִיהם און דֶערְלַאנְגְט אִיהם אַ בְּרֵייטְן הֵיימִישְׁן שָׁלוֹם מִיט אַ פָּנִים שׂוֹחֲקוֹת.

אַז דֶער רֶבִּי זַיינֶער אִיז שׁוֹין נִישְׁט מֶער דָא אוֹיף דֶעם עוֹלָם, דָאס הָאט רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן נָאךְ גֶעוָואר גֶעוָוארְן אִין טְבֶרְיָה דוּרְךְ אַ מְשׁוּנָה׳דִיגְן חָלוֹם.

גֶעחָלוֹמ׳ט הָאט זִיךְ אִיהם אַמָאל, אַז עֶר אִיז אִין דֶער שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם און שְׁטֵייט פַאר דֶעם כּוֹתֶל מַעֲרָבִי דָארְטְן מִתְפַּלֵל צוּ זַיין. אִין מִיטְן פוּן זַיין תְּפִלָּה, הָאט עֶר גֶעהַאט הִתְגַלוּת הַשְּׁכִינָה. און בֶּעוִויזְן הָאט זִיךְ דִי שְׁכִינָה צוּ אִיהם אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ פְרוֹי, וֶועלְכֶע וֵויינְט און קְלָאגְט בִּיטֶער אוֹיף דֶער טוֹיט פוּן אִיהר יוּגְנְד־מַאן.

בְּאוֹתוֹ רֶגַע הָאט זִיךְ דֶער צַדִיק אוֹיפְגֶעכַאפְּט פוּן זַיין גֶעלֶעגֶער מִיט גְרוֹיס שְׁרֶעק, עֶס אִיז גֶעוֶוען פוּנְקְט חֲצוֹת הַלַיְלָה. אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ און גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע חֲבֵרִים:

— רַבּוֹתַי, מִיר זַיינֶען אֲבֵלִים. אַזַא און אַזַא

חָלוֹם הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט. און דֶער צַדִיק הַדוֹר בְּיָמֵינוּ אִיז דֶער רֶבִּי פוּן קָארֶעץ. װִיבַּאלְד די שְׁכִינָה הַקְדוֹשָׁה טְרוֹיעֶרְט און וֵויינְט אִיז בַּיי מִיר קֵיין סָפֵק נִישְׁט אַז דֶער רֶבִּי פוּן קָארֶעץ אִיז נִסְתַּלֵק גֶעוָוארְן.

עֶר הָאט זִיךְ דַאן קְרִיעָה גֶערִיסְן, בִּיטֶער בַּאוֵויינְט דֶעם גְרוֹיסְן רֶבִּין, גְלַייךְ ווִי עֶס וָואלְט גֶעוֶועזְן "מֵתוֹ מוּטָל לְפָנָיו". אַזוֹי זִיכֶער אִיז עֶר גֶעוֶועזְן מִיטְן חָלוֹם.

שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ צַייט הָאט מֶען זִיךְ טַאקֶע דֶערְוואוּסְט פוּן בְּרִיוו און יְדִיעוֹת אַז רַבִּי פִּנְחָס'ל קָארִיצֶער אִיז נִסְתַּלֵק גֶעוָוארְן פּוּנְקְט אִין יֶענֶע נַאכְט וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט יֶענֶעם חָלוֹם.

דֶערְזֶעהֶענְדִיג אִיצְט דֶעם צַדִיק, הָאט עֶר טַאקֶע גֶעהַאט אַ גְרוֹיסֶע הֲנָאָה. אָבֶער די הֲנָאָה הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט פֶערְטְרַייבְּן דָאס עַצְבוּת'דִיגֶע אוֹיסְזֶעהְן פוּן זַיין פָּנִים.

— פַארְוָואס בִּיזְטוּ עֶפֶּעס אַזוֹי מָרָה־שְׁחוֹרָה'דִיג? — הָאט אִיהם דֶער צַדִיק גֶעפְרֶעגְט — עֶס אִיז דָאךְ שַׁבָּת־קוֹדֶשׁ, דֶער טָאג פוּן מְנוּחָה

וְשִׂמְחָה!

דֶער צַדִיק רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן הָאט דֶערְצֵיילְט דֶעם רֶבִּין דִי צָרָה אִין וֶועלְכֶע דִי קְהִלָּה פוּן טְבֶרְיָה גֶעפִינְט זִיךְ אִיצְט. אַז דִי גַאנְצֶע הָאפְנוּנְג גֶעהָאלְפְן צוּ וֶוערְן הֵיינְגְט נָאר אָפּ פוּן זַיין אִיצְטִיגֶע נְסִיעָה. עֶר הָאט אָבֶער גָארְנִישְׁט גֶע׳פּוּעֶל׳ט, אוּן מוּז אַהֵיים פָארְן מִיט לֵיידִיגֶע הֶענְד, וַוייל דִי צַייט וָואס דֶער פַּאשַׁא הָאט בֶּעשְׁטִימְט אִיז שׁוֹין נָאהְנְט.

— נִישְׁט גֶעזָארְגְט — הָאט צוּ אִיהם דֶער רֶבִּי גֶעזָאגְט — ״שַׁבָּת הִיא מִלִּזְעוֹק״. הַרְבֵּה דְרָכִים לַמָּקוֹם, הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ הָאט אַ סַאךְ וֶועגְן דוּרְךְ וֶועלְכֶע צוּ שִׁיקְן זַיין יְשׁוּעָה. הֶער זִיךְ צוּ וֶועל אִיךְ דִיר לֶערְנֶען וָואס דוּ זָאלְסְט טְהוּן אוּן דַיין קְהִלָּה וֶועט הָאבְּן אַ הִילְף, קֵיין הָאר וֶועט אִיהר אֲפִילוּ נִישְׁט גֶעקִימֶערְט וֶוערְן אוֹיבּ דוּ וֶועסְט פָאלְגְן וָואס אִיךְ וֶועל דִיר אִיצְט זָאגְן.

אוּן דֶער צַדִיק רַבִּי פִּנְחָס׳ל הָאט צוּם תַּלְמִיד רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן אַזוֹי גֶעזָאגְט:

— מָארְגְן אִין דֶערְפְרִי זָאלְסְטוּ אָפְּדַאוְונֶען בְּהַשְׁכָּמָה, גַאנְץ פְרִיה, כַּעֲלוֹת הַבֹּקֶר. בַּאלְד נָאכְן

דאַוונען, זאָלסטו זיך אַליין, אָן קיין שום בעגלייטער, לאָזן גיין אין גאַס. דאָרט זאָלסטו זיך אַנידערשטעלן אין אַ ווינקל און בעטראַכטן אַלע פערבייגייענדע.

קוים וועסטו דערזעהן דורכגיין אין אַ שטאַרקער איילעניש, אַ באַרוועסן מאַן וועלכער איז אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק, זאָלסטו איהם גיך נאָכלויפן, אַריינשטעקן דיין האַנד אין דעם שטריק־גאַרטל, איהם פעסט האַלטן, נישט נאָכלאָזן, ביז ער וועט דיר זאָגן ווי אַזוי די קהלה פון טבריה קען האָבן אַ ישועה.

באותו רגע האָט דער צדיק רבי יעקב שמשון אויפגעוואַכט. זיין עצבות׳דיגער פנים האָט צוריק געלויכטן פון דער שמחת־שבת. ער האָט אויך געטרייסט די מענטשן וואָס האָבן זיך געפונען דאָרט אין חדר, אַז ער האָפט אַז עס וועט אַלצדינג איבערגעקערט ווערן צום גוטן. כי לא יזנח לעולם ה׳, ווייל ג־ט וועט אויף זיי רחמנות האָבן און נישט דערלאָזן צו מאַכן, חלילה וחס, אַ חורבן פון דער הייליגע קהלה.

דֶער רָב און דִי רָאשֵׁי הַקָהָל הָאבְּן זִיךְ שְׁטַארְק גֶעוואונְדֶערְט אִיבֶּער דֶער פְּלוּצְלוּנְגְדִיגֶער עֶנְדֶערוּנְג וָואס הָאט אַרַיינְגֶעטְרָאטְן אִין דֶעם גֶעמִיט פוּן דֶעם אוֹרֵחַ, וֶועלְכֶער אִיז עֶרְשְׁט מִיט עֶטְלִיכֶע שָׁעָה פְרִיהֶער גֶעוֶוען גַאנְץ פַארְצְוֵוייפְלְט. מֶען הָאט אִיהם אָבֶּער קֵיין שְׁאֵלוֹת נִישְׁט גֶעפְרֶעגְט. ווִיבַּאלְד עֶס אִיז אִיהם רֶעכְט, אִיז זֵיי שׁוֹין גֶעוִויס רֶעכְט.

זוּנְטָאג אִינְדֶערְפְרִי, נָאךְ פַאר דֶעם נֵץ־הַחַמָה (זוּן אוֹיפְגַאנְג), אִיז שׁוֹין דֶער צַדִיק גֶעשְׁטַאנֶען אָנְגֶעטְהוּן אִין טַלִית־וּתְפִילִין, גֶעדַאוְונְט מִיט כַּוָנָה ווִי זַיין שְׁטֵייגֶער פְלֶעגְט זַיין, אָבֶּער נִישְׁט מַאֲרִיךְ גֶעוֶוען, כְּדֵי צוּ קֶענֶען אוֹיסְפָאלְגְן דֶעם בַּאפֶעל פוּן זַיין רֶבִּין בִּשְׁלֵמוּת.

נִישְׁט צוּ וֶוערְן בַּאמֶערְקְט פוּן אֵיימִיצְן הָאט עֶר זִיךְ אַרוֹיסְגֶעכַאפְּט אִין דֶער גַאס, שְׁפַּאצִירְט אַ שְׁטִיקְל וֶועג און זִיךְ דַאן אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט אִין אַ ווִינְקְל און גֶעקוּקְט.

אַרִיבֶּער זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען אַרַאבֶּער, טֵייל צוּ דֶער אַרְבֶּעט און טֵייל אִין דֶער מָאשֶׁעע (בֶּעט

הויז). ער האט אַלעמען גוט בּעטראַכט, אָבּער נישט זיי האט דער רבּי געמיינט. נאך אַ היבּשן וואַרטן, האט ער פּלוצים דערזעהן אַ מענטש לויפן אין גרויס אַיילעניש גלייך ווי אימיצער וואלט איהם נאכגעיאגט. לויט די צייכנס האט ער באַלד דערקענט, אַז דאס איז ער טאַקע אויף וועמען ער וואַרט. איז ער איהם אַקעגן געלאָפן, איהם אַ כאַפּ געטהון בּיים שטריק־גאַרטל, נישט לאָזנדיג איהם ווייטער גיין.

— וואס ווילט איהר עפּעס פון מיר? — האט איהם דער מאַן געפרעגט אין אויפרעגונג — איהר זעהט דאך אַז איך האב נישט קיין צייט, און פאַרוואס שטייט איהר מיר אין מיין וועג?

— איך רעד צו אייך אין דעם נאָמען פון אַ גאַנצע אידישע קהלה — האט רבּי יעקב שמשון צו איהם געזאָגט — עס שוועבט אויף אונז אַלע אַ סכּנה, און איהר קענט אונז העלפן.

— איך העלפן? — האט דער מאַן איבערגע׳חזר׳ט די ווערטער פון רבּי יעקב שמשון מיט אַ וואונדער און מיט אַ מינע פון חוזק־

מַאכֶעַריי — אִיךְ בִּין אַ גָאר פְּרָאסְטֶער מֶענְטְש, אַ מֶענְטְש וָואס קֶען אֲפִילוּ זִיךְ אַלֵיין נִישְׁט הֶעלְפְן. לָאזְט מִיר צוּרוּה, אִיךְ קֶען אַייךְ מִיט גָארְנִישְׁט הֶעלְפְן. אִיךְ הָאבּ מֶער קֵיין צַייט נִישְׁט.

אָבֶער רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן הַאלְט אִיהם פֶּעסְט בַּיים שְׁטְרִיק אוּן לָאזְט אִיהם נִישְׁט וַוייטֶער גֵיין.

— אוּם גָ־ט׳ס ווִילְן, וָואס הָאט אִיהר אַייךְ הַיינְט אִין מִיר אָנְגֶעטְשֶׁעפֶּעט! — הָאט דֶער פְרֶעמְדֶער אוֹיסְגֶערוּפְן שׁוֹין אַ בִּיסְל מִיט כַּעַס.

אָבֶער רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן אִיז פַאר אִיהם נִישְׁט בָּטֵל גֶעוָוארְן. אוֹיבּ עֶר ווִיל נִישְׁט מִיט גוּטְן וֶועט מֶען אִיהם צְווִינְגֶען צוּ טְהוּן וָואס עֶר קֶען — הָאט עֶר זִיךְ גֶעטְרַאכְט אוּן זִיךְ דַאן אָנְגֶערוּפְן:

— אִיךְ בִּין אוֹיף דִיר גוֹזֵר מִיטְן כֹּחַ פוּן דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה אוּן מִיטְן כֹּחַ פוּן קְדוּשַׁת אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אַז דוּ זָאלְסְט דִיר פַאר מִיר אַרוֹיסְזַוייזְן וֶוער דוּ בִּיזְט, אוּן אַז דוּ מוּזְט מִיר הֶעלְפְן. אִיךְ קוּם צוּ דִיר דוּרְךְ דֶער עֵצָה פוּן מַיין רֶבִּין, דֶער צַדִיק רַבִּי פִּנְחָס פוּן קָארֶעץ זַצַ״ל.

דֶערְהֶערְנְדִיג דִי וֶוערְטֶער אִיז דֶער פְרֶעמְדֶער

ווייכער געוואָרן. ער האָט דאַן געענדערט זיין בענעהמען, אָנגעהויבן צו רעדן מיט ווייכע רייד, זיך כמעט געבעטן רחמים, ער זאָל איהם נאָכלאָזן.

— כאָטש אויף איין איינציגע שעה לאָזט מיר אָפּ — האָט ער זיך געבעטן — איך בין איצט זייער טרוד. איך האָב פאַר מיר זייער אַ נויטיגן וועג. איך פאַרזיכער אייך אַז אין אַ שעה אַרום וועל איך צוריק קומען און טהון וואָס איהר וועט מיר הייסן.

— אַפילו אויף איין מינוט וועל איך דיר נישט אָפּלאָזן — האָט צו איהם רבי יעקב שמשון געזאָגט מיט דרייסט — וואו דו וועסט גיין וועל איך אויך גיין. אָבער נאָכלאָזן וועל איך דיר מעהר נישט בשום אופן שבעולם ביז דו וועסט אונז נישט פערשאַפן אַ ישועה.

— אויב איהר זיינט אַזוי איינגעשפאַרט — האָט דאַן צו איהם דער מענטש געזאָגט — טאָ האַלט אייך פעסט אָן אין מיין גאַרטל, אָבער גאָר פעסט, און איהר זאָלט אייך גאַרנישט שרעקן וואָס עס זאָל פאַרקומען. עס וועט אייך קיין שום שלעכטס חלילה נישט געשעהן.

רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן הָאט דַאן נָאךְ פֶעסְטֶער זִיךְ אָנְגֶעהַאלְטְן בַּיים גַארְטְל פוּן דֶעם פְרֶעמְדְן, אוּן אִין אַזַא שְׁטַאנְד זַיינֶען זֵיי בֵּיידֶע צוּזַאמֶען גֶעגַאנְגֶען, שׁוֹין נִישְׁט מֶער לוֹיפְנְדִיג, בִּיז זֵיי זַיינֶען גֶעוֶוען אוֹיסֶער הַאלְבּ דֶער שְׁטָאט בֵּירוּת.

אָבֶער ווִי וואוּנְדֶערְלִיךְ אִיז דָאס עֶפֶּעס! מִיט אֵיינְמָאל אִיז פוּן דִי אוֹיגְן פוּן רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן׳עְן אִינְגַאנְצְן פֶערְשְׁוואוּנְדְן גֶעוָוארְן דֶער יִשּׁוּב פוּן מֶענְטְשְׁן. עֶר זֶעהט מֶער נִישְׁט קֵיין צֵייכְן פוּן דֶער שְׁטָאט אוּן נִישְׁט קֵיין שְׁפּוּר פוּן עֶפֶּעס אַ דָארְף אָדֶער אֲפִילוּ אַ פֶעלְד, נָאר ווִיסְטֶענִישְׁן אוּן ווִידֶער ווִיסְטֶענִישְׁן. עֶר הָאט אָבֶער נִישְׁט קֵיין צַייט גֶעהַאט אֲפִילוּ צוּ דֵיינְקֶען אִיבֶּער דֶער חִידוּשׁ׳לִיכֶער עֶרְשַׁיינוּנְג, וַוייל אֵיידֶער עֶר הָאט זִיךְ רֶעכְט אוּמְגֶעקוּקְט, זַיינֶען זֵיי בֵּיידֶע שׁוֹין גֶעוֶוען אִין דֶעם דָארְף ״מֵירוֹן״, אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אִין דֶעם חָצֵר פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי׳ס קֶבֶר.

דָאס דָאזִיגֶע הֵיילִיגֶע אָרְט, אִיז צוּם צַדִיק רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן זֵייעֶר גוּט בֶּעקַאנְט גֶעוֶוען, וַוייל עֶר הָאט דָאס קֶבֶר פוּן דֶעם גְרוֹיסְן תַּנָא בֶּעזוּכְט תֵּיכֶף ווִי עֶר אִיז נָאר אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּן

אויף שְׁפֶּעטֶער אִין לַ"ג בָּעוֹמֶר, אִין יָאהְרְצַייט פון דֶעם דָאזִיגְן גְרוֹיסְן תַּנָא, דֶער בַּעַל מְחַבֵּר פון דֶעם הֵיילִיגְן סֵפֶר "הַזוֹהַר".

אוּנְגֶעהוֹיעֶר גְרוֹיס אִיז גֶעוֶוען די בֶּעוואוּנְדֶערוּנְג פון רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן אִיבֶּער דֶעם פְּלָאִים'דִיגְן פַאל. עֶר הָאט אָבֶּער גֶעשְׁוִויגְן, נִישְׁט גֶעפְרֶעגְט קֵיין שְׁאֵלוֹת, גֶעוַוארְט מִיט גְרוֹיס נַייגֶערִיגְקַייט, צוּ זֶעהן וָואס דָא וֶועט עֶפֶּעס פָּארְקוּמֶען.

— אִיצְט מוּזְטוּ מִיר פְרַיי לָאזְן — הָאט דֶער פְרֶעמְדֶער גֶעזָאגְט צוּ רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן — אִיךְ מוּז דָא אַרַיינְגֵיין אַלֵיין אִין דֶער הֵיילִיגֶער מְעָרָה פון רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי. דוּ טָארְסְט נִישְׁט מִיטְגֵיין. שְׁטֵיי דוּ דָא אִין דְרוֹיסְן אַ וַויילֶע אוּן וַוארְט בִּיז אִיךְ וֶועל צוּרִיק אַרוֹיסְקוּמֶען. אִיךְ וֶועל זִיךְ נִישְׁט זַאמֶען קֵיין לַאנְגֶע צַייט.

מִיט גְרוֹיס אוּמְגֶעדוּלְד הָאט דֶער צַדִיק רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן גֶעוַוארְט אִין דֶעם חָצֵר. יֶעדֶער מִינוּט הָאט בַּיי אִיהם אוֹיסְגֶעזֶעהן ווִי אַ גַאנְץ יָאהר. עֶר הָאט אִיצְט גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז עֶר הָאט דָא פַּאר

זִיךְ אַ גְרוֹיסְן פֶערְבָּארְגֶענֶעם צַדִיק, גֶעוִויס אֵיינֶעם פוּן דִי ל"ו צַדִיקִים, עֶר אִיז אוֹיךְ זִיכֶער גֶעוֶוען בַּיי זִיךְ, אַז דֶער צַדִיק וֶועט שׁוֹין בְּרֵיינְגֶען דִי יְשׁוּעָה פַאר דֶער טְבֶרְיָה'עֶר קְהִלָּה. אָבֶּער אוֹיף וָואס פַאר אַ אוֹפָן וֶועט דִי דָאזִיגֶע יְשׁוּעָה קוּמֶען?

נָאךְ אַ הִיבְּשֶׁע צַייט פוּן אוּמְגֶעדוּלְדִיגֶער וַוארְטְן, אִיז דֶער פַארְבָּארְגֶענֶער צַדִיק אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דֶער מְעָרָה מִיט פַארְוֵויינְטֶע אוֹיגְן. אַ צֵייכְן אַז עֶר הָאט דָארְטְן שְׁטַארְק עוֹסֵק גֶעוֶוען אִין תְּפִלָּה וְתַחֲנוּנִים. אָבֶּער דָאךְ הָאט זַיין פָּנִים גֶעשְׁטְרַאלְט מִיט שִׂמְחָה. דִי תְּפִלָּה זַיינֶע אִיז נִתְקַבֵּל גֶעוָוארְן.

— דוּ מֶעגְסְט שׁוֹין אַהֵיימְפָּאהְרְן בְּשָׁלוֹם — הָאט דַאן גֶעזָאגְט צוּ אִיהם דֶער פַארְבָּארְגֶענֶער צַדִיק — דִי גְזֵרָה אִיז שׁוֹין בָּטֵל גֶעוָוארְן. דֶער פַּאשַׁא אִיז אִיצְט גֶעשְׁטָארְבְן אַ מִיתָה מְשׁוּנָה, אוּן וִוי דוּ וֵוייסְט, וֶוערְן מִיט דֶעם אָפְּשְׁטַארְבְן פוּן אַ מוֹשֵׁל בָּטֵל אַלֶע זַיינֶע גְזֵרוֹת.

עֶרְשְׁט אִיצְט הָאט רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן בַּאמֶערְקְט, אַז דֶער פְרֶעמְדֶער טְרָאגְט עֶפֶּעס אַ סֵפֶר

אונְטֶער דֶעם אָרֶעם.

— וָואס פַאר אַ סֵפֶר טְרָאגְט אִיהר דָא? — הָאט עֶר אִיצְט גֶעוַואגְט צוּ פְרֶעגְן דֶעם פְרֶעמְדְן פַארְבָּארְגֶענֶעם צַדִיק.

— דָאס אִיז דֶער סֵפֶר "הַזוֹהַר", וָואס דֶער צַדִיק וָואס לִיגְט דָא אִין דֶער מְעָרָה הָאט מְחַבֵּר גֶעוֶועזְן — הָאט אִיהם דֶער פְרֶעמְדֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ בִּין אַ פְלַייסִיגֶער לֶערְנֶער אִין דֶעם דָאזִיגְן הֵיילִיגְן סֵפֶר. טָאמֶער אִיז מִיר נִישְׁט קְלָאהר עֶפֶּעס אַ עִנְיָן פוּן דֶעם סוֹדוֹת'דִיגְן סֵפֶר, קוּם אִיךְ אַהֶער, כְּדֵי צוּ פְרֶעגְן דֶעם מְחַבֵּר גוּפָא דִי כַּוָנָה פוּן זַיינֶע וֶוערְטֶער, אוּן עֶר אִיז מִיר זֵיי תָּמִיד מְפָרֵשׁ, אַזוֹי אַז אִיךְ זָאל זֵיי קֶענֶען מַשִׂיג זַיין. אוֹיךְ אִיצְט בִּין אִיךְ אַהֶער גֶעקוּמֶען צוּלִיבּ אַ עֶרְקְלֶעהרוּנְג פוּן עֶפֶּעס אַ שְׁוֶוערֶע שְׁטֶעלֶע אִין זוֹהַר. נָאכְדֶעם וִוי עֶר הָאט מִיר אַלֶעס דַייטְלִיךְ עֶרְקְלֶערְט, הָאבּ אִיךְ אִיהם דֶערְצֵיילְט מִיט טְרֶערְן אִין דִי אוֹיגְן, אַז דָא אִין חָצֵר שְׁטֵייט אַ אִיד פוּן טְבֶרְיָה כְּדֵי צוּ זוּכְן אַ הִילְף פַאר דֶער אִידִישֶׁער קְהִלָה אִין זַיין שְׁטָאט, וֶועלְכֶע שְׁטֵייט אִין אַ סַכָּנָה חָרוּב צוּ וֶוערְן, צוּלִיבּ דִי אַכְזָרִיוּת פוּן דֶעם רִשְׁעוּת'דִיגְן פַּאשַׁא.

דֶערוֹיף הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט ווִי רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי זָאגְט:

— יְהֵא רַעֲוָא, עֶס זָאל זַיין דֶער ווִילְן פוּן דֶעם בּוֹרֵא עוֹלָם, אַז דֶער פַּאשַׁא זָאל אַיינְנֶעמֶען אַ מִיתָה מְשׁוּנָה אוּן דִי גְזֵרָה זָאל בָּטֵל וֶוערְן!

— אִיךְ בִּין זִיכֶער אַז זַיין תְּפִלָּה אִיז תֵּיכֶּף נִתְקַבֵּל גֶעוָוארְן.

— אִיצְט מוּזְט אִיהר מִיט מִיר צוּרִיק גֵיין צוּם זֶעלְבְּן אָרְט פוּן וַואנֶען אִיךְ הָאבּ אַייךְ מִיטְגֶענוּמֶען — הָאט דֶער פְרֶעמְדֶער גֶעזָאגְט צוּם שִׁיפְּטִיוְוקֶער צַדִיק. — שְׁטֶעקְט אַרַיין דִי הַאנְד אִין מַיין גַארְטְל אוּן הַאלְט אַייךְ פֶעסְט אָן, פּוּנְקְט וִוי אִיהר הָאט גֶעטְהוּן בַּיי דֶער נְסִיעָה אַהֶערְצוּ.

רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן הָאט אִיהם גֶעפָאלְגְט, אוּן נָאךְ אַ גַאנְץ קוּרְצֶע צַייט, זַיינֶען זֵיי בֵּיידֶע גֶעשְׁטַאנֶען אִין מִיטְן אַ גַאס פוּן דֶער שְׁטָאט בֵּירוּת, פּוּנְקְט אוֹיף דֶעם זֶעלְבְּן אָרְט וואוּ זֵיי הָאבְּן זִיךְ בֶּעגֶעגְנְט.

וֶוען רַבִּי יַעֲקֹב שִׁמְשׁוֹן אִיז שְׁפֶּעטֶער צוּרִיק

געקומען קיין טבריה, האט ער זיך דערוואוסט אז ווירקליך פונקט אין יענעם טאג איז טאקע געשעהן דאס וואס דער צדיק נסתר האט איהם דאן געזאגט. דער פאשא האט טאקע איינגענומען א מיתה משונה און די גזירה איז בטל געווארן אין זכות פון די תפלה פון רבי שמעון בן יוחאי.

## הקפותביים ציון

דעם כלל זאלט איהר שטענדיג געדיינקען — זאגט אן דער "מגיד" צום בית יוסף זצ"ל — אז ווען פאר די וועלט וועט זיך פאדערן רעגן, זאלט איהר מאכן הקפות ארום די ציונים פון רשב"י מיט זיין זוהן און איהר וועט געהאלפן ווערן. אויך אויף יעדע צרה וואס וועט קומען אויפן ציבור זאלט איהר דארטן מאכן זיבן מאל הקפות און איהר וועט געהאלפן ווערן.

(מגיד מישרים)

# מִיט קְפִיצַת הַדֶרֶךְ

יָאהרְן לַאנְג פְלֶעגְט רַבִּי שְׁמוּאֵל אַרוֹיפְגֵיין אַלֶע פְרַייטָאג פוּן צְפַת קַיין מֵירוֹן אָנְצִינְדְן דָארְטְן זַיין לִיכְטֶל, לְכָבוֹד דֶעם הֵיילִיגְן תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי. קֵיין זַאךְ אִין דֶער וֶועלְט אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען וָואס זָאל אִיהם קֶענֶען אָפְּהַאלְטְן פוּן דֶעם דָאזִיגְן מִנְהָג וָואס עֶר הָאט אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען.

שׁוֹין יָאהרְן וָואס רַבִּי שְׁמוּאֵל מַאכְט זַיין וֶועג פוּן צְפַת קַיין מֵירוֹן, אוּן קֵיין זַאךְ שְׁטֶערְט אִיהם נִישְׁט אִין זַיין וֶועג, צוּ עֶס זַיינֶען רוֹיבֶּער וָואס לָאקֶערְן אוֹיף דִי וֶועגְן אָדֶער סְתָּם ווִילְדֶע חַיוֹת וָואס קוּמֶען דָארְטְן אָפְּט פוּן דִי גָלִיל בֶּערְג. עֶר קוּקְט נִישְׁט אוֹיף קֵיין רֶעגְנְס אָדֶער שְׁוֶועְרֶע שְׁנֵייעֶן, אוּן נִישְׁט אוֹיף קֵיין חַאמְסִינֶען אוּן הֵייסֶע בְּרֶענֶענְדִיגֶע טֶעג. שׁוֹין צֶוֶענְדְלִיגֶער יָאהרְן וָואס הָאט נָאךְ נִישְׁט גֶעטְרָאפְן קֵיין אֵיין מָאל דָאס רַבִּי שְׁמוּאֵל זָאל אֲפִילוּ אֵיין פְרַייטָאג פַארְפֶעלְן

אָנְצִינְדְן זַיין לִיכְטְל בַּיים הֵיילִיגְן צִיוּן. עֶר שְׁטַארְקְט זִיךְ אוֹיף אַלֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען כְּדֵי צוּצוּקוּמֶען צוּם הֵיילִיגְן אָרְט. עֶס אִיז קֵיין וואוּנְדֶער נִישְׁט וָואס דֶער עוֹלָם הָאט אִיהם גֶערוּפְן "רַבִּי שְׁמוּאֵל דֶער אָנְצִינְדֶער".

דָאס אִיז גֶעשֶׁעהְן מִיט הֶעכֶער אַכְצִיג יָאהר צוּרִיק. יֶענֶע וָואךְ הָאט זֵייעֶר פִיהל גֶעשְׁנֵייעֶט אוּן וֶוען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען פְרַייטָאג הָאבְּן אַלֶע בֶּערְג אַרוּם גֶעוֶוען וִוי אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט מִיט אַ וַוייסְן טִישְׁטַאךְ. דִי אַרַאבֶּער פוּן מֵירוֹן הָאבְּן דַאן גֶערֶעדְט צְוִוישְׁן זִיךְ אוּן גֶעזָאגְט:

— הַיינְט וֶועט שׁוֹין רַבִּי שְׁמוּאֵל נִישְׁט קוּמֶען אַהֶער אָנְצִינְדְן דִי לִיכְטְל אוֹיף שַׁבָּת, וַוייל עֶר וֶועט בְּשׁוּם אוֹפָן נִישְׁט קֶענֶען קוּמֶען בִּיז אַהֶער.

רַבִּי שְׁמוּאֵל הָאט אָבֶּער בְּשׁוּם אוֹפָן נִישְׁט מְוַתֵּר גֶעוֶוען אוֹיף זַיין הֵיילִיגֶע אוֹיפְגַאבֶּע. עֶר אִיז זִיךְ אַרוֹיס אוֹיפְן וֶועג, וִוי זַיין שְׁטֵייגֶער, וֶוען דִי גַאנְצֶע וֶועג אִיז שְׁנֵיי אוּן שְׁנֵיי. מֶען דֶערְקֶענְט נִישְׁט כִּמְעַט וואוּ אִיז דִי וֶועג וָואס פִיהרְט קֵיין מֵירוֹן.

דִי מֵירוֹנֶער אַרַאבֶּער הָאבְּן אָנְגֶעשְׁטְרֵיינְגְט דִי אוֹיגְן צוּם וֶועג וָואס פִיהְרְט קֵיין צְפַת אוּן זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט צוּ זֶעהְן ווִי אַ שְׁוַוארְצֶע פִּינְטֶעלֶע דֶערְנֶענְטֶערְט זִיךְ אִיבֶּער דֶעם שְׁנֵיי־וַוייסְן צוּדֶעק. דָאס אִיז גֶעוֶוען רַבִּי שְׁמוּאֵל אָנְצִינְדֶער. דִי צוּקוּקֶערְס הָאבְּן זִיךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט אָפְּוואוּנְדֶערְן פוּן דָאס וָואס זֵייעֶרֶע אוֹיגְן זֶעהֶען.

רַבִּי שְׁמוּאֵל אִיז זִיךְ ווִי זַיין שְׁטֵייגֶער אַרַיין אִין חָצֵר אוּן צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דִי מְעָרָה וואוּ עֶס אִיז גֶעוֶוען גְרֵייט דִי בּוֹימְל מִיטְן קְנוֹיטְל כְּדֵי אָנְצוּצִינְדְן דִי לִיכְט לְכָבוֹד שַׁבָּת. ווִי עֶרְשְׁטוֹינְט אִיז עֶר גֶעוָוארְן וֶוען עֶר הָאט בַּאמֶערְקְט ווִי אַ עֶלְטֶערֶער אִיד מִיט אַ שֵׁיינֶעם הַדְרַת פָּנִים, שְׁטֵייט נֶעבְּן דִי מְעָרָה אוּן גֵייט אָנְצִינְדְן דִי לִיכְטְל.

רַבִּי שְׁמוּאֵל אִיז תֵּיכֶף צוּגֶעלָאפְן צוּ אִיהם אוֹיסְרוּפְנְדִיג:

— רַבִּי אִיד! עֶס אִיז מַיין חֲזָקָה שׁוֹין עֶטְלִיכֶע צֶענְדְלִיג יָאהר!

אוֹיפְן אָרְט אִיז דֶער אִיד פַארְשְׁוואוּנְדְן גֶעוָוארְן.

נָאכְדֶעם וָואס רַבִּי שְׁמוּאֵל הָאט אָנְגֶעצוּנְדְן דִי לִיכְטְל אוּן עֶס אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיפְן אָרְט, הָאט עֶר גֶענוּמֶען בֶּעטְרַאכְטְן דִי וֶועג אוֹיף צוּרִיק צוּ צְפַת. עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזְן בַּאלְד הַאלְבְּן טָאג, דִי וֶועג אִיז זֵייעֶר שְׁוֶוער, עֶס הָאט אִיהם גֶענוּמֶען פִיהל צַייט בִּיז עֶר הָאט דוּרְכְגֶעמַאכְט דִי וֶועג פוּן צְפַת קֵיין מֵירוֹן, אוּן יֶעצְט: וָואס וֶועט עֶר טְהוּן, וִוי אַזוֹי וֶועט עֶר גֵיין אַזַא שְׁוֶוערֶע וֶועג אוֹיף צוּרִיק? אוּן דָא הוֹיבְּט שׁוֹין וַוייטֶער אָן צוּ שְׁנֵייעֶן. רַבִּי שְׁמוּאֵל אִיז גֶעוָוארְן זֵייעֶר פַארְזָארְגְט, וָואס וֶועט מֶען אוֹיף אִיהם קְלֶערְן אִין שְׁטוּבּ וֶוען דֶער שַׁבָּת וֶועט צוּפַאלְן אוּן עֶר וֶועט נָאךְ נִישְׁט זַיין אִין דֶערְהֵיים, וֶועט מֶען דָאךְ שְׁטַארְק אִיבֶּערְקְלֶערְן אוֹיף אִיהם, אוּן דֶער שַׁבָּת וֶועט דָאךְ בַּיי זֵיי צוּשְׁטֶערְט וֶוערְן, אוּן וָואס וֶועט זַיין מִיט אִיהם אַלֵיין? בְּלַייבְּן דָא אוֹיף שַׁבָּת קֶען עֶר נִישְׁט, עֶר הָאט נִישְׁט קֵיין וַויין, קֵיין עֶסְן, אוּן גֵיין אַהֵיים? דִי נַאכְט וֶועט בַּאלְד אוּנְטֶערְפַאלְן אוּן עֶס אִיז זִיכֶער אַז עֶר וֶועט פַארְבְּלָאנְדְזְשֶׁען אִין דִי פִינְסְטֶערֶע נַאכְט.

אִין זַיין גְרוֹיסְן קְלֶעם הָאט עֶר זִיךְ אַ לָאז

גֶעטְהוּן צוּם צִיוּן פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אוּן זִיךְ צוּוֵויינְט.

— רַבִּי שִׁמְעוֹן, רַבִּי שִׁמְעוֹן! — הָאט עֶר גֶעשְׁרִיגְן — הֶעלְף מִיר צוּ קוּמֶען אַהֵיים צוּ מִיר אִין שְׁטוּב, אִין צְפַת, אוֹיף שַׁבָּת. זָאל דִי מִצְוָה וָואס אִיךְ בִּין מְקַיֵּים פַאר דִיר מִיט מְסִירוּת נֶפֶשׁ, נִישְׁט זַיין קֵיין גוֹרֵם צוּ פַארְשְׁטֶערְן דֶעם שַׁבָּת פַאר מַיינֶע בְּנֵי בַּיִת, אוּן מִיר צוּבְּרֵיינְגֶען חַס וְשָׁלוֹם צוּ אַ חִילוּל שַׁבָּת!

מִיט אַמָאל בַּאמֶערְקְט עֶר דֶעם אַלְטְן אִידְן, וֶועלְכְן עֶר הָאט פְרִיעֶר דָא גֶעזֶעהְן אֵיידֶער עֶר הָאט דִי לִיכְטְל אָנְגֶעצוּנְדְן, שְׁטֵייט קֶעגְן אִיהם מִיט אַ לִיבְּלִיכְן שְׁמֵייכְל. עֶר רוּפְט זִיךְ אָן צוּ אִיהם:

— גֵיי מַיין קִינְד אִין דְרוֹיסְן, אוּן מַאךְ צוּ אַ וַויילֶע דִי אוֹיגְן.

נִישְׁט פְרֶעגְנְדִיג קֵיין וָוארְט הָאט רַבִּי שְׁמוּאֵל בַּאלְד אוֹיסְגֶעפִיהְרְט דֶעם אַלְטְנְס רֵייד. עֶר אִיז אַרוֹיס אוֹיפְן הוֹיף אוּן פַארְמַאכְט דִי אוֹיגְן. אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם וֶוען עֶר הָאט אַרָאפְּגֶענוּמֶען זַיין הַאנְד פוּן זַיינֶע אוֹיגְן אִיז עֶר פַארְוואוּנְדֶערְט

גֶעוָוארְן צוּ זֶעהְן ווִי עֶר שְׁטֵייט בַּיי אִיהם אִין הוֹיף, נֶעבְּן דִי טְהִיר פוּן זַיין הוֹיף...

— רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי הָאט אִיהם אָפְּגֶעפִיהרְט אַהֵיים דוּרְךְ קְפִיצַת הַדֶרֶךְ...

## אַ אוּמְנַאטִירְלִיכֶע שִׂמְחָה

אָט דֶער טָאג, ל״ג בָּעוֹמֶר אִיז דֶער יוֹמָא דְהִילוּלָא פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי. אִין דֶעם טָאג אִיז עֶר אַרוֹיף אוֹיפְן הִימְל אוּן גֶעוִויס אִיז עֶר אוֹיךְ גֶעבּוֹירְן גֶעוָוארְן אִין דֶעם טָאג, וַוייל דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער דֶערְפִיהלְט דִי יָאהרְן פוּן דִי צַדִיקִים צוּם טָאג. צוּ זַיין לִיכְט וֶועלְן מִיר גֵיין לְכָבוֹד זַיין הֵיילִיגְן סֵפֶר דֶער זוֹהַר, וֶועלְכֶער שַׁיינְט אִיבֶּער דִי גַאנְצֶע וֶועלְט פוּן אֵיין עֶק בִּיזְן אַנְדֶערְן, וָואס רַבִּי אַבָּא הָאט גֶעשְׁרִיבְּן אִין אָט דֶעם טָאג, אוּן עֶר בֶּעלַייכְט אוּנְז אִין אוּנְזֶער גָלוּת בִּיז מָשִׁיחַ צִדְקֵנוּ וֶועט קוּמֶען. דוּרְכְדֶעם וֶועסְטוּ פַארְשְׁטֵיין וָואס עֶס אִיז אוּנְז קְלָאר גֶעוָוארְן פוּן אֱמֶתֶע מֶענְטְשְׁן, אַז דִי שִׂמְחָה אִין דֶעם טָאג אוֹיפְן צִיוּן פוּן רַשְׁבִּ״י אִיז אוּמְנַאטִירְלִיךְ, ווִי עֶס שְׁטֵייט ״אוֹר צַדִיקִים יִשְׂמַח״.
(בְּנֵי יִשָּׂשכָר מַאֲמַר ל״ג בָּעוֹמֶר)

# זִיךְ פַארְלָאזְט אוֹיף רַבִּי שִׁמְעוֹן

יְרוּשָׁלַיִם אִין יָאהר תרס"ז. הָרַב הַצַּדִּיק רַבִּי יְדִידְיָה הָארָאדְנֶער בְּרֵיינְגְט מִיט אִין שׁוּהל, וואוּ עֶר דַאוְונְט "וְתִיקִין", לֶעקַאךְ און בְּרָאנְפְּן. נָאכְן דַאוְונֶען אִיז עֶר מְכַבֵּד דִי מִתְפַּלְלִים מִיט אַ טְרוּנְק און מֶען ווינְטְשְׁט זִיךְ "לְחַיִּים" און רַבִּי יְדִידְיָה אִיז פְּרֵיילַאךְ. דֶעם טָאג הָאט עֶר אוֹיךְ צוּטֵיילְט צוּ אַלֶע אִינְגְלַאךְ אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה, צוּקֶערְלַאךְ און נִיסַאלַאךְ.

וָואס אִיז פְּלוּצִים גֶעשֶׁעהן? נִישְׁט קֵיין יוֹם טוֹב, נִישְׁט קֵיין רֹאשׁ חוֹדֶשׁ, נִישְׁט קֵיין יָאהר-צַייט — וָואס פַאר אַ שִׂמְחָה אִיז הַיינְט אוֹיף אִיהם מִיט דַיין טֵיילְן מַשְׁקֶה אִין שׁוּהל?

עֶס אִיז אַ מַעֲשֶׂה וָואס הָאט פַּאסִירְט מִיט זִיבְּן יָאהר צוּרִיק, אִין יָאהר תר"ס. עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אוֹיף אַ בַּאזוּךְ אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל דֶעם פֶּעטֶער'ס זוּהן

פון רַבִּי יְדִידְיָה, רַבִּי עוֹזֵר רָאזִין פון רִיגֶע, דִי רֶעזִידֶענְץ־שְׁטָאט פון לֶעטְלַאנְד. אָט דֶער רַבִּי עוֹזֵר הָאט מִיטְגֶעבְּרֵיינְגְט זַיין אִינְגְל אִין זַיין שְׁטוּבּ צוּ אִיהם עֶרְצִיהֶען צוּ תּוֹרָה און מַעֲשִׂים טוֹבִים. דֶער פָּאטֶער רַבִּי עוֹזֵר הָאט עֶרְקְלֶערְט אַז דֶער פֶּעהִיגֶער שְׁמוּאֵל׳יק דַארְף זִיךְ גֶעפִינֶען צְוִוישְׁן דִי מוֹיעֶרְן פון יְרוּשָׁלַיִם, אִין אַזַא סָארְט שְׁטוּבּ וְוי בַּיי רַבִּי יְדִידְיָה וָואס אִיז פוּהל מִיט קְדוּשָׁה וְטָהֳרָה.

רַבִּי יְדִידְיָה הָאט מַסְכִּים גֶעוֶועזְן און אַרַיינְגֶענוּמֶען דָאס אִינְגְל בַּיי זִיךְ. דֶער רַייכֶער פָּאטֶער רַבִּי עוֹזֵר הָאט זִיךְ הֶערְצְלִיךְ גֶעזֶעגְנְט מִיט זֵיי און צוּרִיק אָפְּגֶעפָאהְרְן קֵיין לֶעטְלַאנְד.

רַבִּי יְדִידְיָה הָאט זֵייעֶר לִיבּ בַּאקוּמֶען אָט דֶעם שְׁמוּאֵל רָאזִין, און גֶעהַאלְטְן אִיהם אַלְס אֵייגְן קִינְד. עֶר הָאט אִיהם אַרַיינְגֶעגֶעבְּן לֶערְנֶען אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה ״עֵץ חַיִּים״ און אוֹיסֶער דֶעם פַאר אִיהם גֶעדוּנְגֶען אַ פְּרִיוַואט מְלַמֵּד, עֶר זָאל אִיהם אַיינְפְלַאנְצְן תּוֹרָה און יִרְאַת שָׁמַיִם. רַבִּי יְדִידְיָה הָאט זִיךְ אוֹיךְ קוֹבֵעַ גֶעוֶועזְן יֶעדְן אָוְונְד לֶערְנֶען מִיט שְׁמוּאֵל׳יקְן. זֵיי פְלֶעגְן לֶערְנֶען גְמָרָא און אַ פֶערְטְל שָׁעָה בִּקְבִיעוּת פון סֵפֶר ״מְסִילַּת יְשָׁרִים״

און דָאס אִינְגֶל הָאט זִיךְ זֵייעֶר שֵׁיין אַנְטְוויקֶלְט אִין תּוֹרָה און יִרְאַת שָׁמַיִם.

יֶעדְן וָואךְ פְלֶעגְט שְׁמוּאֵל׳יק שְׁרַייבְּן זַיין טַאטְן און מַאמֶען אַ בְּרִיוְול וָואס הָאט בְּעִיקָר עֶנְטְהַאלְטְן חִידוּשֵׁי תּוֹרָה וָואס עֶר הֶערְט פוּן זַיין רֶבִּין און אֲפִילוּ אוֹיךְ אֵייגֶענֶע.

אִין אֵיינֶע פוּן דִי בְּרִיוו דֶערְצֵיילְט עֶר דִי עֶלְטֶערְן:

״אִיךְ הָאבּ נֶעכְטְן גֶעעֶנְדִיגְט דֶעם סֵפֶר ״מְסִילַת יְשָׁרִים״, אִיךְ שְׁפִּיר זִיךְ אַ אַנְדֶער מֶענְטְשׁ. הַיינְט אִין אָוְונְד הוֹיבּ אִיךְ אָן ווידֶער לֶערְנֶען דֶעם סֵפֶר פוּן דָאסְנַיי צוּזַאמֶען מִיט רַבִּי יְדִידְיָה׳ן. בִּשְׁעַת עֶר לֶערְנְט ״מְסִילַת יְשָׁרִים״ לָאזְט עֶר אַרָאפּ טְרֶערְן. נֶעכְטְן הָאט עֶר מִיר גֶעזָאגְט אַז אִין יְרוּשָׁלַיִם דְרֵייעֶן זִיךְ אַרוּם אַ סַאךְ צַדִיקִים, לֶעבֶּעדִיגֶע ״מְסִילַת יְשָׁרִים׳ס״ — הַלְוַואי זָאל אַייעֶר זוּהן שְׁמוּאֵל זוֹכֶה זַיין צוּ זַיין אֵיינֶער פוּן זֵיי.

צְוֵויי יָאהר זַיינֶען אַרִיבֶּער און אַלֶעס הָאט זִיךְ גֶעפִירְט אִין אָרְדֶענוּנְג. און פְּלוּצִים — הָאט אַ אוּנְגֶערִיכְטֶע צָרָה פַּאסִירְט מִיטְן טַייעֶרְן

שְׁמוּאֵל'יקְן.

עֶר איז קְרַאנְק גֶעוָוארְן אוֹיף זַיינֶע אוֹיגְן. זַיין זֶעהוּנְג וֶוערְט שְׁוַואכֶער און שְׁוַואכֶער. די דָאקְטוֹירִים הָאבְּן נִישְׁט גֶעקֶענְט פֶּעסְטְשְׁטֶעלְן דֶעם מְקוֹר פון די מַחֲלָה. אָבֶּער בַּאשְׁטִימְט הָאבְּן זֵיי אַז אוֹיב די מַחֲלָה וֶועט זיך אַזוֹי צִיהֶען — קֶען עֶר חַס וְשָׁלוֹם פַּארְלִירְן אִינְגַאנְצְן זַיין זֶעהוּנְג.

הֶערְנְדִיג אַזֶעלְכֶע דִּבּוּרִים, אִיז רַבִּי יְדִידְיָה אַרוֹיס צוּבְּרָאכְן. גֶעלָאפְן איז עֶר פון אֵיין דָאקְטֶער צום צְוֵוייטְן. אַ סַאך צְדָקָה הָאט עֶר גֶעגֶעבְּן, אַ סַאך תְּפִילוֹת הָאט עֶר מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען, און גֶעפַאסְט מָאנְטָאג און דָאנֶערְשְׁטָאג עֶס זָאל גֶעהֵיילְט וֶוערְן די אוֹיגְן פון קִינְד וָואס וִויל לֶערְנֶען מִיט חֵשֶׁק.

דֶער דָאקְטֶער הָאט פַּארְבָּאטְן אוֹיף דֶעם אִינְגְל צו קוּקְן אִין סְפָרִים צו פִּיהל. די תּוֹרָה שִׁיעוּרִים זַיינֶען גֶעוָוארְן זֶעלְטֶענֶער. די בְּרִיוּו צו זַיינֶע עֶלְטֶערְן וֶוערְן וֵוייניגֶער און וֵוייניגֶער פון וָואך צו וָואך, כָּאטְשׁ עֶר הָאט בַּאהַאלְטְן זַיין לַאגֶע פון זֵיי. דֶער צַעַר פון קִינְד הָאט גֶעריסְן הֶערְצֶער.

— יְדִידְיָה — רוּפְט זיך אָן צו אִיהם זַיין

וַוייב די צִדְקָנִית — זֶעה צוּ רַאטֶעוֶועֶן דָאס קִינְד. רַייס אַיין הִימְלֶען, הֶער נִישְׁט אוֹיף צוּ בֶּעטְן רַחֲמִים. גֶעוַואלְד, מִיר טָארְן נִישְׁט שְׁוַוייגְן. לוֹיף צוּ גוּטֶע אִידְן, גֵיי צוּם צִיוּן פוּן בְּרִיסְקֶער רָב, פַארְגִיס טְרֶערְן אָבֶּער שְׁוַוייג נִישְׁט — — —

פְלֶעגְט רַבִּי יְדִידְיָה אוֹיפְשְׁטֵיין יֶעדְן טָאג נָאךְ הַאלְבֶּע נַאכְט, פַארְגָאסְן טַייכְן טְרֶערְן בִּיז אִינְדֶערְפְרִי אוּן מִתְפַּלֵל גֶעוֶועןְ אַז דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל רַחְמָנוּת הָאבְּן אוּן הֵיילְן דִי אוֹיגְן פוּן קִינְד וָואס גְרוֹיסֶעס עֶרְוַוארְטֶעט פוּן אִיהם. יֶעדְן טָאג פְלֶעגְט גֵיין רַבִּי יְדִידְיָה צוּם כּוֹתֶל-מַעֲרָבִי אוּן נַאס גֶעמַאכְט דֶעם סֵפֶר תְּהִילִים מִיט זַיינֶע טְרֶערְן.

*

עֶס אִיז גֶעוֶוען אִין אֵיינֶע פוּן דִי לַאנְגֶע ווִינְטֶער נֶעכְט. אִין שְׁטוּב פוּן אֵיינֶעם פוּן דִי גְדוֹלֵי תּוֹרָה אִין יְרוּשָׁלַיִם, אִיז גֶעזֶעסְן רַבִּי דָוִד לֶעבְּל וָואס הָאט גֶעלֶערְנְט מִיטְן אִינְגְל שְׁמוּאֵל מַסֶכֶת חוּלִין. אִין מִיטְן לֶערְנֶען זַיינֶען אִיהם טוּנְקֶל גֶעוָוארְן דִי אוֹיגְן, עֶר הָאט פַארְלָארְן גֶענְצְלִיךְ זַיין

זֶעהוּנְג און נִישְׁט גֶעקֶענְט צִיהֶען וַוייטֶער דָאס לֶערְנֶען.

זֵיי הָאבְּן דַאן גֶעלֶערְנְט דִי גְמָרָא חוּלִין אִין דַף ל״ו. צוּקוּמֶענְדִיג צוּ דִי וֶוערְטֶער ״אָנוּ עַל מִי נִסְמוֹךְ? — בּוֹאוּ וְנִסְמוֹךְ עַל דִבְרֵי רַבִּי שִׁמְעוֹן״, אוֹיף וֶועמֶען זָאלְן מִיר זִיךְ פַארְלָאזְן? — אוֹיף רַבִּי שִׁמְעוֹן!

אִין דֶעם מָאמֶענְט זַיינֶען בְּלִינְד גֶעוָוארְן דִי אוֹיגְן פוּן אִינְגְל. דָאס קִינְד הָאט אַרוֹיסְגֶעוִויזְן גֶעוַואלְדִיגֶע שְׁטַארְקַייט. עֶר הָאט גֶעבֶּעטְן בַּיי רַבִּי דָוִד'ן עֶר זָאל וַוייטֶער פָארְזֶעצְן זַיין שִׁיעוּר און עֶר וֶועט הֶערְן אוֹיסְנֶוֵיינִיג — — —

אֶסְתֵּר, דִי וַוייבּ פוּן רַבִּי דָוִד, הָאט גֶעזֶעהְן דֶעם אוּמְגְלִיק וָואס הָאט פַּאסִירְט, אִיז זִי אַרוֹיס אִין גַאס און גֶעמַאכְט אַ לַארֶעם, אַ גֶעוַואלְד. דִי שְׁכֵנִים זַיינֶען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעלָאפְּן צוּ רַאטֶעוֶועןְ דָאס קִינְד. אֵיינֶער פוּן דִי שְׁכֵנִים, אַ חָשׁוּבֶער אִיד, אִיז גֶעלָאפְן צוּם פְּרָאפֶעסָאר סוּקְמֵיינְסְקִי, אַ בַּאוואוּסְטֶער לָאדְזְשֶער אוֹיגְן־דָאקְטֶער, אַ סְפֶּעצְיַאלִיסְט וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען יֶענֶע טֶעג

אִין יְרוּשָׁלַיִם אִין שְׁלִיחוּת פוּן בַּארָאן רָאטְשִׁילְד. עֶר הָאט אִיהם גֶעבֶּעטְן עֶר זָאל קוּמֶען צוּם קִינְד, אֶפְשֶׁר קֶען מֶען עֶפֶּעס טְהוּן אִיהם צוּ רַאטֶעוֶועְן דָאס זֶעהוּנְג פוּן דִי אוֹיגְן. פְּרָאפֶּעסָאר סוּקְמֵיינְסְקִי הָאט זִיךְ גֶעיָאגְט דָארְטְן אוּן בַּאטְרַאכְט דֶעם קִינְד׳ס אוֹיגְן. עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפְן: צוּ שְׁנַיידְן קוּמְט נִישְׁט אִין בַּאטְרַאכְט. דָאס אִיז אַ שְׁוַואכְקַייט אִין דִי אוֹיגְן אָדֶערְלַאךְ.

דֶער פְּרָאפֶּעסָאר הָאט גֶעגֶעבְּן אַ רֶעצֶעפְּט פוּן אַזֶעלְכֶע טְרָאפְּנְס וָואס מֶען דַארְף אַרַיינְטְרִיפְּן פוּן צַייט צוּ צַייט. אָבֶּער עֶר לֵייגְט צוּ מִיט אַ קְרֶעכְץ, אַז נַיינְצִיג פְּרָאצֶענְט אִיז נִישְׁטָא קֵיין הָאפְנוּנְג אַז דָאס זֶעהוּנְג זָאל זִיךְ אוּמְקֶערְן צוּ אִיהם, אָבֶּער דָאךְ אִיז צֶעהן פְּרָאצֶענְט אוֹיךְ עֶפֶּעס אוּן מֶען קֶען הָאפְן צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטְן וַוייל נָאר עֶר קֶען הֶעלְפְן — עֶנְדִיגְט דֶער פְּרָאפֶּעסָאר אִין דַייטְשׁ, כְּדֵי דָאס אִינְגָל זָאל נִישְׁט פַארְשְׁטֵיין זַיין לַאגֶע.

*

דִי הֵיילוּנְגְס טְרָאפְּן הָאט גֶעמַאכְט רַבִּי מֹשֶׁה יוֹלֶעס וָואס פְּלֶעגְט קוּמֶען אַלֶע טָאג אוּן

אַרײַנטְרִיפְן אִין דִי אוֹיגְן פוּן שְׁמוּאֵל׳יקְן — אָבֶער עֶס אִיז גֶעוֶוען אוּמְזִיסְט, אָן עֶרְפָאלְג.

גְרוֹיס אִיז גֶעוֶוען דָאס צַעַר פוּן קִינְד וָואס בְּרוּמְט שְׁטֶענְדִיג אוּן וֵויינְט:

— רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ פַארְלַאנְג גָאר נִישְׁט פוּן דִיר, נָאר אִיךְ זָאל קֶענֶען קוּקְן אִין דִי הֵיילִיגֶע גְמָרָא אוּן לֶערְנֶען דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה. אוֹי טַאטֶע אִין הִימְל, מַאךְ מִיר לִיכְטִיג מַיינֶע אוֹיגְן אִין דַיין תּוֹרָה. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער פָאטֶער, עֶפְן מַיינֶע אוֹיגְן — — —

רַבִּי מֹשֶׁה יוֹלֶעס, רַבִּי יְדִידְיָה אוּן זַיין וַוייבּ, הֶערְנְדִיג דִי רֵייד פוּן שְׁמוּאֵל׳יקְן, הָאבְּן זִיךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט אַיינְהַאלְטְן אוּן זֵיי הָאבְּן גֶעוֵויינְט גְלַייךְ מִיטְן קִינְד. עֶס הָאט זִיךְ גֶעדוּכְט אַז אוֹיךְ דִי גְמָרָא חוּלִין וֵויינְט, אַז אוֹיךְ דִי בַּאלְקְנְס פוּן שְׁטוּבּ וֶועלְכֶע הָאבְּן זִיךְ צוּגֶעוואוֹינְט צוּם זִיסְן־אוּמֶעטִיגְן קוֹל׳כְל פוּן שְׁמוּאֵל׳יקְן — וֵויינֶען אוֹיךְ.

הָאט רַבִּי מֹשֶׁה יוֹלֶעס, גֶעגֶעבְּן אַ עֵצָה פַאר רַבִּי יְדִידְיָה׳עֶן עֶר זָאל שִׁיקְן דָאס קִינְד אוֹיף אַ קוּרְצֶע צַייט קֵיין חֶבְרוֹן צוּ בַּייטְן דִי לוּפְט. אֶפְשֶׁר

וֶועט עֶר זִיךְ אַבִּיסְל אוֹיסְטְשׁוּכֶען פוּן דִי עֶרְנְסְטְקַייט פוּן דִי לַאגֶע אוּן אֶפְשֶׁר וֶועט דִי לוּפְט ווירְקְן אוֹיף זַיין צוּשְׁטַאנְד. דֶער עִיקָר, מֶען טָאר זִיךְ נִישְׁט מְיַיאֵשׁ זַיין.

אִין יֶענֶע צַייט אִיז גֶעוֶוען דִי הֵיילִיגֶע שְׁטָאט חֶבְרוֹן אִין אִיהר פוּהלְן אִידִישְׁן פְּרַאכְט. עֶס הָאבְּן גֶעלֶעבְּט אִין אִיהר אוּן גֶעוִוירְקְט דִי צְוֵויי גְאוֹנִים וְצַדִיקִים רַבִּי שִׁמְעוֹן מְנַשֶּׁה חַייקִין אוּן רַבִּי חַיִּים חִזְקִיָה מְדִינִי (דֶער "שְׂדֵה חֶמֶד").

שׁוֹין אַ צַייט וָואס דִי צְוֵויי גְרוֹיסֶע פֶּערְזָאנֶען פִּיהרְן זִיךְ צוּ פַארְלָאזְן זֵייעֶרֶע שְׁטִיבֶּער אַרוּם הַאלְבֶּע נַאכְט. זֵיי גֵייעֶן צוּ אַ גֶעוִויסְן רִיכְטוּנְג וָואס אִיז נִישְׁט בַּאקַאנְט פַאר קֵיינֶעם, אוּן קוּמֶען נַאכֶער צוּרִיק וֶוען עֶס קוּמְט דִי צַייט פוּן תְּפִילַת שַׁחֲרִית צוּ "וְתִיקִין", פַארן זוּן-אוֹיפְגַאנְג. אַנְדֶערֶע פְלֶעגְן זָאגְן אַז זֵיי גֵייעֶן אִין אַ עֵת צָרָה צוּ דִי מְעָרַת הַמַכְפֵּלָה, כְּדֵי צוּ עֶרְוֶועקְן זְכוּת אָבוֹת. אַנְדֶערֶע הָאבְּן גֶעזָאגְט אַז זֵיי גֵייעֶן צוּם קֶבֶר פוּן "רֵאשִׁית חָכְמָה". אוּן נָאךְ פַארְשִׁידֶענֶע נוּסְחָאוֹת הָאבְּן זִיךְ אַרוּמְגֶעדְרֵייט אִין חֶבְרוֹן וֶועגְן זֵייעֶר גֵיין צוּזַאמֶען נָאךְ הַאלְבֶּע נַאכְט.

אָבֶער דָאס וַוייסְן אַלֶע אַז אַמָאל הָאט פַּאסִירְט אַ צָרָה אִין אֵיינֶע פון די אִידִישֶׁע קְהִילוֹת אִין קַאוְוקַאז, אִין דָרוֹם רוּסְלַאנְד וואוּ דֶער "שְׂדֵה חֶמֶד" אִיז גֶעוֶוען פְרִיעֶר רָב. עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אַ בְּרִיוו פון די רָאשֵׁי הַקְהִילָה אַז דֶער הֶערְשֶׁער פון יֶענֶעם גֶעגֶנְד הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבְּן אַ בַּאפֶעהל, וַוייזְט אוֹיס אוּנְטֶער די וִוירְקוּנְג פון די מַשְׂכִּילִים וָואס הָאט דֶערְגֵרייט בִּיז אַזוֹי וַוייט, אַז אַלֶע דַארְפְן זִיךְ אָפְּשֶׁערְן די בֶּערְד און די פֵּיאוֹת.

די צְוֵויי רַבָּנִים רַבִּי שִׁמְעוֹן מְנַשֶׁה און רַבִּי חַיִים חִזְקִיָה מְדִינִי, זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען בַּיים קֶבֶר פון "רֵאשִׁית חָכְמָה" און דָארְטְן מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטְן עֶס זָאל בָּטֵל וֶוערְן די גְזֵירָה. זֵיי הָאבְּן פַּארְעֶנְדִיגְט זֵייעֶר תְּפִילָה מִיטְן פִּזְמוֹן, וָואס מֶען זָאגְט מוֹצָאֵי־שַׁבָּת־קוֹדֶשׁ אִין פִּיוּט "אַדִיר אָיוֹם וְנוֹרָא" מִיט די וֶוערְטֶער "פְּדֵה עַמְךָ מֵעַזִים, צֹאנְךָ מִיַד גוֹזְזִים".

אִין אַ פָּאר טֶעג אַרוּם קוּמְט אַ יְדִיעָה אַז די גְזֵירָה אִיז בָּטֵל גֶעוָוארְן.

יַעֲנְקֶל בֶּענְזִימַאן, אַ גוּטֶער לַאנְג־יֶעהְרִיגֶער

אַרְבֶּעטֶער פוּן דִי אִידִישֶׁע בֶּעקֶערַיי אִין חֶבְרוֹן, פְּלֶעגְט אַרְבֶּעטְן אִין בֶּעקֶערַיי בִּיז הַאלְבֶּע נַאכְט אוּן נַאכֶער זִיךְ אוּמְקֶערְן אַהֵיים. נִישְׁט אֵיינְמָאל, הָאט עֶר בַּאגֶעגְנְט דִי צְוֵויי אַלְטֶע רַבָּנִים וְוִי זֵיי גֵייעֶן צוּזַאמֶען אִין דִי פִּינְסְטֶערְנִישׁ פוּן דִי נַאכְט נִישְׁט וְויסְנְדִיג אַוואוּ.

מַאכְט זִיךְ אַמָאל בַּיי אַ סְעוּדַת "מְלַוֶה מַלְכָּה", הָאט מֶען גֶערֶעדְט בַּיים טִישׁ אִין בֵּית מִדְרָשׁ וֶועגְן דִי צְוֵויי רַבָּנִים. רוּפְט זִיךְ אָן יַעְנְקְל בֶּענְזִימַאן:

— אֵיינְמָאל פַאר אַלֶעמָאל, אִיךְ מוּז דֶערְגֵיין וואוּ גֵייעֶן עֶס דִי צְוֵויי רַבָּנִים יֶעדְן הַאלְבֶּע נַאכְט!

הָאט זִיךְ רַבִּי שִׁמְעוֹן הוֹיזְמַאן אָנְגֶערוּפְן צוּ יַענְקְלֶען:

— "בִּמְקוֹם גְדוֹלִים אַל תַּעֲמוֹד", מִישׁ זִיךְ נִישְׁט צְווִישְׁן דִי גְרוֹיסֶע. עֶס אִיז נִישְׁט דַיין גֶעשֶׁעפְט. אַנְשְׁטָאט זֵיי נָאכְצוּגֵיין, בֶּעסֶער גֵיי אַרַיין אִין בֵּית מִדְרָשׁ אוּן לֶערְן אַבִּיסְל מִשְׁנָיוֹת אָדֶער "עֵין יַעֲקֹב". אַ שָׁאד אוֹיף דַיין צַייט יַעְנְקְל!

*

װי שױן געשריבן, האט שמואל׳יק ראזין זיך געפונען בײ רבי שמעון הױזמאן אין שטוב. ער איז געװען א שטארקער אין כאראקטער. אבער אױך ער איז צובראכן געװארן צוזעהענדיג דאס צער פון קינד, װאס דריקט צו די גמרא צו זײן הארץ און װײנט אױף זײנע אױגן װאס זײנען פארלאשן געװארן און ער קען נישט לערנען די הײליגע תורה.

באערעכנט זיך רבי שמעון: אט גײען די צװײ צדיקים יעדן נאכט מתפלל זײן און זײנען מבטל גזירות רעות, פארװאס זאל איך נישט אױסניצן אזא געלעגנהײט װען די צװײ גײען ארױס צוזאמען צו זײער עבודת השם, שיקן צו זײ דאס קינד, און זאלן זײ זעהן און שפירן זײן צער, װעלן זײ איהם בענטשן! װאס קען דא זײן, אפילו זײ װעלן אױף מיר מקפיד זײן, איז אױך כדאי צו ראטעװען דאס קינד!

רבי שמעון פארזאמט נישט קײן סאך צײט, עס זײנען אריבער עטליכע נעכט און רבי שמעון דרײט זיך אין גאס ארום האלבע נאכט, מיטן קינד בײם הענטל, נעבן דעם טױער פון רבי שמעון

מְנַשֶׁה. פְּלוּצִים עֶפְנְט זִיךְ דֶער טוֹיעֶר אוּן בֵּיידֶע גֵייעֶן אַרוֹיס פוּן דָארְט צוּ זֵייעֶר וֶועג.

גֶערִירְט אָבֶּער מִיט קוּרַאזְשׁ, גֵייט צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן מִיטְן קִינְד נֶעבְּן זֵיי, שְׁטוּפְּט אִיהם אַרַיין צְווִישְׁן דִי צְוֵויי צַדִיקִים, אוּן עֶר, רַבִּי שִׁמְעוֹן הוֹיזְמַאן כַאפְּט אוּן אַנְטְלוֹיפְט צוּ זִיךְ אִין שְׁטוּב, צוּ פַארְשְׁפָּארְן וִיכּוּחִים.

זֵיי הָאבְּן גֶעוֵויינְלַאךְ פַארְשְׁטַאנֶען אַז דָאס קִינְד דַארְף גֶעווִיס גֶעהָאלְפְן וֶוערְן אוּן בֵּיידֶע פִירְן אִיהם אִין זֵייעֶר וֶועג, אֵיין הֶענְטְל אִין רַבִּי שִׁמְעוֹן מְנַשֶׁה׳ס הַאנְד אוּן דִי צְוֵוייטֶע הֶענְטְל אִין דֶעם שְׂדֵה חֶמֶד׳ס הַאנְד אוּן אַלֶע דְרַיי גֵייעֶן.

פְרֶעגְט דֶער ״שְׂדֵה חֶמֶד״ אוֹיפְן וֶועג, צוּ שְׁמוּאֵל׳יקְן:

— בַּיי וָואס פַאר אַ עִנְיָן הָאסְטוּ זִיךְ אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט וֶוען דָאס זֶעהוּנְג אִיז דִיר צוּגֶענוּמֶען גֶעוָוארְן?

— אִין גְמָרָא חוּלִין ל״ו.

— וֶועלְכֶע שוּרָה?

— "אָנוּ עַל מִי נִסְמוֹךְ, בּוֹאוּ וְנִסְמוֹךְ עַל דִּבְרֵי רַבִּי שִׁמְעוֹן" (אויף וֶועמֶען זָאלְן מִיר זִיךְ פַארְלָאזְן? — לָאמִיר זִיךְ פַארְלָאזְן אויף דִי רֵייד פון רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי).

— אוֹיבּ אַזוֹי — רוּפְן זִיךְ אָן בֵּיידֶע צַדִיקִים — הָאסְטוּ דָאךְ אויף וֶועמֶען זִיךְ צוּ פַארְלָאזְן! פַארְלָאז זִיךְ אוֹיפְן תַּנָּא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי. זָאלְסְטוּ פָארְן קֵיין מֵירוֹן צוּם צִיוּן פוּן רַשְׁבִּ"י און בֶּעטְן בַּיי הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ אַז אִין זַיין זְכוּת זָאלְסְטוּ גֶעהָאלְפְן וֶוערְן — — —

אויף מָארְגְן אִיז דֶער אִינְגְל ווִידֶער בַּיי רַבִּי שִׁמְעוֹן הוֹיזְמַאן אִין שְׁטוּבּ. עֶר פִיהרְט אִיהם בַּאלְד אָפּ קֵיין יְרוּשָׁלַיִם צוּרִיק צוּ רַבִּי יְדִידְיָה'ן.

שְׁמוּאֵל'יק דֶערְצֵיילְט פַאר רַבִּי יְדִידְיָה וָואס מִיט אִיהם אִיז פָּארְגֶעקוּמֶען יֶענֶע נַאכְט, אַז בֵּיידֶע הָאבְּן אִיהם גֶעווּאוּנְטְשְׁן אַז אִין מֵירוֹן קֶען עֶר גֶעהָאלְפְן וֶוערְן אִין זְכוּת פוּן רַשְׁבִּ"י.

דִי וֶועג פוּן יְרוּשָׁלַיִם בִּיז מֵירוֹן אִיז גַאנְץ וַוייט, און רַבִּי יְדִידְיָה אִיז שׁוֹין אַ עֶלְטֶערֶער אִיד. אָבֶּער עֶר קוּקְט נִישְׁט דֶערוֹיף און מַאכְט דִי נְסִיעָה

קֵיין מֵירוֹן וָואס גֶעמְט דְרַיי טֶעג.

אַ אַנְדֶער גַייסְט אִיז אַרַיין אִין זֵיי אִין דֶעם מָאמֶענְט וֶוען זֵיי הָאבְּן אִיבֶּערְגֶעטְרָאטְן דִי שְׁוֶועל פוּן דִי מְעָרָה פוּן רַשְׁבִּ״י אִין מֵירוֹן. אַ בִּטָחוֹן אוּן אַ פְרֵיילַאכְקַייט הָאט זִיךְ ווִי אַרַיינְגֶעגָאסְן אִין בֵּיידְן, אִין רַבִּי יְדִידְיָה אוּן שְׁמוּאֵל׳יק. אוֹיפְן הֵיילִיגְן צִיּוּן הָאבְּן זֵיי מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען צוּ הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ עֶר זָאל זֵיי הֶעלְפְן.

דְרַייצְן טֶעג הָאבְּן זֵיי פַארְבְּרֵיינְגְט אִין דֶער מְעָרָה אוּן זֵיי זַיינֶען נִישְׁט אַרוֹיס פוּן דָארְטְן. אוּן זֶעה וואוּנְדֶער וואוּנְדֶער אִיבֶּער וואוּנְדֶער: פוּן טָאג צוּ טָאג, בַּאקוּמְט שְׁמוּאֵל׳יק זַיין זֶעהוּנְג יֶעדְן טָאג מֶערֶער, בִּיז צוּם דְרַייצְטְן טָאג הָאבְּן זַיינֶע אוֹיגְן בַּאקוּמֶען גֶענְצְלִיךְ דָאס זֶעהוּנְג!

אַשְׁרֵי עַיִן רָאֲתָה זֹאת. אַזַא פְרֵיילַאכְן טַאנְץ וֶוען דִי בֵּיידֶע, רַבִּי יְדִידְיָה אוּן שְׁמוּאֵל׳יק זַיינֶען אַרוֹיס פוּן דִי מְעָרָה אוּן גֶעזוּנְגֶען מִיט הִתְלַהֲבוּת ״תּוֹרָתוֹ מָגֵן לָנוּ — הִיא מְאִירַת עֵינֵינוּ!״ הָאט נָאךְ קֵיינֶער נִישְׁט צוּגֶעזֶעהן. נַאכֶער הָאט רַבִּי יְדִידְיָה גֶענוּמֶען זִינְגֶען מִיטְן נִיגוּן פוּן ״אֲדוֹנֵינוּ בַּר יוֹחַאי״

די װערטער "אָנוּ עַל מִי נִסְמוֹךְ?" און שְׁמוּאֵליק עֶנְטְפֶערְט אַנְטְקֶעגְן: "בּוֹאוּ וְנִסְמוֹךְ עַל דִבְרֵי רַבִּי שִׁמְעוֹן". צְװײ שָׁעָה הָאבְּן זֵיי אַזוֹי גֶעזוּנְגֶען און גֶעטַאנְצְט אַרוֹיסְגֶעבְּנְדִיג אַ לוֹיבּ אוֹיסְדְרוּק צוּם בַּאשֶׁעפֶער פַּאר די יְשׁוּעָה וָואס עֶר הָאט זֵיי גֶעהָאלְפְן מִיטְן אוּמְקֶערְן די לִיכְט פוּן די אוֹיגְן בַּיי שְׁמוּאֵל׳יקְן, אִין זְכוּת פוּן דֶעם תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי.

רַבִּי יְדִידְיָה מִיטְן אִינְגְל הָאבְּן זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט אִין יְרוּשָׁלַיִם לְחַיִים וּלְשָׁלוֹם. רַבִּי יְדִידְיָה הָאט גֶעטֵיילְט אִין שׁוּהל בַּיים דַאוְונֶען לֶעקַאךְ און בְּרָאנְפְן וֶוען אַלֶע ווינְטְשְׁן אִיהם און שְׁמוּאֵל׳יקְן: לְחַיִים לְחַיִים — — —

*

דֶער בָּחוּר שְׁמוּאֵל רָאזִין הָאט זִיךְ זֵייעֶר שֵׁיין אַנְטְוִויקֶלְט, און וֶוען עֶר וֶוערְט עֶלְטֶער קֶערְט עֶר זִיךְ אוּם קֵיין רִיגֶע צוּ זַיינֶע עֶלְטֶערְן. דָארְטְן שְׁטֶעלְט עֶר אוֹיף אַ אִידִישֶׁע שְׁטוּב און זֶעצְט פָּאר זַיין תּוֹרָה לֶערְנֶען און וֶוערְט גְרוֹיס.

מִיט אַ גוּטְן עֶלְטֶער אִיז נִפְטַר גֶעוָוארְן רַבִּי

יְדִידְיָה הָארָאדְנֶער (ח׳ טֵבֵת). פַאר זַיין פְּטִירָה הָאט עֶר גֶעזָאגְט:

— אִיךְ קֶען רוּהִיג גֵיין אוֹיף יֶענֶע וֶועלְט. אִיךְ הָאבּ אָפְּגֶעגֶעבְּן גַאנְץ דֶעם פִּקָדוֹן וָואס שְׁמוּאֵל׳ס פָּאטֶער הָאט בַּיי מִיר גֶעשִׁיקְט. אִיךְ הָאבּ אִיהם אָפְּגֶעגֶעבְּן אַ פִּקָדוֹן וָואס אִיז פִיהל מֶעהר וֶוערְד ווִי וֶוען עֶר הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט צוּ מִיר...

בַּיי דִי יְצִיאַת נְשָׁמָה פוּן רַבִּי יְדִידְיָה הָאט גֶעדוּנֶערְט מִיט זַיין שְׁטִימֶע הָרַב הַגָאוֹן רַבִּי שְׁלֹמֹה אַהֲרֹן וֶוערְטְהַיימֶער וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען צוּ זַיין רֶעכְטֶע זַייט: הוֹי צַדִיק! הוֹי חָסִיד! הוֹי עָנָיו! אוּן אַלֶע הָאבְּן גֶעגָאסְן טְרֶערְן.

*

דֶער שְׁרַייבֶּער פוּן דִי שוּרוֹת, וֶוען עֶר הָאט בַּאזוּכְט מִיט יָאהרְן צוּרִיק אִין בְּרוּקְלִין, הָאט עֶר זִיךְ גֶעטְרָאפְן מִיט הַגָאוֹן רַבִּי מֹשֶׁה רָאזִין (מְחַבֵּר פוּן סֵפֶר ״נֵזֶר הַקוֹדֶשׁ״), הָאט עֶר דֶערְצֵיילְט, אַז עֶר הָאט נָאךְ זוֹכֶה גֶעוֶוען צוּ קֶענֶען רַבִּי שְׁמוּאֵל רָאזִין אִין זַיין בַּאזוּךְ אִין שְׁטֶעטְל חְוַוײדַאן. רַבִּי שְׁמוּאֵל אִיז גֶעוֶוען פוּהל מִיט תּוֹרָה אוּן יִרְאַת שָׁמַיִם,

תְּמִימוּת און פִּקְחוּת! וֶוען עֶר, רַבִּי שְׁמוּאֵל, פְּלֶעגְט מַאכְן דִי בְּרָכָה ״פּוֹקֵחַ עִוְרִים״, הָאבְּן גֶעצִיטֶערְט די וֶוענְד אִין שׁוּהל פון זַיין לֵייבְּן גֶעשְׁרֵיי.

## דַף ל״ג און ל״ג מֵימְרוֹת

דֶער צַדִיק רַבִּי שָׁלוֹם בֶּעלְזֶער זצ״ל, הָאט גֶעזָאגְט אַמָאל אִין אַ סְעוּדָה פון ל״ג בָּעוֹמֶר, אַז עֶס אִיז וואוּנְדֶערְלִיךְ דָאס די מַעֲשֶׂה פון רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי וֶוערְט גֶעבְּרֵיינְגְט אִין מַסֶכֶת שַׁבָּת אִין דַף ל״ג!

הָאט צוּגֶעגֶעבְּן דֶערוֹיף זַיין תַּלְמִיד רַבִּי שָׁלוֹם קַאמִינְקֶער זצ״ל, אַז עֶס אִיז וואוּנְדֶערְלִיךְ דָאס בִּיז דַף ל״ג אִין מַסֶכֶת שַׁבָּת, וֶוערט גֶעבְּרֵיינְגְט אִין שַׁ״ס — ל״ב (32) מֵימְרוֹת אִין נָאמֶען פון רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, און די מַעֲשֶׂה וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אִין דַף ל״ג פון מַסֶכֶת שַׁבָּת, אִיז די 33׳סְטֶע (ל״ג) מֵימְרָא פון הֵיילִיגְן תַּנָא!!!

# תְּחִיַּת הַמֵּתִים

דִי מַעֲשֶׂה הָאט פַּאסִירְט אִין מֵירוֹן, אִין יָאהר תרפ״ג, אִין דֶעם טָאג לַ״ג בָּעוֹמֶר, אִין גֶעגְנְוַוארְט פוּן טוֹיזְנְטֶער אִידְן וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעקוּמֶען צוּם צִיוּן פוּן הַתַּנָא הָאֱלֹקִי רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, ווִי דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל׳דִיגֶע אִידְן זַייט הוּנְדֶערְטֶער יָאהרְן.

דִי מַעֲשֶׂה וֶוערְט אִיבֶּערְדֶערְצֵיילְט יָאהר נָאךְ יָאהר אִין לַ״ג בָּעוֹמֶר, דוּרְךְ וֶועלְכֶע גֶעדֵיינְקֶען עֶס ווִי עֶס הָאט פַּאסִירְט, כְּדֵי צוּ וַוייזְן דִי גְרוֹיסְקַייט פוּן מִתְפַּלֵל זַיין בַּיים קֶבֶר פוּן אַ צַדִיק. דָאס אִיז אוֹיךְ בַּאשְׁרִיבְּן אִין סֵפֶר ״הִילוּלָא דְרַשְׁבִּ״י״ (יְרוּשָׁלַיִם תש״ב), וָואס דֶער מְחַבֵּר פוּן דֶעם סֵפֶר אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען דָארְטְן אוּן עֶס גֶעזֶעהן מִיט זַיינֶע אוֹיגְן וָואס עֶס אִיז דַאן גֶעשֶׁעהן.

*

אין יאהר תרפ״ג, איז אויסגעפאלן ל״ג בעומר אום פרייטאג. מאסן, מאסן חסידישע אידן, אין די טויזנטער, זיינען זיך צוזאמענגעקומען אין דעם דארף מירון וועלכע ליגט צווישן די הויכע גליל-בערג. עס איז נישט צו שילדערן די שמחה און געזאנג וואס איז דארטן פארגעקומען, אין די שטיבלאך וואס נעבן די מערות וואס דארטן איז דער ציון פון רבי שמעון בר יוחאי און זיין זוהן רבי אלעזר ברבי שמעון. אויך די חצרים אין דרויסן זיינען געפאקט מיט ירושלימער אידן ווי אויך פון גאנץ ארץ ישראל, וועלכע זיינען אהער געקומען מיט זייערע קליינע חן׳עוודיגע אינגאלאך אנגעטהון אין סאמעטענע כאלאטאלאך מיט זיידענע קאפאלאך וועלכע פארדעקן אויף די האר געלאקטן קעפאלע, וואס מען גייט יעצט דערפון מאכן פאה׳לאך, ווי דער שטייגער איז.

ווידער, ביי די מערות גופא, הערן זיך גרויסע בכיות. אינעווייניג אין בית מדרש שטייען צונויפגעפרעסט הונדערטער אידן און זאגן תהילים מיט כונה. אלע קרייזן געפינען זיך דא, חסידים, מתנגדים, תימן׳ער, פוילישע, בוכאריער א.א.וו. אלע בעטן השם יתברך צו געהאלפן ווערן

אִין זְכוּת פוּן דֶעם גְרוֹיסְן תַּנָא וָואס לִיגְט דָא. אִין דֶער אַנְדֶער זַייט פוּן דֶעם קֶבֶר שְׁטֵייעְן פְּרוֹיעְן מִיט גֶעבֶּעט־גֶעוֵויינֶען וָואס הֶערְט זִיךְ בִּיז אִין דְרוֹיסְן, דִי מַאמֶעס פוּן דִי ״חַאלַאקֶע־קִינְדֶער״ — ווִי עֶס רוּפְן זִיךְ דִי פֵּאוֹת־אִינְגַאלַאךְ — בֶּעטְן גָ־ט זֵיי זָאלְן זוֹכֶה זַיין צוּ הָאדֶעוֶועְן זֵייעֶרֶע קִינְדֶער צוּ תּוֹרָה אוּן הָאבְּן פוּן זֵיי אַ אִידִישְׁן נַחַת.

אוּן דָא שְׁטֵייט שׁוֹין דִי זוּן אִין מִיטְן הִימְל. עֶס אִיז שׁוֹין פְרַייטָאג אַרוּם הַאלְבְּן טָאג, מֶען דַארְף זִיךְ שׁוֹין גְרֵייטְן צוּם שַׁבָּת. דִי אַיינְווֹאוֹינֶער פוּן טְבֶרְיָה צְפַת, חֵיפָה אוּן דִי יִשׁוּבִים פוּן גָלִיל הָעֶלְיוֹן אוּן גָלִיל הַתַּחְתּוֹן, הוֹיבְּן אָן זֵייעֶרֶע צוּרִיק־רַייזֶעס כְּדֵי צוּ זַיין שַׁבָּת אִין דֶערְהֵיים.

יְרוּשָׁלַיִם אִיז וַוייט פוּן מֵירוֹן, מֶען זָאל זִיךְ עֶרְלוֹיבְּן אַהֵיים צוּ פָארְן פְרַייטָאג מִיטָאג. אַנְדֶערֶע הָאבְּן זִיךְ גָאר מְזָרֵז גֶעוֶועְן אוּן גַאנְץ פְרִיה נָאךְ וְתִיקִין־דַאוְונֶען, אַהֵיים גֶעפָארְן. אָבֶער דֶער גְרֶעסְטֶער טֵייל יְרוּשָׁלַיִמֶער אִידְן אִיז גֶעבְלִיבְּן אִין מֵירוֹן. עֶס אִיז שְׁוֶוער זִיךְ אָפְּרַייסְן פוּן אַזַא הֵיילִיגֶע פְרֵייד וָואס הֶערְשְׁט דָא. בְּלַייבְּט מֶען דָא אוֹיף שַׁבָּת. עֶס הָאבְּן זִיךְ שׁוֹין גֶעפוּנֶען וַוייבֶּער צִדְקָנִיוֹת

װעלכע גרײטן צו פון כל טוב אויף שבת, "בשר ודגים וכל מטעמים". עס קוקט אויס אז דער שבת װעט זײן אין מירון "לעילא ולעילא".

די נאכט פון שבת שפּרײט שוין אויס איהרע פליגלען אויף די ירושלימער עדה. עס האבן זיך אויסגעשטעלט מנינים, יעדער קרײז אין א באזונדער שטיבל, און שײנע לכה־דודי ניגונים דרינגען ארויס פון די פענסטער און שאפן א װידער־קול פון די הויכע װיסטע בערג.

בײ די שבת־טישן, בײ די זמירות װעלכע האבן אפּגעהילכט אין די שטילקײט פון די נאכט — האט זיך געשפּירט א דערהויבנקײט װאס האט פארטריבן יעדן מחשבה װעגן דעם "איך", װאו װעל איך זײן?... װאו װעל איך שלאפן?... װאו זיצן װאו שלאפן, װען מען געפינט זיך אין אײן מחיצה מיט אזא גרויסן צדיק, אזא זכיה צו האבן איז שוין גענוג.

און װען די הארץ װערט פארפיהלט מיט גײסטיגע פרײד געפיהלן — גײען ארויס די טויזנטער אידן מיט א דבקות טאנץ און מען זינגט

״בַּר יוֹחַאי״ לויט אַ אַלְטֶע מֶעלָאדִיֶע. אַזוֹי פַארבְּרֵיינְגְט מֶען בִּיז נָאךְ הַאלְבֶּע נַאכְט און עֶס גְלוּסְט זִיךְ גָארְנִישְׁט צוּ גֵיין זוּכְן עֶפֶּעס אַ בַּאנְק צוּם שְׁלָאפְן אָדֶער אַ ווינְקְל צוּ זִיצְן.

וֶוען דֶער מָארְגְנְשְׁטֶערְן הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ וַוייזְן אוֹיפְן לְבָנָה־בַּאלוֹיכְטֶענֶעם הִימְל, אִיז ווייטֶער אַ גֶעפִּילְדֶער. דֶער עוֹלָם גֵייט מַאסְנְוַוייז צוּ דֶעם מְגִידוֹ־טַייכְל וָואס פְלִיסְט אוּנְטְן אִין טָאל, און מֶען טוֹבְלְט זִיךְ דָארְטְן פַאר תְּפִילַּת שַׁחֲרִית. וֶוען מֶען אִיז צוּרִיק גֶעקוּמֶען פוּן דָארְט הָאט שוֹין אַרוֹיס גֶעשְׁפְּרָאצְט דִי זוּהן פוּן אִיבֶּער דִי הוֹיכֶע מִזְרָח בֶּערְג, און ווִידֶער הוֹיבְּן זִיךְ אָן אוֹיסְשְׁטֶעלְן מִנְיָנִים נָאךְ מִנְיָנִים.

*

שוֹין בַּאלְד הַאלְבֶּער טָאג. דֶער לֶעצְטֶער מִנְיָן הָאט שוֹין פַארְעֶנְדִיגְט מוּסָף. און דָא הֶערְט זִיךְ פְלוּצְלוּנְג אַ טוּמְל פוּן דְרוֹיסְן. פוּן דִי אוֹיבֶּערְשְׁטֶע שְׁטִיבְּלַאךְ וָואס אוֹיפְן דַאךְ, הֶערְט זִיךְ אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער קְווִיטְשׁ פוּן אַ פְרוֹי, און נַאכֶער אַ יָאמֶערְלִיכֶער גֶעשְׁרֵיי.

אַ סְפַרְדִישְׁע מוּטֶער הָאט גֶעבְּרֵיינְגְט אִיהר דְרַיי־יֶעהרִיג אִינְגֶל אִין מֵירוֹן. זִי הָאט אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן צוּ מַאכְן אִיהר אִינְגֶל פֵּיאוֹת אִין מֵירוֹן. אִיהר שִׂמְחָה אִיז גֶעוֶועןן אוֹיסֶערְגֶעוֵויינְלִיךְ גְרוֹיס וָואס זִי הָאט זוֹכֶה גֶעוֶועןן דֶערְצוּ. דֶער פָּאטֶער הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט קוּמֶען, אִיז דִי מוּטֶער אַלֵיין גֶעוֶועןן דָא מִיטְן קִינְד.

פְּלוּצְלוּנְג, גָ־ט בַּאהִיט, הָאט דֶעם קִינְד אָנְגֶעכַאפְּט אַ קְרֵיינְק רַחְמָנָא־לִיצְלָן אוֹיף אַ שְׁוֶוערְן אוֹפָן. אַ קוּרְצֶע צֵייט אִיז אַרִיבֶּער אוּן עֶר הָאט אוֹיסְגֶעהוֹיכְט זַיין נְשָׁמָה. דָאקְטוֹירִים פוּן דִי עֶנְגְלִישְׁע רֶעגִירוּנְג וֶועלְכֶע הָאבְּן זִיךְ דָארְטְן גֶעפוּנֶען, הָאבְּן גְלַייךְ אוֹיסְגֶערוּפְן "קַארַאנְטִין" אוֹיף דֶעם גַאנְצְן גֶעגְנְד. דָאס הֵייסְט, וֶוער עֶס אִיז אִינֶוֵוייניג זָאל נִישְׁט אַרוֹיס גֵיין אוּן וֶוער עֶס אִיז אִין דְרוֹיסְן זָאל נִישְׁט אַרַיינְגֵיין.

וֶוען דֶער בַּאפֶעל אִיז בַּאוואוּסְט גֶעוָוארְן, אִיז עֶנְטְשְׁטַאנֶען אַ גְרוֹיסֶע בֶּהָלָה אוּן טוּמְל. דֶער נַארָאד הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן שְׁטְרָאמֶען אִין דְרוֹיסְן אוֹיף דִי פֶעלְדֶער אוּן בֶּערְג. זַיינֶען גְלַייךְ גֶעקוּמֶען דִי פָּאלִיצֵיי אוּן פַארְמַאכְט דִי טוֹיעֶרְן. נִישְׁט אַרַיין אוּן נִישְׁט אַרוֹיס.

עֶס אִיז נִישְׁט פָּארְצוּשְׁטֶעלְן דִי קוֹלוֹת אוּן גֶעשְׁרֵייעֶן פוּן מוּטֶערְס וָואס הָאבְּן אִיבֶּערְגֶעלָאזְט זֵייעֶרֶע קִינְדֶער אִינְוֵוייניג, אוּן קְלֵיינֶע קִינְדֶער הָאבְּן גֶעוֵויינְט אִינְוֵוייניג זוּכְנְדִיג זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן. אוּן אִיבֶּער אַלֶעמֶען הָאט אִיבֶּערְגֶעשְׁטִיגְן דָאס יָאמֶער פוּן יֶענֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מוּטֶער וָואס הָאט פַארְלָארְן אִיהר אֵיינְצִיג קִינְד וָואס זִי הָאט נֶעכְטְן גֶעמַאכְט פֵּיאוֹת אוּן זִיךְ גֶעפְרֵייט מִיט אִיהם.

דִי בֶּהָלָה הָאט צוּשְׁטֶערְט דֶעם שַׁבָּת אוּן פוּן דִי פְרֵייד אִיז גֶעוָוארְן אַ קְלָאג. מֶען הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט צוּגֵיין צוּם שַׁבָּת־קִידוּשׁ. דִי הֶערְצֶער זַיינֶען פַארְשְׁטֵיינֶערְט גֶעוָוארְן אִין גֶעגְנְוַוארְט פוּן דֶעם טוֹיטְן קִינְד וָואס לִיגְט דָא פַאר זֵיי.

פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִיךְ דִי מוּטֶער גֶעפַּאסְט מוּט, זִי הָאט אָנְגֶענוּמֶען אִיהר טוֹיטְן קִינְד אוֹיף אִיהְרֶע הֶענְד אוּן מִיט אִיהם אַרָאפְּגֶעגַאנְגֶען אוּנְטְן אִין שׁוּהל בַּיים קֶבֶר פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי. דֶעם קִינְד הָאט זִי דָארְטְן אַוֶועקְגֶעלֵייגְט אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּן מִיט אַ יָאמֶערְלִיכֶע שְׁטִימֶע הָאט זִי אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ זָאגְן:

— הוֹי צַדִיק! הוֹי צַדִיק רַבִּי שִׁמְעוֹן! אִיךְ,

דַײן דינְסְט בִּין אַהֶער גֶעקוּמֶען וֶועגְן דַײן כָּבוֹד, פֵּיאוֹת צוּ מַאכְן מַײן עֶרְשְׁטְן אֵײנְצִיג קִינְד וָואס הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ הָאט מִיר גֶעשָׁאנְקֶען אִין דַײן זְכוּת. אִיךְ הָאבּ מְקַײֵם גֶעוֶוען מַײן נֶדֶר וָואס אִיךְ הָאבּ צוּגֶעזָאגְט אִיהם צוּ בְּרֵײנְגֶען דָא אוּם לַ״ג בָּעוֹמֶר. אָט נֶעכְטְן הָאבּ אִיךְ אִיהם דָא גֶעהַאלְטְן, אִיךְ הָאבּ אִיהם אָפְּגֶעשָׁארְן מִיט גֶעזַאנְג אוּן פְרֵײד. אוּן יֶעצְט, גְרוֹיסֶער צַדִיק — וִוי זָאל אִיךְ אַהֵײם פָארְן פוּן דַאנֶען מִיט שַׁאנְדֶע אָן מַײן קִינְד. הוֹי צַדִיק, מִיט וָואס פַאר אַ פָּנִים וֶועל אִיךְ זִיךְ וַוײזְן אִין שְׁטוּבּ?

די גֶעשְׁרֵײעֶן פוּן דִי פְרוֹי אִיז גֶעוֶוען שְׁרֶעקְלִיךְ. דִי טְרֶערְן הָאבְּן גֶעפְלָאסְן פוּן אִיהרֶע אוֹיגְן אָן אוֹיפְהֶער. עֶס הָאט גֶעקֶענְט צוּבְּרֶעכְן אַ שְׁטֵײן. אוּן פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִיךְ דִי פְרוֹי אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט, אָנְגֶענוּמֶען מוּט אוּן אוֹיסְגֶערוּפְן:

— צַדִיק רַבִּי שִׁמְעוֹן! אִיךְ לֵײג אַוֶועק מַײן קִינְד פַאר דִיר אַזוֹי וִוי עֶר אִיז. אִיךְ בֶּעט דִיר מִיט טְרֶערְן, פַארְשֶׁעם מִיר נִישְׁט, אוּן גִיבּ מִיר צוּרִיק אַ לֶעבֶּעדִיגְן אוּן גֶעזוּנְטְן קִינְד אַזוֹי וִוי אִיךְ הָאבּ אִיהם דָא גֶעבְּרֵײנְגְט. זָאל גֶעהֵײלִיגְט וֶוערְן דֶעם

אוֹיבֶּערְשְׁטְנְס נָאמֶען אוּן דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם צַדִיק. זָאלְן אַלֶע וְויסְן אַז עֶס אִיז דָא אַ גָ־ט אוֹיף דֶער וֶועלְט!

דִי הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דִי רִיהרְנְדֶע גֶעבֶּעט אוּן אִיז אַרוֹיס פוּן בֵּית מִדְרָשׁ אִיבֶּערְלָאזְנְדִיג דָאס קִינְד בַּיים קֶבֶר פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן. מֶען הָאט פַארְמַאכְט דִי שׁוּהל אַלְס אַ סְגוּלָה אוּן עֶס אִיז קֵיינֶער נִישְׁט גֶעבְּלִיבְן דָארְטְן.

— — — עֶס אִיז נִישְׁט אַרִיבֶּער קֵיין סַאךְ צַייט אוּן אָט הָאט זִיךְ דֶערְהֶערְט פְּלוּצִים, אִין אַ פָּאר מִינוּט אַרוּם, אַ קְוִויטְשֶׁענְדִיג קִינְדֶערְשֶׁע שְׁטִימֶע פוּן אִינֶוויינִיג. דִי מוּטֶער אִיז אַרַיין אִין שׁוּהל, פַארְצַאפְּלְט הָאט זִי דֶערְזֶעהְן צוּ אִיהר גְרוֹיס עֶרְשְׁטוֹינוּנְג וְוי אִיהר קִינְד שְׁטֵייט אוֹיף זַיינֶע פִּיסַאלַאךְ אוּן וֵויינְט בֶּעטְנְדִיג זִיךְ:

— מַאמֶע, גִיבּ מִיר אַבִּיסְל וַואסֶער, אִיךְ בִּין דָארְשְׁטִיג! — — — — — —

דִי מַאמֶע הָאט אִיהם גְלַייךְ דֶערְלַאנְגְט וַואסֶער צוּ טְרִינְקֶען אוּן אִיהם גֶענוּמֶען אוֹיף דִי הֶענְד אוֹיבְן צוּ זִיךְ אִין צִימֶער.

די פֶּענֶע איז נִישְׁט אִימְשְׁטַאנְד צו שִׁילְדֶערְן וָואס פַּאר אַ פְרֵייד־טוּמְל עֶס הָאט זִיךְ אָפְּגֶעטְהוּן דָארְט. די דָאקְטוֹירִים הָאבְּן בַּאטְרַאכְט דָאס קִינְד און אוֹיסְגֶערוּפְן מִיט ווַאוּנְדֶער: דָאס אִיז נִישְׁט קֵיין נַאטִירְלַאכֶע זַאךְ. דָא אִיז גֶעשֶׁעהְן אַ נֵס אִין זְכוּת פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי. דִי רֶעגִירוּנְגְס — בֶּעאַמְטֶע הָאבְּן גְלַייךְ צוּעֶפְּנְט דִי טוֹיעֶרְן און אַלֶע מַאסְן הָאבְּן אַרַיינְגֶעשְׁטְרָאמְט אִינֶווייניג. וֶוער עֶס הָאט גֶעזֶעהְן דָאס קִינְד וִוי עֶר אִיז לֶעבֶּעדִיג גֶעגַאנְגֶען — הָאט גֶעזָאגְט: "בָּרוּךְ מְחַיֵּה הַמֵּתִים!" דֶער קִידוּשׁ־הַשֵּׁם אִיז גֶעוֶוען אוֹיסֶער גֶעווֵיינְלִיךְ גְרוֹיס.

דֶער שַׁבָּת אִין מֵירוֹן, אִיז גֶעוֶוען אַ לוּסְטִיגֶער און אַ פְרֵיילַאכֶער, וֶועלְכֶע קֵיין פֶּענֶע קֶען עֶס נִישְׁט פַּארְשְׁטֶעלְן. אַלֶע וָואס זַיינֶען דָארְטְן גֶעוֶוען הָאבְּן צוּגֶעזֶעהְן מִיט זֵייעֶרֶע אוֹיגְן דֶעם גְרוֹיסְן אָפֶּענֶעם נֵס פוּן תְּחִיַּת הַמֵּתִים וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהְן אִין זְכוּת פוּן הֵיילִיגְן תַּנָּא רַבָּן שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי.

# בּוֹימְל פוּן דֶעם נֵר תָּמִיד

צוּם טְשָׁארְטְקָאוֶוער רֶבִּין, הַצַּדִיק רַבִּי יִשְׂרָאֵל'טְשֶׁע זצ"ל, אִיז אַמָאל גֶעקוּמֶען אַ אִיד פוּן דַייטְשְׁלַאנְד פוּן דֶער שְׁטָאט קֶעלְן, מִיט אַ טָאכְטֶער וֶועלְכֶע אִיז אַלְט גֶעוֶוען זִיבְּן יָאהר, אוּן גֶעבֶּעטְן דֶעם רֶבִּין עֶר זָאל אוֹיסְהֵיילְן זַיין קְרַאנְקֶע טָאכְטֶער. דִי טָאכְטֶער אִיז גֶעוֶוען אִין אָנְהוֹיבּ אַ נָארְמַאלֶע גֶעזוּנְטֶע קִינְד. מִיט אַמָאל אִיז זִי קְרַאנְק גֶעוָוארְן אוּן דֶער גַאנְצֶער קֶערְפֶּער אִיז גֶעוָוארְן כִּמְעַט וִוי פַּארַאלַאזִירְט. זִי הָאט פֶערְלָארְן דִי רְאִיָה, פֶערְלָארְן דִי שְׁמִיעָה. נִישְׁט גֶערֶעדְט, נִישְׁט גֶעזֶעהן אוּן נִישְׁט גֶעקֶענְט הֶערְן. זִי הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט רִיהְרְן מִיט קֵיין הַאנְד אָדֶער מִיט קֵיין פוּס. דֶער דַייטְשִׁישֶׁער אִיד אִיז שׁוֹין אוֹיסְגֶעוֶוען בַּיי אַלֶע דָאקְטוֹירִים אוּן פְּרָאפֶעסָארְן אוּן אַלֶע הָאבְּן אִיהר עֶנְטְזַאגְט. קֵיינֶער הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט גֶעפִינֶען פַאר אִיהר אַ רְפוּאָה.

דֶער איד, אַבִּיסְל אַ מָאדֶערְנֶער, אָבֶער דורְכְגֶענומֶען מִיט אֱמוּנָה פְּשוּטָה, הָאט גֶעוֵויינְט און גֶעקְלָאגְט אויף זַיין בִּיטֶערְן גורָל און גֶעבֶּעטְן דֶער רֶבִּי זָאל אִיהר אויסְהֵיילְן.

— דֶער רופֵא כָּל בָּשָׂר זָאל אִיהר שִׁיקְן אִין גִיכְן אַ רְפוּאָה שְׁלֵמָה — הָאט דֶער טְשָׁארְטְקָאוֶוער רֶבִּי גֶעזָאגְט.

— אָבֶער רֶבִּי — הָאט דֶער יונְגֶערְמַאן זִיךְ גֶעבֶּעטְן — בַּיי מִיר אִיז עֶס קְלָאר און אִיךְ גְלויבּ עֶס בֶּאֱמוּנָה שְׁלֵמָה אַז דֶער רֶבִּי הָאט בְּכֹּחַ, מִיטְן אויבֶּערְשְׁטְנְס הִילְף, אויסְהֵיילְן מַיין טָאכְטֶער.

— וָואס קֶען אִיךְ אַייךְ הֶעלְפְן — הָאט דֶער צַדִיק גֶעקְרֶעכְצֶעט — אִיךְ קֶען מִתְפַּלֵל זַיין צום גְרויסְן בַּאשֶׁעפֶער עֶר זָאל טְהון מִיט אִיהר אַ חֶסֶד און אִיהר אויסְהֵיילְן.

— פונְדֶעסְטְוֶועגְן — הָאט דֶער רֶבִּי וַוייטֶער גֶעזָאגְט נָאכְדֶעם ווי עֶר הָאט אַבִּיסְל גֶעטְרַאכְט — וָואלְט אִיךְ אַייךְ גֶעגֶעבְן אַ עֵצָה. אִיהר זָאלְט צוגֵיין דָא אִין ווין צום גְרויסְן פְּרָאפֶעסָאר, וֶועלְכֶער אִיז בַּאקַאנְט אַלְס סְפֶּעצִיאַלִיסְט אִין הֵיילְן און

צוּטְרֶעפְן פַאר גָאר שְׁווערֶע קְרַאנְקֶע, אֶפְשֶׁר וֶועט עֶר אַייךְ קֶענֶען עֶפֶּעס הֶעלְפְן.

דֶער יוּנְגֶערְמַאן הָאט גֶעפָאלְגְט אוּן גֶעגַאנְגֶען בֶּעזוּכְן דֶעם אָנְגֶעוִויזֶענֶעם פְּרָאפֶעסָאר. אָבֶּער צוּמָארְגְנְס אִיז עֶר צוּרִיקְגֶעקוּמֶען צוּם רֶבִּין נָאךְ מֶער צוּבְּרָאכְן אוּן מִיט גְרוֹיס גֶעוֵויין דֶערְצֵיילְט, אַז אוֹיךְ עֶר, דֶער פְּרָאפֶעסָאר, הָאט אִיהר עֶנְטְזַאגְט, אוּן גֶעפִינְט נִישְׁט פַאר אִיהר קֵיין רְפוּאָה.

— רֶבִּי — הָאט דֶער אִיד בִּיטֶער גֶעוֵויינְט אָן אוֹיפְהֶער — גִיט מִיר אַ עֵצָה, רַאטֶעוֶועט מִיר, וַוייל אִיךְ וֶועל נִישְׁט קֶענֶען אוֹיסְהַאלְטְן.

דֶער צַדִיק הָאט זַיין וֵויינֶען שְׁטַארְק גֶערִיהְרְט. עֶר הָאט אִיהם נָאךְ אַמָאל צוּגֶעוואוּנְטְשְׁן אַ רְפוּאָה שְׁלֵמָה אוּן דֶער אִיד אִיז אַוֶועק.

בִּשְׁעַת עֶר אִיז שׁוֹין גֶעשְׁטַאנֶען אִין דְרוֹיסְן הָאט דֶער רֶבִּי גֶעשִׁיקְט זַיין שַׁמֶשׁ צוּרִיק רוּפְן דֶעם אִידְן.

— אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶערְמַאנְט — הָאט דֶער רֶבִּי

געזאָגט צום יונגערמאַן — אַז בײַ מיר אין הויז געפינט זיך אַ פלעשעלע שמן זית שירײַם פון דעם נר תמיד וואָס ברענט בײַם ציון פון הייליגן תּנא רבי שמעון בר יוחאי, נעם דאָס פלעשל און שמיר אַרום דײַן קראַנקע טאָכטער, לאָמיר האָפן דאָס אין זכות פון דעם גרויסן תּנא רבי שמעון בר יוחאי, וועט דער אויבערשטער שיקן אין גיכן אַ רפואָה שלמה פאַר דײַן טאָכטער.

אין צוויי וואָכן אַרום איז דער יונגערמאַן געקומען נאָכאַמאָל צום רבין מיט זײַן טאָכטער. עס איז ממש נישט געווען צו דערקענען אויף איהר דאָס זי איז געווען אַמאָל קראַנק. די מיידעלע איז אַרומגעלאָפן אַ פרײַלאַכע, געזעהן, געהערט און גערעדט פונקט ווי אַ צווייטע נאָרמאַלע געזונטע קינד. דעם אויבערשטנס וואונדער איז געווען גרויס.

דער צדיק האָט באַפוילן דעם יונגערמאַן נאָכאַמאָל צוגיין מיטן קינד צו יענעם פּראָפעסאָר, ער זאָל זעהן דאָס קינד.

ווי נאָר דער פּראָפעסאָר האָט אָנגעקוקט דאָס

קִינְד, אִיז עֶר גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֵיין אוֹיפְן אָרְט גֶעפְּלֶעפְּט. עֶנְדְלִיךְ וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זִיךְ הָאט עֶר אוֹיסְגֶערוּפְן:

— ווִי וואוּנְדֶערְלִיךְ אִיז עֶס דִי זַאךְ. יֶעצְט זֶעהט מֶען קְלָאר אַז עֶס אִיז דָא אַ גְרוֹיסֶער גָ־ט אוֹיף דֶער וֶועלְט.

## נְדָבוֹת בַּיים צִיוּן

דֶער בָּאבּוּבֶער רֶבִּי, רַבִּי בֶּן צִיוֹן הַאלְבֶּערְשְׁטַאם הי״ד זצוק״ל הָאט גֶעשְׁרִיבְּן אִין יָאהר תרע״ב אַ בְּרִיוו צוּ אַ חָסִיד אִין יְרוּשָׁלַיִם עיה״ק וואוּ עֶר מַאכְט אִיהם פַאר אַ שְׁלִיחַ־מִצְוָה דָאס עֶר זָאל מַזְכִּיר זַיין אִין מֵירוֹן אַ פַאמִילְיֶע, אַז זֵיי זָאלְן גֶעהָאלְפְן וֶוערְן מִיט זֶרַע שֶׁל קַיָימָא, אוּן עֶר שְׁרַייבְּט אַז עֶר הָאט גֶעהֶערְט פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִידְן, דָאס עֶס אִיז אָנְגֶענוּמֶען בַּיי זֵיי אַ סְגוּלָה פַאר חֲשׂוּכֵי בָּנִים רח״ל, צוּ מְנַדֵב זַיין 18 רָאטְל מַשְׁקֶה אִין דֶער יוֹמָא־דְהִילוּלָא אוֹיפְן צִיוּן פוּן הֵיילִיגְן תַּנָא רשב״י זי״ע...

# אויף די אײגענע פיסלאך

דָאס הָאט פַּאסירט אין דֶעם לֶעצטְן לַ״ג בָּעוֹמֶר פון דֶעם עֶנגְלִישְׁן רֶעזְשִׁים אין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אִין יָאהר תש״ז.

עֶס אִיז נָאךְ גֶעוֶוען הֶעלֶער טָאג, וֶוען דֶער לֶעצְטֶער אוֹיטָאבּוּס, וֶועלְכֶער אִיז נָאר־וָואס אָנְגֶעקוּמֶען אִין מֵירוֹן, הָאט בַּאדַארְפְט צוּרִיקְפָּארְן קֵיין צְפַת.

— דֶער וָואס וֶועט נִישְׁט פָּארְן מִיט דֶעם לֶעצְטְן אוֹיטָאבּוּס קֵיין צְפַת, וֶועט מוּזְן דָא פַארְבְּלַייבְּן בִּיז אִינְדֶערְפְרִי, בִּיז וַואנֶען עֶס וֶועט אָנְקוּמֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער אִינְדֶערְפְרִיעֶנְדִיגֶער אוֹיטָאבּוּס! — הָאט מִיר גֶעוָוארְנְט דֶער דְרַייוֶוער פון אוֹטוֹבּוּס, זִיצְנְדִיג בַּיי זַיין רֶעדְל.

— זַיינְט אִיהר גְרֵייט זִיךְ אָפְּצוּמוּטְשֶׁען אַ

צְוֶועלְף שְׁטוּנְדְן צוּלִיבּ דֶער "הַדְלָקָה"! — הָאט פוּן מִיר גֶעשְׁפַּאסְט דֶער "דַייטְשִׁישֶׁער" דְרַייוֶוער.

— אִיהר וֶועט דָאךְ אֲפִילוּ נִישְׁט הָאבְּן וואוּ זִיךְ אַנִידֶערְצוּזֶעצְן, אוֹיסֶער אוֹיף אַרוּמִיגֶע שְׁטֵיינֶער אוּן פֶעלְזְן! — הָאט עֶר גֶעלַאכְט.

— ווִי לַאנְג קֶען מֶען קוּקְן אוֹיף דֶער "הַדְלָקָה"? אַ שְׁטוּנְדֶע! צְוֵוִיי! אוּן בִּיז וַואנֶען עֶס וֶועט זִיךְ אָנְפַאנְגֶען דִי הַדְלָקָה? זִי פַאנְגְט זִיךְ אָן וֶוען עֶס וֶוערְט שׁוֹין רֶעכְט פִינְסְטֶער. מַאדַאם! אִיהר וֶועט שׁוֹין פָּשׁוּט פַארְמוּטְשֶׁעט וֶוערְן. אוּן וָואס וֶועט אִיהר דָא זֶען? אִיהר הָאט דָאךְ שׁוֹין גֶעזֶען דִי טוֹיזְנְטֶער אַיינְגֶעשְׁמָאלְצֶענֶע לִיכְטְלַאךְ אוֹיף דִי צְוֵויי קְבָרִים! אִיהר הָאט דָאךְ שׁוֹין גֶעזֶען דִי אִידְן, וֶועלְכֶע הַאלְטְן אִין אֵיין מִתְפַּלֵל זַיין בַּיים קֶבֶר! טָא וָואס נָאךְ? דִי "הַדְלָקָה"?

— שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר, אַז אִיהר זֶעט שׁוֹין דִי פְלַאמֶען פַייעֶר פוּן דִי צְוֵויי גְרוֹיסֶע וַואזֶעס, אָט דָארְט אוֹיפְן סַאמֶע דַאךְ, אוּן אַרוּם זֵיי טַאנְצְן, אִין אֵיינְגְשַׁאפְּט, אַלְט אוּן יוּנְג! אִיז לוֹינְט זִיךְ אַייךְ, צוּלִיבּ דֶער "הַדְלָקָה", צוּ פֶערְבְּלַייבְּן אוֹיף אַ גַאנְצֶע נַאכְט? צְווִישְׁן דִי אִידְן, וֶועלְכֶע

פֿאַרבּרײנגען אַ גאַנצע נאַכט בּײַם קבֿר פֿון בּר יוחאי?

— אין די גוטע צײַטן, אײדער דער ענגלאַנדער האָט צוגעלאָזט, פֿלעגן מיר דאָ פֿאָרן אַ גאַנצע נאַכט פֿון מירון קײן צפֿת און פֿון צפֿת קײן מירון. דאַן פֿלעגט מען שטײן אַ װײַלע בּײַ דער "הדלקה" דערנאָך צופֿאָרן מיטן אױטאָבּוס קײן צפֿת, װאו מען האָט זיך בּעצײַטנס בּאַזאָרגט מיט אַ האָטעל, זיך אַרײַנלײגן אױף אַ פּאָר שעה אין בּעט, אָפּרוען די פֿיס, און נאָכאַמאָל נעמען דעם אױטאָבּוס קײן מירון, צום קבֿר פֿון רבי שמעון בּן יוחאי... אָבּער — הײַנט... װען עס איז פֿאַרבּאָטן נאָך זעקס אַ זײגער יעדע בּאַװעגונג אױף די װעגן? (אין די יאָהרן תש"ו תש"ז, איז צוליב אומרוהען אין לאַנד געװען פֿאַרבּאָטן יעדע בּאַװעגונג אין די נעכט).

דער דרײַװער האָט מיר שױן כּמעט אײַנגערעדט, אַז איך זאָל צוריקפֿאָרן קײן צפֿת.

אָבּער, פּונקט װען איך בּין שױן געװען גרײט אַנידערצושטעלן אַ פֿוס אױפֿן טרעפּל פֿון בּאָס,

זַיינֶען פון בַּאס אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען דִי צְוֵויי לֶעצְטֶע פַּאסַאזְשִׁירְן.

דָאס פָּארְפָּאלְק, וָואס אִיז מִיר גֶעקוּמֶען אַנְטְקֶעגְן, הָאט גֶעטְרָאגְן צְוֵויי טְשַׁאמֶעדַאנֶען, אֵיינֶער אַ גְרוֹיסֶער אוּן דֶער צְוֵוייטֶער אַ קְלֶענֶערֶער. אַ קָאלְדְרֶע, מַאנְטְלֶען, קִישֶׁעלֶעךְ אוּן נָאךְ אַנְדֶערֶע זַאכְן. אָבֶער, דֶער עִיקָר מַשָֹּא, צוּלִיבּ וֶועלְכֶע זֵיי הָאבְּן גֶעמוּזְט זַיין דִי לֶעצְטֶע צוּ פַארְלָאזְן דֶעם אוֹטוֹבּוּס, נָאכְדֶעם וִוי אַלֶע פַּאסַאזְשִׁירְן זַיינֶען זִיךְ שׁוֹין לַאנְג צוּגַאנְגֶען, אִיז גֶעוֶוען דָאס קִינְד זֵייעֶרְס.

כָּאטְשׁ דָאס קִינְד הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהן צוּ זַיין אַ יָאהר פִינְף, הָאבְּן זֵיי עֶס גֶעהַאלְטְן אוֹיף דִי הֶענְד, צוּם עֶרְשְׁט דֶער מַאן, דֶערְנָאךְ דִי פְרוֹי, דֶערְנָאךְ ווִידֶער דֶער מַאן. עֶס הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהן, וִוי זֵיי קֶענֶען זִיךְ נִישְׁט אַיינְטֵיילְן מִיט דֶער "שְׁוֶוערֶער מַשָֹּא", וָואס זֵיי הָאבְּן גֶעטְרָאגְן צוּ דֶער "הַדְלָקָה".

שְׁפַּארְנְדִיג זִיךְ, הָאבְּן זֵיי גֶערֶעדְט צְווִישְׁן זִיךְ אוֹיף אַ עֶכְט-פַּארִיזֶער פְרַאנְצוֹיזִישׁ.

אָבֶער נִישְׁט דִי פְרַאנְצוֹיזִישֶׁע אוֹיסְשְׁפְּרַאךְ זֵייעֶרֶע הָאט גֶעצוֹיגְן מַיין אוֹיפְמֶערְקְזַאמְקֵייט.

די קְלֵיידוּנג פון דֶעם פָּארְפָאלְק; זֵייעֶרֶע מַאנִיעֶרְן, אֲפִילוּ די פֶּעקְלַאךְ זֵייעֶרֶע, אַלְס אַרוּם זֵיי הָאט גֶעטְרָאגְן סִימָנִים פון גְרוֹיס שְטָאטִישְקַייט.

אָט די גְרוֹיס שְטָאטִישְקַייט הָאט גֶערֵייצְט מַיין נַייגֶער: סְפָרַד׳ישֶע אִידְן, תֵּימָן׳ישֶע אִידְן, בּוּכַארֶער אִידְן, אַשְכְּנַז׳ישֶע אִידְן מִיט לַאנְגֶע בֶּערְד און הֶעל בְּלוֹי, אָדֶער גְרוֹיע אוֹיגְן — די אַלֶע טִיפְּן הָאבּ אִיךְ שוֹין גֶעזֶעהן פְרִיעֶר, אַרוּם דֶעם ״חָצֵר״ פון די צְוֵויי קְבָרִים און אִין ״חָצֵר״. אָבֶּער פַאריזֶער פְרַאנְצוֹיזְן זָאלְן קוּמֶען פַארְבְּרֵיינְגֶען דָא אַ גַאנְצֶע נַאכְט, און דֶערְצוּ נָאךְ, מִיט אַ קִינְד? — דָאס הָאט שוֹין צוּרֵייצְט מַיין נַייגֶערִיגְקַייט.

— בַּאשְלִיסְט, מִיסֶעס! אִיהר פָארְט מִיט מִיר צוּרִיק קֵיין צְפַת צוּ נִישְט? — הָאט גֶעמָאנְט דֶער דְרַייוֶוער.

— נֵיין! — הָאבּ אִיךְ בְּלוֹיז אוֹיסְגֶערוּפְן און זִיךְ גֶעלָאזְט גֵיין נָאכְן ״פַארִיזֶער״ פָּארְפָאלְק.

צוּם עֶרְשְט הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט זֵיי פָארְלֵייגְן מַיין הִילְף, און שְלֶעפְּן זֵייעֶרֶע פֶּעקְלַאךְ... אָבֶּער דָאס פָּארְפָאלְק אִיז וַוייט נִישְט פַארְגַאנְגֶען. אוֹיף

דֶער עֶרְשְׁטֶער גְרִינֶער לָאנְקֶע, וָואס הָאט אַרוֹיסְגֶעקוּקְט פוּן צְווִישְׁן דִי גְרוֹיעֶ פֶעלְזְן, הָאבְּן זֵיי זִיךְ אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט אוּן אַרוּנְטֶערְגֶעוָוארְפְן פוּן זִיךְ דִי פֶּעקְלַאךְ. דִי פְרוֹי הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט דִי קָאלְדְרֶע אוּן זֵיי הָאבְּן אוֹיף דֶעם אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט דָאס קִינְד, וֶועמֶען דֶער מַאן הָאט גֶעטְרָאגְן דִי גַאנְצֶע צַייט אוֹיף דִי אָרֶעמְס, אוּן צוּלִיבּ וֶועמֶען, וַוייזְט אוֹיס, עֶר אִיז אָנְגֶעגָאסְן גֶעוָוארְן מִיט שְׁוֵוייס.

בַּאטְרַאכְטְנְדִיג דָאס פָּארְפָּאלְק, פוּן אַ דֶערְבַּייאִיגְן פֶעלְז, וואו אִיךְ הָאבּ זִיךְ צוּגֶעזֶעצְט, הָאבּ אִיךְ נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט זִיךְ צוּצוּהֶערְן צוּ זֵייעֶרֶע רֵייד. נִישְׁט דֶער אִינְהַאלְט פוּן זֵייעֶר גֶעשְׁפְּרֶעךְ הָאט מִיר אִינְטֶערֶעסִירְט, נָאר דִי אוֹיסְשְׁפְּרַאךְ אוּן דָאס אַרְט רֶעדְן, וָואס הָאט מִיר אִיבֶּערְצַייגְט, אַז עֶס זִיצְט פַאר מִיר אַ גָאר אַנְדֶער טִיפּ ווי דִי פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי׳ס חֲסִידִים. אִיךְ הָאבּ זִיךְ נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ וואוּנְדֶערְן אוֹיף דִי פַּארִיזֶער אַרִיסְטָאקְרַאטְן, וֶועלְכֶע זַיינֶען גְרֵייט צוּ מַאטֶערְן זִיךְ אוּן זֵייעֶר קִינְד אַ גַאנְצְן אָוְונְד אוּן אַ גַאנְצֶע נַאכְט, אַבִּי בַּייצוּזַיין בַּיי דִי ״הַדְלָקָה״ אוֹיפְן קֶבֶר פוּן צַדִיק, וֶועלְכֶער אִיז דָא

בֶּעהַאלְטְן גֶעוָוארְן מִיט אַרִיבֶּער אַכְצְן הוּנְדֶערְט יָאהר צוּרִיק!

פְּלוּצִים הָאט זִיךְ דֶער מַאן אוּיפְגֶעהוֹיבְּן פוּן זַיין אָרְט. פוּן דֶעם גֶעשְׁפְּרֶעךְ, וֶועלְכְן מַיין אוֹיעֶר הָאט אוֹיפְגֶעכַאפְּט, הָאבּ אִיךְ פַארְשְׁטַאנֶען, אַז צוּם עֶרְשְׁט וֶועט עֶר אַרַיינְגֵיין אִין "חָצֵר", וואוּ עֶס גֶעפִינְט זִיךְ דָאס שְׁטִיבְּל מִיט דִי הֵיילִיגֶע קְבָרִים פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אוּן פוּן זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר. דֶערְנָאךְ וֶועט עֶר זִיךְ אוּמְקֶערְן אוּן דִי פְּרוּי וֶועט גֵיין צוּ דִי הֵיילִיגֶע צִיוּנִים.

מַיין בַּאוואוּנְדֶערוּנְג פַאר דֶעם פָּארְפָּאלְק הָאט גֶעהַאלְטְן אִין אֵיין שְׁטַייגְן. אִיךְ הָאבּ בַּאשְׁלָאסְן, אַז אִיצְט אִיז דִי צַייט צוּ קוּמֶען צוּ הִילְף דֶעם פָּארְפָּאלְק, וָואס מוּז, צוּלִיבְּן קִינְד, וָואס זֵיי ווִילְן נִישְׁט אִיבֶּערְלָאזְן אַלֵיין, זִיךְ שֵׁיידְן אֵיינֶער פוּן צְוֵוייטְן אוּן גֵיין בַּאזוּנְדֶער צוּ דִי הֵיילִיגֶע קְבָרִים, בַּיי וֶועלְכֶע אִידְן פוּן אַלֶע עֶקְן וֶועלְט דַאוְונֶען מִיט הִתְלַהֲבוּת, זָאגְן תְּהִלִּים, זַיינֶען מְנַדֵר נְדָרִים, צִינְדְן אָן לִיכְט אוּן לָאזְן זִיךְ מַאכְן מִי שֶׁבֵּרַךְ׳ס פוּן דִי שַׁמָשִׁים, טֵייל פוּן דִי סְפָרַד׳ישֶׁע, טֵייל פוּן דִי אַשְׁכְּנַז׳ישֶׁע.

— מַאַדאַם! — הָאב איך זיך גֶעוֶוענְדֶעט צוּ דֶער פְרוֹי אוֹיף מַיין צוּקַאלִיטְשֶׁעטְן פְרַאנְצוֹיזִישׁ
— אִיך וֶועל אַכְטוּנְג גֶעבְּן אוֹיף אַייעֶר קִינְד! גֵייט צוּזַאמֶען מִיט אַייעֶר מַאן.

דִי פְרוֹי הָאט מִיר אָנְגֶעקוּקְט מִיט צוּטְרוֹי.

— עֶס הַאנְדְלֶט זִיך נִישְׁט אִין קִינְד! בְּלוֹיז אִין דִי זַאכְן — אָנְוֶוייזְנְדִיג אוֹיף דִי טְשַׁאמֶעדַאנֶעס, קָאלְדְרֶעס אוּן אַנְדֶערֶע פֶּעקְלַאך — אוֹיבּ אִיהר זַיינְט גְרֵייט אַכְטוּנְג צוּ גֶעבְּן אוֹיף זֵיי בִּיז וַואנֶען מִיר וֶועלְן זִיך אוּמְקֶערְן פוּן דָארְט, וֶועל אִיך אַייך זַייעֶר דַאנְקְבַּאר זַיין... אוּן רֵיידְנְדִיג צוּ מִיר הָאט זִי זִיך אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן פוּן אָרְט.

— אָבֶּער צוּלִיבּ וָואס שְׁלֶעפְּט אִיהר אַהִינְצוּ דָאס קִינְד? עֶס אִיז דָארְט אַזַא אֵיינְגְשַׁאפְּט! אוּן פוּן דִי אַיינְגֶעשְׁמָאלְצֶענֶע לִיכְט — אַזַא רוֹיך אוּן טְשַׁאד...

— מִיר זַיינֶען גֶעקוּמֶען אַהֶערְצוּ צוּלִיבְּן קִינְד! — אִיז גֶעוֶוען דֶער פְרוֹי׳ס קוּרְצֶער עֶנְטְפֶער.

דֶער מַאן הָאט זִיךְ אַײנְגֶעבּוֹיגְן צוּם קִינְד, עֶס אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן פוּן דֶער קָאלְדְרֶע, אוּן טְרָאגְנְדִיג עֶס אוֹיף דִי אָרֶעמְס, זַײנֶען זֵיי בֵּײדֶע אַװֶעק צוּם "חָצֵר", צוּם שְׁטִיבְּל, אִיבֶּערְלָאזְנְדִיג מִיר הִיטְן זֵײעֶרֶע זַאכְן.

נָאךְ מֶער הָאט גֶעשְׁטִיגְן מַײן בַּאװאוּנְדֶערוּנְג פַּאר דֶעם פָּארְפָּאלְק: נִישְׁט נָאר װִילְן זֵיי אַלֵײן זֶעהן װִי אַזוֹי אִידְן מִכָּל הַמִינִים דַאװְנֶען בַּיי דִי צְװֵיי קְבָרִים, נָאר זֵיי װִילְן, אַז אֲפִילוּ זֵײעֶר קִינְד זָאל אַװֶעקְטְרָאגְן פוּן דַאנֶען אַ גֶעװִיסְן אַײנְדְרוּק פוּן דֶער לַ"ג בָּעוֹמֶר'דִיגֶע הִילוּלָא.

עֶס אִיז שׁוֹין גֶעװֶען גַאנְץ טוּנְקְל װֶוען דָאס פָּארְפָּאלְק מִיטְן קִינְד הָאבְּן זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט. זֵיי הָאבְּן גֶעמַאכְט אַ גוּטְן גֶעלֶעגֶער פַאְרן קִינְד, גֶעגֶעבְּן דֶעם קִינְד װֶעטְשֶׁערֶע, אַלֵײן אוֹיךְ אָפְּגֶעגֶעסְן אוּן גֶעלֵייגְט דֶעם קִינְד שְׁלָאפְן.

נָאכְאַמָאל הָאבְּן מַאן אוּן װַײבּ זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן שְׁפַּארְן װֶוער פוּן זֵיי זָאל גֵײן פְּרִיעֶר אִין שְׁטִיבְּל אַרַײן, צוּ דֶער מַצֵּבָה פוּן "סֶען סִימָאן" (דֶער הֵיילִיגֶער שִׁמְעוֹן).

— אִיהר קֶענְט בֵּיידֶע גֵיין צוּזַאמֶען, מַאדַאם!
— הָאב אִיךְ זִיךְ אַרַיינְגֶעמִישְׁט — אִיהר קֶענְט דָארְט פַארְבְּלַייבְּן צוּזַאמֶען אַ שְׁטִיקְל צַייט! אִיךְ הָאב גֶעהֶערְט זָאגְן, אַז דִי "הַדְלָקָה" הוֹיבְּט זִיךְ נִישְׁט אָן פַאר צֶען אַ זֵייגֶער בַּיינַאכְט...

— אוּנְז אִינְטֶערֶעסִירְט בְּלוֹיז תְּפִילָה צוּ טְהוּן! — הָאט גְלַייךְ אִיבֶּערְגֶעהַאקְט מַיין שְׁפַּאסִיגְן טָאן דִי פְרוֹי — מִיר וֶועלְן זִיךְ אוּמְקֶערְן אִין אַ קוּרְצֶע צַייט! — הָאט זִי זִיךְ צוּגֶעאַיילְט, אוּן צוּזַאמֶען מִיט אִיהר מַאן, זַיינֶען זֵיי בֵּיידֶע אַוֶועק צוּרִיק צוּם "חָצֵר".

נָאךְ מֶער הָאט זִיךְ צוּוָואקְסְן מַיין בַּאוואוּנְדֶערוּנְג פַאר דִי עֶכְטֶע פְרַאנְצוֹיזְן, וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעקוּמֶען תְּפִלָּה טְהוּן אוֹיפְן קֶבֶר פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, וֶועמֶען דִי פְרוֹי רוּפְט אָן אִין אִיהר פַּארִיזֶער פְרַאנְצוֹיזִישׁ "לֶע סֶען סִימָאן"...

אוֹיף לַאנְג הָאט מִיר דִי פְרוֹי נִישְׁט גֶעלָאזְט אַלֵיין נֶעבְּן אִיר קִינְד. זִי הָאט גֶעהַאלְטְן וָוארְט אוּן הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט נָאךְ אֵיידֶער עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן דֶער "פַארְקוֹיף" פוּן דֶעם רֶעכְט אָנְצוּצִינְדְן דָאס פַייעֶר אִין דִי צְוֵויי "קְעָרוֹת",

װעלכֶע זַײנֶען שוין גֶעוֶוען אָנגֶעפִּילט מִיט אַײנגֶעטונקֶענֶע אִין קֶערַאסִין שְׁמַאטֶעס.

— גֵייט! — הָאט גֶעזָאגְט די פְּרוֹי — אִיהר ווילְט דָאךְ זַיין אָנֶוועזְנְד וֶוען מֶען צִינְדְט אָן די פַּייעֶרְן אוֹיפְן דַאךְ...

אִיךְ הָאב זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבְן צוּ גֵיין אָבֶער אִין דֶער ווירְקְלִיכְקַייט הָאט מִיר אִינְטֶערֶעסִירְט אִיצְט די פְּרַאנְצוֹיזִישֶׁע פְּרוֹי, וֶועלְכֶע אִיז גֶעקוּמֶען תְּפִילָה טְהוּן בַּיים קֶבֶר פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי מֶער פוּן דֶעם אָנְצִידְן די "הַדְלָקָה"...

— און אַייעֶר מַאן אִינְטֶערֶעסִירְט זִיךְ יָא מִיט דֶער "הַדְלָקָה"? — הָאב אִיךְ אַרוֹיסְגֶערֶעדְט זוּכְנְדִיג אַ תֵּירוּץ ווי אַזוֹי צוּ פַארְפִירְן אַ גֶעשְׁפְּרֶעךְ מִיט דֶער פְּרוֹי.

— מִיר זַיינֶען גֶעקוּמֶען צוּם קֶבֶר פוּן "סֶען סִימָאן" (פוּן הֵיילִיגְן שִׁמְעוֹן) בְּלוֹיז צוּ טְהוּן תְּפִילָה! — הָאט די פְּרוֹי גֶערֶעדְט עֶרְנְסְט און מִיט אַ טְרוֹיעֶרִיגֶער שְׁטִים.

— אִיךְ בִּין אַייךְ מְקַנֵא! — הָאט זִיךְ

אַרוֹיסְגֶעכַאפְּט פוּן מַיין מוֹיל.

— מְקַנֵא? דֶערְוַוייל אִיז נָאךְ נִישְׁטָא אוּנְז מִיט וָואס מְקַנֵא צוּ זַיין! מִיר פְּלָאגְן זִיךְ שׁוֹין לַאנְג גֶענוּג! אוֹיב מֶען קֶען רֶעכֶענֶען, אַז יֶעדֶער נָארְמַאלֶע קִינְד שְׁטֶעלְט זִיךְ אוֹיף דִי פִּיסְלַאךְ צוּם יָאהר, אִיז שׁוֹין פִיהר יָאהר זִינְט מִיר פְּלָאגְן זִיךְ מִיט אוּנְזֶער קִינְד! עֶר וֶוערְט שׁוֹין דִי טֶעג פִּינְף יָאהר. אִיהר הָאט דָאךְ אִיהם גֶעזֶען... זַיינֶע פִּיסְלַאךְ, מֵיין אִיךְ! נִישְׁטָא אִין זֵיי קֵיין קְרַאפְט צוּם שְׁטֶעלְן זִיךְ! אָט אַזוֹי פְּלָאגְן מִיר זִיךְ!

— זִינְט מִיר הָאבְּן דָאס בַּאמֶערְקְט הַאלְטְן מִיר אִין אֵיין גֵיין צוּ דָאקְטוֹירִים... נִישְׁטָא קֵיין דָאקְטֶער אִין אוּנְזֶער הֵיים־שְׁטָאט, אַלֶכְּסַנְדְרִיָא, בַּיי וֶועמֶען מִיר זַיינֶען נִישְׁט גֶעוֶוען מִיט אוּנְזֶער קִינְד... אוּן נָאךְ דֶעם, וָואס מִיר הָאבְּן אוֹיסְפְּרוּבִּירְט אַלֶע דָאקְטוֹירִים אוּן וֶוען קַאהִירָא הָאט פַּאר אוּנְז גָארְנִישְׁט גֶעקֶענְט אוֹיפְטְהוּן, הָאבְּן מִיר זִיךְ גֶעלָאזְט אַיינְרֶעדְן, אַז פַּארִיז, וֶועט אוּנְז בְּרֵיינְגֶען דִי רְפוּאָה... אָבֶער פַּארִיז, מִיט אִירֶע גְרוֹיסֶע דָאקְטוֹירִים, הָאט אוֹיךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט שְׁטֶעלְן אוּנְזֶער אִינְגַאלֶע אוֹיף דִי פִּיס... הָאבְּן מִיר

בַּאשְׁלָאסְן אוֹיף דֶער עֶצָה פוּן מַיין בָּאבֶּע'ן, זִיךְ וֶוענְדְן צוּם "סֶען סִימָאן", צוּם הֵיילִיגְן רַבִּי שִׁמְעוֹן... זַיין זְכוּת אִיז אִיצְט אוּנְזֶער אֵיינְצִיגֶע הָאפֶענוּנְג! אִין דֶעם מָאמֶענְט נָאךְ דֶעם, וָואס מִיר הָאבְּן שׁוֹין אוֹיסְפְּרוּבִּירְט אַלֶע דָאקְטוֹירִים אוּן זֵייעֶרֶע הֵייל־מִיטְלֶען! נָאר עֶר! "לֶע סֶען סִימָאן!"

— וֵוייסְט אִיהר וִויפְל מִיר הָאבְּן בַּאדַארְפְט אַרוּמְרַייזְן, כְּדֵי צוּ קוּמֶען אַהֶערְצוּ? אִיהר הָאט דָאךְ זִיכֶער גֶעהֶערְט, אַז מִצְרַיִם הָאט אִיבֶּערְגֶעשְׁנִיטְן אִיהרֶע אַלֶע וֶועגְן מִיט פַּאלֶעסְטִינֶע? הָאבְּן מִיר גֶעמוּזְט אָנְגֶעבְּן אִין אוּנְזֶער פַּאסְפָּארְט, אַז מִיר פָארְן קֵיין פַּארִיז, אוּן פוּן פַּארִיז זַיינֶען מִיר גֶעפָארְן אַהֶערְצוּ. מִיר הָאבְּן זִיךְ גֶעשְׁלֶעפְּט אַ קַארְגֶע דְרַיי וָואכְן אוֹיפְן וֶועג, וָואס גֶעדוֹיעֶרְט אִין גוּטֶע צַייטְן אַ פָּאר שָׁעָה... מִיר הָאבְּן אוֹיסְגֶערֶעכְנְט אָנְצוּקוּמֶען אַהֶערְצוּ אַ פָּאר טֶעג פַאר דֶעם יוֹם־טוֹב "לֶע סֶען סִימָאן", כְּדֵי צוּ תְּפִילָה טְהוּן בַּיי זַיין קֶבֶר דִי גַאנְצֶע נַאכְט פוּן דֶער הִלוּלָא אוּן אוֹיךְ אוֹיף מָארְגְן... אוֹיף דֶעם אִיז אוּנְזֶער הָאפֶענוּנְג!... נָאר וֶוען זַיין זְכוּת זָאל שִׁיצְן אוֹיף אוּנְז, קֶען עֶר שְׁטֶעלְן אוּנְזֶער קִינְד אוֹיף דִי פִיס. אִיצְט, נָאךְ דֶעם, וָואס מִיר הָאבְּן שׁוֹין

אוֹיסְפְּרוּבִּירְט הוּנְדֶערְטֶער דָאקְטוֹירִים אוּן זֵייעֶרֶע רְפוּאוֹת...

נָאךְ דִי דָאזִיגֶע רֵייד הָאט מִיר דֶער ״פַּארְקוֹיף״ פוּן דָאס רֶעכְט אָנְצוּצִינְדְן דִי ״הַדְלָקָה״, שׁוֹין נִישְׁט אִינְטֶערֶעסִירְט אַזוֹי ווִי פְרִיעֶר.

עֶס הָאט אוֹיךְ אוֹיסְגֶעזֶען בַּיי מִיר אִין דִי אוֹיגְן פוּן קְלֵיינֶער ווִיכְטִיגְקַייט וֶוער עֶס וֶועט זוֹכֶה זַיין אוּן פַּאר וֶועלְכֶע סוּמֶע גֶעלְט, צוּצוּגִיסְן בְּרֶען שְׁטָאף צוּם פַּייעֶר, אַז זַיינֶע פְלַאמֶען זָאלְן זִיךְ הוֹיבְּן צוּ דִי הִימְלֶען הֶעכֶער אוּן הֶעכֶער...

אִיךְ הָאבּ לַאנְג נִישְׁט גֶעוֵוײלְט אִין שְׁטוּבּ, ווָאוּ עֶס הָאבְּן אִין אַלֶע ווִינְקְעלַאךְ גֶעטְשַׁאדֶעט לִיכְט. אִיךְ הָאבּ זִיךְ אוֹיךְ לַאנְג נִישְׁט גֶעשְׁטוּפְּט צוּ זֶעהן דִי שְׁרַייעֶנְדֶע אוּן טַאנְצֶענְדֶע, וֶועלְכֶע הָאבְּן זִיךְ גֶעקְרַייזְט אַרוּם בֵּיידֶע ״קְבָרוֹת״ אוּן זֵייעֶרֶע פְלַאמֶענְדֶע פַּייעֶרְן אוֹיפְן דַאךְ פוּן בִּנְיָן, וָואס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארְן אִיבֶּערְן קֶבֶר פוּן רַשְׁבִּ״י אוּן זַיין זוּן רַבִּי אֶלְעָזָר.

אִיךְ הָאבּ פְּלוּצִים דֶערְפִילְט, אַז עֶס אִיז מַיין פְלִיכְט צוּ גֵיין הִיטְן דָאס שְׁלָאפֶענְדֶע פַּארְקְרִיפְּלְטֶע

קִינְד, כְּדֵי זַיין מַאמֶע זָאל הָאבְּן אַ מֶעגְלִיכְקַייט צוּ טְהוּן תְּפִילָה, צוּ טְהוּן דָאס, צוּלִיבּ וָואס זִי הָאט זִיךְ גֶעשְׁלֶעפְּט פוּן אַלֶכְּסַנְדְרִיָא קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אַרוּם אוּן אַרוּם, דוּרְךְ פַּארִיז.

— אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגְן דֶעם אֶמֶת, מַאדַאם — הָאבּ אִיךְ אִיהר גֶעזָאגְט וֶוען אִיךְ הָאבּ זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט צוּ אִיהר — אִיךְ בִּין אַזוֹי מִיד, אַז אִיךְ וֶועל זִיךְ שׁוֹין מֶער נִישְׁט אוּמְקֶערְן הַיינְט צוּם "חָצֵר". אִיךְ וֶועל דָא בְּלַייבְּן בִּיז אִינְדֶערְפְרִי... אִיהר קֶענְט רוּהִיג וֵוילְן דָארְט אִין שְׁטִיבְּל אִינְוֵוייִנִיג, אִיךְ וֶועל דָא זַיין מִיט אַייעֶר קִינְד.

דִי פְרוֹי אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי גְלִיקְלַאךְ, אַז זִי הָאט נִישְׁט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ טְהוּן מִיט מִיר.

זִי הָאט מִיר גֶערָאטְן זִיךְ צוּצוּלֵייגְן אוֹיפְן גֶעלֶעגֶער, וָואס זִי הָאט פַאר מִיר אוֹיסְגֶעבֶּעט אוּן מִיר גֶעדַאנְקְט מִיט טְרֶערְן אִין דִי אוֹיגְן אוּן דֶערְבַּיי גֶעשְׁטַאמְלְט:

— דָאס אִיז דָאךְ אוּנְזֶער אֵיינְצִיגֶע הָאפֶענוּנְג... גָ־ט זָאל הֶערְן אִין זְכוּת פוּן דֶעם צַדִיק אוּנְזֶער תְּפִילָה, וֶועט שׁוֹין זַיין גוּט... דִי צַייט אִיז

אַזוֹי קוּרְץ! בַּאלְד וֶועט דָאךְ אַרִיבֶּערְגֵיין דִי נַאכְט.

עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועז בַּאגִינֶען וֶוען דִי פְּרוֹי הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט צוּ אִיהר קִינְד. דָאס קִינְד אִיז נָאךְ גֶעשְׁלָאפְן גֶעשְׁמַאק, פַאר'שִׁיכּוֹר'ט פוּן דֶער פְרִישֶׁער לוּפְט פוּן דִי אַרוּמִיגֶע בֶּערְג.

אִיךְ הָאבּ אִיהר גֶעְרָאטְן נִישְׁט אוֹיפְצוּוֶועקְן אִיהר קִינְד, נָאר צוּרִיקְצוּגֵיין אִין שׁוּהל אַרַיין טְהוּן תְּפִילָּה, אוֹיבּ זִי דֵיינְקְט, אַז זִי הָאט נָאךְ וֶועגְן וָואס מִתְפַּלֵל צוּ זַיין צוּם צְוֵוייטְן מָאל. וֶוען זִי הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט פוּן "שְׁטִיבְּל", אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען הֶעלֶער פְרִימָארְגְן, דִי זוּן הָאט שׁוֹין גֶעלוֹיכְטְן אִין אַלֶע ווִינְקֶעלַאךְ, וואוּהִין עֶס הָאבְּן זִיךְ גֶעוָואלְט אוֹיסְבַּאהַאלְטְן צוּרִיסֶענֶע שְׁטִיקֶער נֶעפְּל אוּן נַאכְט פַּארֶע. דִי פְּרוֹי אִיז גֶעוֶועז נֶערְוֵוייז. זִי הָאט זִיךְ גֶעאַיילְט ווִי עֶס אַיילְט זִיךְ אֵיינֶער, וָואס הָאט מוֹרָא, אַז עֶר זָאל, חָלִילָה, נִישְׁט פַארְשְׁפֶּעטִיגְן עֶפֶּעס.

זִי הָאט אוֹיף שְׁנֶעל אוֹיסְגֶעפּוּצְט דָאס אִינְגֶעלֶע, אוּן כָּאטְשׁ עֶר הָאט גֶעבֶּעטְן מֶען זָאל אִיהם גֶעבְּן עֶסְן, הָאט זִי אִיהם אַיינְגֶערֶעדְט, אַז מֶען מוּז דָאס אָפְּלֵייגְן אוֹיף שְׁפֶּעטֶער.

דָאס אִינְגֶעלֶע הָאט זִיךְ בַּארוּהִיגְט עֶרְשְׁט וֶוען עֶר הָאט דֶערְזֶען זַיין פָּאטֶער.

דֶער מַאן הָאט אוֹיסְגֶעזֶען מִיד אוּן בְּלֵייךְ פוּן אַ גַאנְצֶע נַאכְט תְּפִילָה טְהוּן. אָבֶער אוֹיף זַיין פָּנִים אִיז גֶעלֶעגְן אַ אוֹיסְדְרוּק פוּן פַייעֶרְלִיכְקַייט אוּן טִיפֶער אֱמוּנָה.

— אִיצְט, מַאן פֶּעטִיט, (מַיין קְלֵיינִינְקֶער) — הָאט דֶער פָּאטֶער אוֹיסְגֶערוּפְן מִיט פַייעֶרְלִיכְקַייט צוּם אִינְגַאלֶע — וֶועלְן מִיר אַלֶע צוּזַאמֶען גֵיין צוּ "סֶען סִימָאן" (צוּם הֵיילִיגְן שִׁמְעוֹן) זִיךְ שְׁטֶעלְן דָארְט, ווִי מִיר הָאבְן זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט נֶעכְטְן פַארְנַאכְט אוּן מִתְפַּלֵל זַיין אוֹיף זַיין צִיוּן. אוּן וֶוען גָ־ט וֶועט הֶערְן אוּנְזֶער גֶעבֶּעט, וֶועלְן מִיר אַלֶע זַיין גְלִיקְלִיךְ... פַארְשְׁטַאנֶען, מַיין קְלֵיינִינְקֶער. אָבֶער דוּ דַארְפְסְט זִיךְ דָארְט אוֹיפְפִירְן ווִי אַ גְרוֹיסֶער... נִישְׁט וֵויינֶען! וָואס מֶען זָאל דִיר נִישְׁט טְהוּן, דַארְפְסְטוּ שְׁוַוייגְן... דֶער עִיקָר — נִישְׁט וֵויינֶען!

אַ סְפַרְדִישֶׁער אִינְגְל, דֶער זוּן פוּן דֶעם סְפַרְדִישֶׁען שַׁמָש, וֶועמֶען דֶער מַאן הָאט

מִיטְגֶעבְּרַאכְט מִיט זִיךְ פוּן "חָצֵר", אִיז גֶעבְּלִיבְּן הִיטְן זֵייעֶרֶע זַאכְן אוּן מִיר הָאבְּן זִיךְ אַלֶע צוּזַאמֶען גֶעלָאזְט גֵיין צוּ דֶער שׁוּהל.

דֶער סְפַרְדִישֶׁער שַׁמָשׁ הָאט בַּאגֶעגְנְט זַיין קִינְד אִין "חָצֵר" אוּן גֶעהֵייסְן מַאכְן פַּאר אִיהם אַ וַוארֶע. וֶוען מִיר זַיינֶען שׁוֹין גֶעשְׁטַאנֶען אִין שְׁטוּב, אִין שׁוּהל, הָאט עֶר אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם "פְּרַאנְצוֹיז" אִין סַאמֶע אָנְפַאנְג רַייה, אִין וֶועלְכֶער עֶס זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען פָּאטֶערְס מִיט קִינְדֶער אוֹיף זֵייעֶרֶע אַקְסְלֶען גְרֵייט צוּם "חַאלַאקֶע", צוּם אָפְּגֶעשׁוֹירְן וֶוערְן אוּן מַאכְן פֵּיאוֹת.

דֶעם פְּרַאנְצוֹיזִישְׁן אִינְגַאלֶע הָאט מֶען אָפְּגֶעשׁוֹירְן דֶעם עֶרְשְׁטְן, וִוי עֶס הָאבְּן גֶעוָואלְט טַאטֶע מַאמֶע... זַיינֶע לָאקְן זַיינֶען גֶעפַאלְן אִין אַ שִׁיסֶעלֶע, וֶועלְכֶע מֶען הָאט בַּאצַייטְנְס צוּגֶעגְרֵייט.

דֶער פָּאטֶער הָאט בַּאצָאלְט אִין גָאלְד צְוֵויי מָאל אַזוֹי פִיהל, וִויפְל עֶס הָאבְּן גֶעווֹאוֹיגְן דִי הָאר...

דֶער סְפַרְדִישֶׁער רָב הָאט לַאנְג גֶערֶעדְט מִיט זַיין קִינְד אִין פְּרַאנְצוֹיזִישׁ אוּן דֶערְנָאךְ גֶעמַאכְט

פַאר איהם אַ לַאנְגְן מִי שֶׁבֵּרַךְ, לָאזְנְדִיג דִי סְפַרְדִישֶׁע אִידְן מִיט זֵייעֶרֶע קִינְדֶער אוֹיף דִי אַקְסְלֶען, וַוארְטְן אוֹיף זֵייעֶר "חַאלַאקֶע" אִין דֶער רַיי אַ לַאנְגֶע צַייט.

וֶוען עֶר אִיז פַארְטִיג גֶעוָוארְן מִיטְן מִי שֶׁבֵּרַךְ, הָאט עֶר גֶעהֵייסְן דִי עֶלְטֶערְן זֵיי זָאלְן אַנִידֶערְשְׁטֶעלְן דֶעם אִינְגֶעלֶע בַּיי דֶער גְרַאטֶע, וָואס טֵיילְט אָפּ דִי הוֹיכֶע, רוּנְדֶע, וַוייס אָפְּגֶעקַאלְכְטֶע מַצֵבָה פוּן דִי מַאסֶע מִתְפַּלְלִים.

מִיט צִיטֶערְדִיגֶע הֶענְט הָאבְּן טַאטֶע־מַאמֶע אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם אִינְגֶעלֶע בַּיי דֶער אַייזֶערְנֶע גְרַאטֶע, זַיינֶע הֶענְטֶעלַאךְ הָאבְּן שְׁנֶעל אַרוּמְגֶעכַאפְּט דִי אַייזֶערְנֶע שְׁטֶעקֶענֶעס פוּן דֶער גְרַאטֶע...

דָאס קִינְד הָאט זִיךְ אָנְגֶעהַאלְטְן אִין זֵיי וִוי מֶען הַאלְט זִיךְ אָן אִין צְוֵויי שְׁטְרִיק. דִי טְרִיט פוּן זַיינֶע פִיסְלַאךְ זַיינֶען גֶעהָאנְגֶען הֶעכֶער פוּן דֶעם דִיל, אִין דֶער לוּפְטְן, גְלַייךְ וִוי עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אָנְצוּפַארְטְרוֹיעֶן זַיין קֶערְפֶּער זַיינֶע וֵוייכֶע מַאכְטְלָאזֶע פִיסְלַאךְ...

מִיר הָאבְּן זִיךְ אַלֶע דְרַיי צוּגֶערוּקְט צוּ דֶער גְרַאטֶע, כְּדֵי צוּ בַּאטְרַאכְטְן דָאס קִינְד. דִי עֶלְטֶערְן הָאבְּן זִיךְ, וַוייזְט אוֹיס, פַארְלָאזְט אוֹיף מִיר, אַז אִיךְ וֶועל אַכְטוּנְג גֶעבְּן אוֹיף זֵייעֶר קִינְד, אוּן הָאבְּן צוּגֶעדֶעקְט זֵייעֶרֶע פֶּנִימֶער אִין אַ טִיפְן, שְׁטִילְן גֶעבֶּעט.

דָאס אִינְגֶעלֶע אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי פַארְטִיפְט אִין דֶעם פַּייעֶרְלִיכְן בִּילְד פוּן דִי הוּנְדֶערְטֶער בַּיי דִי מַצֵבָה, אַז עֶר הָאט פַארְגֶעסְן, אַז דִי עֶלְטֶערְן הַאלְטְן אִיהם נִישְׁט צוּ. ווִי עֶס אִיז גֶעוֶוען זֵייעֶר שְׁטֵייגֶער. צוּבִּיסְלַאךְ הָאט דֶער שְׁוֶוערֶער, דִיקֶער קֶערְפֶּער אַרוּנְטֶערְגֶעצוֹיגְן זַיינֶע הֶענְטְלַאךְ, וָואס הָאבְּן זִיךְ אָנְגֶעהָאנְגֶען אִין דִי אַייזֶערְנֶע שְׁטַאנְגֶען, אוּן זַיינֶע וֵוייכֶע "וַואטָאוֶוע" פִּיסֶעלַאךְ הָאבְּן זִיךְ אָנְגֶערִירְט אִין דֶעם שְׁטֵיינֶערְנֶעם דִיל פוּן דֶער שׁוּהל.

אִין דֶעם דָאזִיגְן מָאמֶענְט הָאט דִי מוּטֶער אַרוּנְטֶערְגֶענוּמֶען פוּן אִיהר פַארְוֵויינְטְן פָּנִים דִי הֶענְט אוּן הָאט אַרוּנְטֶערְגֶעקוּקְט צוּם קִינְד'ס פִּיסְלַאךְ...

— עֶר שְׁטֵייט! עֶר שְׁטֵייט אַלֵיין!... — הָאט

זי צו מיר געפליסטערט מיט שרעק, מיט פאטעטישער פרייד און מיט גלויבן — איך זאג אייך, ער שטייט!...

און ווירקליך איז דאס קינד געשטאנען פעסט אויף דער ערד ווי ער וואלט גאר קיינמאל נישט געליטן אויף די פיס.

— שרעקט איהם נישט איבער, — האט זיך געבעטן ביי איהר אין א פליסטער איהר מאן — ווייו נישט, שא! שטיל! גלייך ווי גארנישט איהם מיינט מען!...

די גליקליכע מוטער האט געפאלגט איהר מאן.

זי האט געהאלטן די פרייד ביי זיך אין הארצן און נישט געלאזט פון זיך הערן קיין פיפס. זי האט נאר אנידערגעווארפן איהר קאפ צו מיר אויף מיין אקסל, ווי אין א חלשות, און האט געפליסטערט מיר אין אויער אריין מיט גרויס עקסטאז און פוהל מיט אמונה:

— איך האב געוואוסט און געגלויבט אז נאר

איז זְכוּת פוּן "סֶען סִימָאן" וֶועט אוּנְז הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ הֶעלְפְן! נָאר עֶר... אוּן ווִירְקְלִיךְ הָאט עֶר אוּנְז גֶעהָאלְפְן! מִיטְן אוֹיבֶּערְשְׁטְנְס הִילְף! אַ לוֹיבּ זַיין הֵיילִיגֶער נָאמֶען!

אוֹיף צוּרִיקְוֶועגְס אִיז שׁוֹין דֶער קִינְד גֶעגַאנְגֶען אַלֵיין אוֹיף זַיינֶע אֵייגֶענֶע פִיסְלַאךְ.

# פִּיהל נִסִים

דֶער שְׁלָ"ה הַקָדוֹשׁ שְׁרַייבְּט אִין אַ בְּרִיוו:

אוֹיפְן צִיוּן פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי לֶערְנְט מֶען דֶעם זוֹהַר מִיט אֵימָה אוּן יִרְאָה אוּן גְרוֹיס דְבֵיקוּת וַוייל פִּיהל נִסִים קוּמֶען דָארְטְן פָאר. מֶען דַארְף לֶערְנֶען דֶעם זוֹהַר ווִי אוֹיבְּנְדֶערְמָאנְט אוּן דֶערְנָאךְ זִיךְ פְרֵייעֶן אִין הָארְץ מִיט אַ גַייסְטִיגֶע פְרֵייד אָן קֵיין שׁוּם טְרוֹיעֶר אוּן קְלָאג, וַוייל נִישְׁט אִין דֶעם אִיז דֶער ווִילְן פוּן רַשְׁבִּ"י. דָאס אִיז בָּדוּק וּמְנוּסָה. דֶערְנָאךְ אִיז מֶען מְנַדֵר נְדָרִים אוּן מֶען אִיז מִתְפַּלֵל.

# אַ בְּרָכָה פון קִינְד

דֶער לָאקְמַאטִיוו, וְוי אַ שְׁוַוארְצֶע צוּרֵייצְטֶע חַיָה, אִיז גֶעלָאפְּן מִיט אַ הַאסְט און גֶעסָאפֶּעט מִיט אַ גֶעוַואלְדִיגְן צָארְן. צַייטְנַווייז הָאט דִי אַרוֹיסְגֶעשָׁאסְן גֶעדִיכְטֶע וָואלְקֶענֶעס רוֹיךְ, וָואס נָאךְ דִי עֶרְשְׁטֶע בֶּהָלָה אַרוֹיסְשְׁפַּארְנְדִיג זִיךְ פון קוֹימֶען, הָאבְּן זֵיי זִיךְ פַּאנָואלֶע גֶעדְרַאפֶּעט אוֹיף דִי ווִילְדֶע פַּארְשְׁוַוארְצְטֶע הֵיינְגֶענְדִיגֶע פֶּעלְזְן פון דִי רִיזִיגֶע אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְטֶע בֶּערְג.

צְוִוישְׁן דִי פִיהְלֶע פַּאסַאזְשִׁירְן אִין דִי אַכְט וַואגָאנֶען וֶועלְכֶע זַיינֶען נָאכְגֶעלָאפְּן גַאנְץ דְרֵייסְט דֶעם לָאקְמַאטִיוו, אִיז דַאמָאלְס גֶעוֶועזן שְׁטַארְק אָנְזֶעהֶענְד פִיהְלֶע יְרוּשָׁלַיִמֶער יוּנְגֶע לַייט, וָואס זַיינֶען גֶעפָארְן צוּ מֵירוֹן אוֹיף לַ״ג בָּעוֹמֶר. צְוִוישְׁן זֵיי אִיז גֶעוֶוען אוֹיךְ פְרוֹיעֶן מִיט זֵייעֶרֶע אִינְגַאלַאךְ, וָואס מֶען אִיז גֶעפָארְן מִיט זֵיי צוּ חַאלַאקֶען און מַאכְן פֵּאָה׳לַאךְ.

רַבִּי מְשׁוּלָם אִיז גֶעזֶעסְן אוּן גֶעזָאגְט תְּפִילַת הַדֶּרֶךְ אִין אַ סְדוּר'ל, אַנְטְקֶעגְן אִיהם אִיז גֶעזֶעסְן זַיין פְרוֹי מַלְכָּה אוּן הָאט גֶעהַאלְטְן אִיהר דְרַיי יֶעהרִיגְן מֹשֶׁה'לֶען. זַיינֶע שֵׁיינֶע גֶעלָאקְטֶע הֶערַאלַאךְ הָאבְּן זִיךְ אַרוֹיסְגֶעשְׁפַּארְט פוּן אוּנְטֶער זַיין קַאפֶּעלֶע וֶועלְכֶע אַ גוּמֶענְדְל גֶעצוֹיגְן פוּן בֵּיידֶע זַייטְן אוּנְטֶער דֶער מָארְדֶע, הָאט דָאס צוּגֶעהַאלְטְן.

מֹשֶׁה'לֶע אִיז גֶעשְׁטַאנֶען מִיט אַ הַאלְבּ אָפֶּענֶעם מַיילֶעכְל אוּן הָאט אַרוֹיסְגֶעקוּקְט פוּן פֶענְסְטֶער מִיט זַיינֶע אוּנְטֶערְגֶעצוּנְדֶענֶע אוֹיגֶעלַאךְ אוֹיף דִי בֶּערְג מִיט דִי פֶעלְזְן וָואס לוֹיפְן אַזוֹי גֶעשְׁווִינְד.

— זִינְג מֹשֶׁה'לֶע, אָמַר רַבִּי עֲקִיבָא — הָאט זִיךְ מַלְכָּה גֶעבֶּעטְן בַּיי אִיהם, אוּנְטֶערְהוֹיבְּנְדִיג אִיהם. מֹשֶׁה'לֶע הָאט אֲפִילוּ אָנְגֶעהוֹיבְּן פַארְטְרַאכְטֶערְהֵייט צוּ זִינְגֶען אָבֶּער דָא הָאט עֶר פְּלוּצְלוּנְג דֶערְזֶעהְן צִיגַאלַאךְ אוֹיפְן בַּארְג, הָאט עֶר זִיךְ פָּשׁוּט פַארְלָארְן פוּן הִתְפַּעֲלוּת.

אִין וַואגָאן הָאט אוֹיסְגֶעבְּרָאכְן אַ פְרֵיילִיכֶער

הִתְלַהֲבוּת׳דִיגֶער גֶעזַאנְג: ״אָמַר רַבִּי עֲקִיבָא אַשְׁרֵיכֶם יִשְׂרָאֵל״ און עֶס הָאט נִישְׁט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט, הָאבְּן זִיךְ אַ גְרוּפֶּע יוּנְגֶע לַייט אַרוּמְגֶענוּמֶען און אַרוֹיס אִין אַ טַאנְץ. רַבִּי מְשׁוּלָם הָאט גֶעכַאפְּט זַיין משֶׁה׳לֶען אוֹיף זַיין אַקְסְל און אִיז אַרַיין צְווִישְׁן דִי טֶענְצֶערְס.

אִין דֶעם וַואגָאן אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען רַבִּי יִרְמְיָה מִיט זַיין פְרוֹי אִיטֶע. זֵיי זַיינֶען אוֹיךְ גֶעפָארְן קֵיין מֵירוֹן. עֶס אִיז שוֹין גֶעוֶוען בַּיי זֵיי אַכְט יָאהר נָאךְ דִי חֲתוּנָה און זֵיי הָאבְּן נָאךְ נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין קִינְד. נַאטִירְלִיךְ הָאט דָאס אוֹיף רַבִּי יִרְמְיָה׳עֶן גֶעווִירְקְט צוּ אַ שְׁטֶענְדִיגְן הַארְץ קְלֶעמֶענִישׁ, אָבֶער עֶר אִיז דָאךְ גֶעוֶוען אַ לַמְדָן און אִיז גֶעלֶעגְן אִין לֶערְנֶען, און צוּ דֶעם אִיז עֶר נַאטִירְלִיךְ גֶעוֶוען אַ לִיבְּלִיכֶער פְרֵיילִיכֶער מֶענְטְשׁ, הָאט זִיךְ זֵייעֶר ווִינְצִיג דֶערְקֶענְט אוֹיף אִיהם אָט דֶער שְׁטֶענְדִיגֶער הַארְץ דְרִיקוּנְג. נִישְׁט אַזוֹי אִיז אָבֶער גֶעוֶוען אִיטֶע, דֶער אוּמֶעט אִיז גֶעוֶוען אוֹיסְגֶעגָאסְן אוֹיף אִיהר גַאנְצְן וֶועזְן און זִי הָאט נָאךְ טִיף בַּיי זִיךְ אִין הַארְצְן בַּאשוּלְדִיגְט רַבִּי יִרְמְיָה׳עֶן אַז אִיהם אַרְט דָאס גָארְנִישְׁט...

און אִיצְט וֶועט רַבִּי יִרְמְיָה, וָואס אִיז גֶעוֶוען צְווִישְׁן דִי טֶענְצֶערְס, הָאט גֶעכַאפְּט מֹשֶׁה'לֶען פוּן זַיין פָּאטֶערְס אַקְסְלֶען אוֹיף זַיינֶע אוּן הָאט גֶעטַאנְצְט מִיט אִיהם, הָאט דָאס אִיטֶען שְׁטַארְק פַּארְדְרָאסְן, אַזוֹי וַוייט אַז וֶוען עֶר הָאט זִיךְ צוּרִיק גֶעזֶעצְט נֶעבְן אִיהר, הָאט זִי אִיהם גֶעזָאגְט:

— זָאל שׁוֹין דֶער רִבּוֹנוֹ-שֶׁל-עוֹלָם רַחְמָנוּת הָאבְּן אוֹיף מִיר אוּן אִיךְ זָאל זוֹכֶה זַיין צוּ זֶעהן וִוי דוּ טַאנְצְט מִיט אוּנְזֶערְס אַ קִינְד, אִיךְ זָאל קְלַייבְּן נַחַת, אוּן נִישְׁט מִיט אַ פְרֶעמְדֶע קִינְד וִוי מִיר צוּ דֶערְצֶערְנֶען...

רַבִּי יִרְמְיָה הָאט זִיךְ אַיינְגֶעבְּרָאכְן אוּן וִוי מִיט אַ טְרֶערְן פַארְשְׁטִיקְטֶע שְׁטִימֶע אִיהר גֶעזָאגְט:

— פַארְוָואס זָאלְסְטוּ זָאגְן דֶערְצֶערְנֶען? אַ קִינְד וָואס מֶען גֵייט אִיהם מַאכְן פֵּאָה'לַאךְ אוּן מֶען וֶועט אִיהם אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם שִׁיקְן אִין חֵדֶר, אִיז דָאךְ אַזוֹי וִוי אַ הֵיילִיגֶער מַלְאָךְ'ל, אַ סֵפֶר תּוֹרָה'לֶע אוּן יֶעדֶערֶער דַארְף דָאךְ טַאקֶע טַאנְצְן דֶערְמִיט. מִיר דַארְפְן נָאר בֶּעטְן אַז דֶער בּוֹרֵא יִתְבָּרַךְ זָאל אוּנְז אוֹיךְ שֵׁיינְקֶען דִי מַתָּנָה אוּן מֶען דַארְף הָאפְן אַז דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט הֶעלְפְן.

די גָלִיל־בֶּערְג אַרוּם צְפַת, אִין דִי טוּנְקֶלְקַייט פוּן דֶער נַאכְט, הֶערְן זִיךְ צוּ פַארְצוֹיבֶּערְט דִי הַארְץ רִירְנְדֶע אוּן סוֹדוֹת פוּלֶע טֶענֶער וָואס הֶערְט זִיךְ פוּן מֵירוֹן, צוּפוּסְנְס פוּן דֶעם רִיזִיגְן עַצְמוֹן בַּארְג. גְרוֹיסֶע הַדְלָקוֹת פְּלַאטֶערְן, עֶס רַייסְן זִיךְ דִי פְלַאמֶען אַרוֹיף צוּ דִי הוֹיכֶע הוֹיכְקַייט, אוּן מִיט דִי פְלַאמֶען הוֹיבְּן זִיךְ בֶּעגַייסְטֶערְטֶע טוֹיזְנְטֶער אִידְן. אַרוּמְגֶעאַרֶעמְט אוּן פַארְדְבֶקָה׳ט טַאנְצְן זֵיי אִין צֶעהנְדְלִיגֶער רֶעדְלַאךְ אוּן זִינְגֶען מִיט אַ אוֹיסְגֵייעֶנְדֶע בֶּיינְקֶענִישׁ ״בַּר יוֹחַאי״.

אַ גַאנְץ אַנְדֶער שְׁטִימוּנְג אִיז אִינֶעווֵיינִיג אִין דִי זַאלְן אַרוּם דִי מַצֵבוֹת פוּן דִי גַייסְטְלִיכֶע תַּנָאִים רַבָּן שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אוּן זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר. גֶעדִיכְט אוּן צוּזַאמֶענְגֶעפְּרֶעסְט שְׁטֵייעֶן הוּנְדֶערְטֶער אִידְן אוּן גִיסְן אוֹיס זֵייעֶר בִּיטֶער הַארְץ. טְרֶערְן אוּן שְׁווֵייס מִיט צוּלָאזֶענֶע לִיכְט־טְרָאפְּנְס מַאכְן נַאס דִי לוּפְט וֶועלְכֶע אִיז פוּהל מִיט דִי רֵייד אוּן טַעֲנוֹת פוּן אַזוֹי פִיהל פַארְבִּיטֶערְטֶע שְׁוֶוערֶע הֶערְצֶער...

אָט בַּיי דִי מַצֵבָה פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן׳עֶן לִיגְט אִיטֶע ווִי אַ צוּגֶעשְׁמִידְטֶע, זִי לִיגְט שׁוֹין דָארְטְן אַזוֹי שֵׁיינֶע עֶטְלִיכֶע שָׁעָה פוּן זִינְט זִי אִיז גֶעקוּמֶען,

זי הָאט אָפְּגֶעדַאוְונְט מִנְחָה מַעֲרִיב, אָפְּגֶעזָאגְט גַאנְץ תְּהִלִּים און אַלֶע תְּחִנּוֹת פון "מַעֲנֶה לָשׁוֹן". עֶס אִיז אִיהר שׁוֹין טְרוּקְן אִין הַאלְז שְׂרַייעֶנְדִיג, דֶער טְרֶערְן קְוַואל אִיז שׁוֹין אוֹיךְ טְרוּקְן, זִי ווִיל אָבֶער נִישְׁט אָפְּטְרֶעטְן פוּן דִי מַצֵּבָה.

אַ נַייעֶ תְּחִנָּה הָאט זִיךְ אִיהר אִיצְט גֶעבִּילְדֶעט אִין אִיהרֶע גֶעדַאנְקֶען, און זִי הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן פַארְמַאטֶערְט אִין דֶער שְׁטִיל:

— הֵיילִיגֶער בַּאשֶׁעפֶער — הָאט זִי גֶעטַעֲנֶה'ט — דוּ הָאסְט דָאךְ אַרָאפְּגֶעשִׁיקְט מַיין נְשָׁמָה אוֹיף דֶער וֶועלְט מִיט אַ הֵיילִיגְן צְוֶועק נָאכְצוּפָאלְגְן אַלֶעס וָואס שְׁטֵייט אִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, כְּדֵי זִיךְ כָּשֵׁר פַארְדִינֶען אַ חֵלֶק לָעוֹלָם הַבָּא. אִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה שְׁטֵייט דָאךְ אַז אַ פְּרוֹי אִיז זוֹכֶה צוּ עוֹלָם הַבָּא דוּרְךְ דֶעם וָואס זִי פִירְט אַ קִינְד אִין חֵדֶר, וַואשְׁט אִיהם נֶעגְל וַואסֶער, מַאכְט מִיט אִיהם בְּרָכוֹת, בֶּענְטְשְׁט און לֵייעֶנְט קְרִיאַת־שְׁמַע מִיט אִיהם, און דָאס גְלַייכְן.

— בַּארֶעמְהַארְצִיגֶער טַאטֶע אִין הִימְל — הָאט זִי זִיךְ אוֹיף דָאס נַיי צוּשְׁרִיגְן און אַ פְּרִישֶׁער

שְׁטְרָאם טְרֶערְן הָאט זִיךְ אַ גָאס גֶעטְהוּן פוּן אִיהְרֶע אוֹיגְן — גִיב מִיר אַ קִינְד אִיךְ זָאל זִיךְ קוֹנֶה זַיין עוֹלָם הַבָּא. הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף מִיר אִין זְכוּת פוּן הֵיילִיגְן תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי.

אִיטֶע אִיז שְׁטִיל גֶעוָוארְן אוּן עֶנְדְלִיךְ אַיינְגֶעשְׁלָאפְן.

וֶוען זִי הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעכַאפְּט הָאט מֶען זִיךְ שׁוֹין גֶעגְרֵייט צוּם דַאוְונֶען, פוּן אַ לַאנְגְן פַארְפְּלָאנְטֶערְטְן חָלוֹם הָאט זִי נָאר גֶעדֵיינְקְט, אַז אַ מַלְאָךְ אִין אַ צוּרָה פוּן אַ שֵׁיינֶעם אִידִישְׁן בַּא׳חֵן׳טְן אִינְגַאלֶע מִיט צוּלָאזְטֶע לַאנְגֶע גֶעלָאקְטֶע הֶערַאלַאךְ, הָאט מִיט זַיינֶע שְׁנֵיי וַוייסֶע פְלִיגַאלַאךְ אַרוּמְגֶעשְׁוֶועבְּט אִיבֶּער אִיהר אוּן הָאט גֶעהַאלְטְן אִין הַאנְד אַ קְלֵיינֶע סֵפֶר תּוֹרָה׳לֶע...

*

דֶער בְּרֵייטֶער הוֹיף אִין מֵירוֹן הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּרִיק גֶעדִיכְטֶער וֶוערְן. דִי מוּזִיקַאנְטְן, נָאךְ אַ קוּרְצֶע רוּה פוּן אַ צְוֵויי־דְרַיי שָׁעָה, הָאבְּן שׁוֹין ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבְּן רֵיינִיגְן אוּן אוֹיפְשְׁטֶעלְן זֵייעֶרֶע אִינְסְטְרוּמֶענְטְן. פָּאטֶער׳ס, אַנְדֶערֶע נָאךְ אָנְגֶעטְהוּן

אִין טַלִית וּתְפִלִּין, טְרָאגְן אַרוּם זֵייעֶרֶע אִינְגַאלַאךְ, הַאלְטְן אַ שֶׁערְל אִין הַאנְד אוּן זַיינֶען מְכַבֵּד יֶעדֶערְן אֵיינִיגֶע הָאר אָפְּצוּשֶׁערְן אוּן אַרַיינְלֵייגְן דִי אָפְּגֶעשָׁארֶענֶע הָאר אִין קוּישִׁיק. דִי הָאר וֶוערְט אָפְּגֶעוואוֹיגְן אַנְטְקֶעגְן גֶעלְד אוּן וֶוערְט צוּטֵיילְט אוֹיף צְדָקָה. מֶען טֵיילְט דֶעם קָהָל זִיסֶע גֶעבֶּעקְסְן אוּן בִּיסְלַאךְ בְּרָאנְפְּן, עֶס הֶערְט זִיךְ וַוארֶעמְהַארְצִיגֶע אוּן פְרַיינְדְלִיכֶע וואוּנְטְשְׁן, וְוי, לְחַיִים, אִיהר זָאלְט גֶענִיסְן פִיהל נַחַת, אוּן אַ אִידִישְׁן נַחַת...

מֶען נֶעמְט זִיךְ וִוידֶער אוֹיף הַאנְד בַּיי הַאנְד, אַקְסְל בַּיי אַקְסְל, אוּן ווִידֶער הֶערְט זִיךְ דִי זִיסֶע נְשָׁמָה־צוּגָאסֶענֶע מֶעלָאדִיֶע פוּן בַּר־יוֹחַאי, אָדֶער אָמַר רַבִּי עֲקִיבָא, מִיט דִי בַּאגְלֵייטוּנְג פוּן דִי קְלִינְגֶעדִיגֶע טֶענֶער פוּן דִי קְלַארִינֶעטְן וָואס צִיטֶערְט אוֹיף דִי סְטְרוּנֶעס פוּן הַארְצְן. צֶענְדְלִיגֶער חַאלַאקֶע־אִינְגַאלַאךְ, בַּיי וֶועלְכֶע דִי פֵּאָה׳לַאךְ אִיז שׁוֹין אַ בִּיסְל אָנְגֶערְקֶענְט, זִיצְן אוֹיף דִי אַקְסְלֶען פוּן דִי טֶענְצֶערְס, אַנְדֶערֶע וֵויינֶען אוּן אַנְדֶערֶע זַיינֶען סְתָּם צוּטוּמְלְט, נָאר גֶעצֵיילְטֶע זַיינֶען מוּטִיג אוּן פְרֵיילַאךְ, אוּן אוּנְזֶער מֹשֶׁה׳לֶע אִיז גֶעוֶוען אֵיינֶער פוּן זֵיי.

מֶשֶׂה׳לֶע איז גֶעזֶעסְן אויף זַיין פָּאטֶעְרס אַקְסלֶען, זַיינֶע שְׁוַוארְצֶע אויגֶעלַאךְ הָאבְּן גֶעפִינְקְלְט און מִיט זַיינֶע הֶענְטֶעלַאךְ וָואס אִיז גֶעוֶוען אִין זַיין פָּאטֶערְס הֶענְד, הָאט עֶר זִיךְ גֶערִיסְן צוּ פַּאטְשְׁן.

און אָט אִיז אַרוֹיס פון מְעָרָה רַבִּי יִרְמְיָה און זַיין פְרוֹי אִיטֶע, רַבִּי יִרְמְיָה הָאט זִיךְ תֵּיכֶף אַרַיינְגֶערִיסְן אִין רָאד אַרַיין טַאנְצְן. רַבִּי מְשׁוּלָּם אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהם און הָאט אִיהם מְכַבֵּד גֶעוֶוען אָפְּצוּשֶׁערְן אַבִּיסְל הָאר. זֵיי זַיינֶען בֵּיידֶע אַרוֹיס פון רָאד, אַוֶועק אִין אַ זַייט. מַלְכָּה און אִיטֶע זַיינֶען אויךְ צוּגֶעקוּמֶען. מֶשֶׂה׳לֶע הָאט זִיךְ גֶערִיסְן צוּ גֵיין צוּרִיק אִין רָאד אַרַיין טַאנְצְן.

רַבִּי יִרְמְיָה הָאט גֶעהַאלְטְן מֶשֶׂהלֶעס הַאנְד אִין זַיין רֶעכְטֶע און מִיט דִי לִינְקֶע הָאט עֶר אִיהם לִיבְּלִיךְ גֶעקְנִיפְּן אִין בֶּעקַאלֶע און אִיהם גֶעזָאגְט: ״לְחַיִּים מֶשֶׂה׳לֶע, דוּ זָאלְסְט זַיין אַ עֶרְלִיכֶער אִיד און קֶענֶען גוּט לֶערְנֶען״.

— יָא יָא! — הָאט מֶשֶׂה׳לֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּמְגֶעדוּלְדִיג קוּקְנְדִיג און רַייסְנְדִיג זִיךְ צוּ דִי רֶעדְלַאךְ טֶענְצֶערְס.

— ווינְטְשׁ זֵיי, מֹשֶׁה׳לֶע — הָאט מַלְכָּה זִיךְ גֶעבֶּעטְן — דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל זֵיי אִין גִיכְן אוֹיפְרִיכְטְן מִיט עֶרְלִיכֶע גֶעזוּנְטֶע קִינְדֶער תַּלְמִידֵי חֲכָמִים.

— יָא יָא ! — הָאט מֹשֶׁה׳לֶע וַוייטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט און זִיךְ גֶענוּמֶען שְׁטַארְקֶער אַוֶועקְרַייסְן פוּן דָארְט.

רַבִּי יִרְמְיָה הָאט אָנְגֶענוּמֶען מֹשֶׁה׳לֶען בַּיי זַיינֶע הֶענְד, אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן אִיהם צוּ זִיךְ און אִיהם גֶעפְרֶעגְט:

— וָואס יָא יָא? זָאג אַרוֹיס מִיט דַיין הֵיילִיג מֵיילֶעכְל!

— וָואס זָאל אִיךְ זָאגְן? — הָאט מֹשֶׁה׳לֶע גֶעפְרֶעגְט מִיט קִינְדֶערְשֶׁע עֶרְנְסְטְקַייט.

רַבִּי יִרְמְיָה הָאט אַרוֹיפְגֶעזֶעצְט דֶעם קִינְד אוֹיף זַיין אַקְסְל צוּגֶעהַאלְטְן דֶעם קִינְדְס הֶענְטֶעלַאךְ אוֹיף זַיין קָאפּ, און רַבִּי מְשׁוּלָם הָאט גֶעזָאגְט מִיט מֹשֶׁה׳לֶען וָוארְט בַּיי וָוארְט:

— דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל אַייךְ אִין גִיכְן

שײנְקֶען זֶרַע שֶׁל קַיָּמָא לַעֲבוֹדָתוֹ וְיִרְאָתוֹ אִין זְכוּת פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי.

— אָמֵן! — הָאבְּן אַלֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט. אִיטֶע הָאט זִיךְ דֶערְמַאנְט אִין אִיהר חָלוֹם און אַ שְׁטְרַאל פוּן הָאפֶענוּנְג הָאט לִיכְטִיג גֶעמַאכְט אִיהר גֶעזִיכְט.

— — — — — — — — אִין פִיהר יָאהר אַרוּם הָאט רַבִּי יִרְמְיָה גֶעטַאנְצְט אִין מֵירוֹן מִיט זַיינְס אַ אִינְגַאלֶע און אִיטֶע הָאט גֶעקְוָואלְן פוּן פִיהל נַחַת...

## חַאלַאקֶען אִין מֵירוֹן

אִין דֶער טָאג ל״ג בָּעוֹמֶר דַארְף מֶען בִּכְלַל נִישְׁט קְלָאגְן אוֹיפְן חוּרְבָּן, מֶען זָאל נִישְׁט גֶעשְׁטְרָאפְט וֶוערְן. נָאר עֶס אִיז אַ מִצְוָה זִיךְ צוּ פְרֵייעֶן אִין דִי שִׂמְחָה פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי. אוֹיב מֶען וואוֹינְט אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, זָאל מֶען גֵיין און זִיךְ פְרֵייעֶן אוֹיף זַיין קֶבֶר, און דָארְטְן זָאל עֶר זִיךְ שְׁטַארְק פְרֵייעֶן. און גֶעווּיס אוֹיב עֶס אִיז דֶעם עֶרְשְׁטְן מָאל וָואס עֶר דַארְף אָפְּשֶׁערְן זַיין קִינְד און אִיהם אִיבֶּערְלָאזְן דִי פֵּיאוֹת וָואס דָאס אִיז אַ מִצְוָה.

(מִשְׁנַת חֲסִידִים)

# גֶעטַאנְצְט צוּזַאמֶען מִיט אַלֶעמֶען

אֵיינֶער אַלֵיין, עֶלְנְד און צוּבְּרָאכְן, אִיז רַבִּי גְדַלְיָה מ. גֶעקוּמֶען אִין דִי הֵיילִיגֶע לַאנְד, נָאךְ דֶעם וָואס עֶר הָאט זִיךְ מִיט גְרוֹיסֶע נִסִּים גֶערַאטֶעוֶועט פוּן דִי אוּמְוִוירְדִיגֶע הֶענְד, פוּן דִי דַייטְשֶׁע מֶערְדֶער אִין דִי צְוֵוייטֶע וֶועלְט מִלְחָמָה.

אַ צַייט שְׁפֶּעטֶער, אִין יָאהר תש"ח, וֶוען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעבּוּשֶׁעוֶועט דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע מִלְחָמָה מִיט דִי אַרַאבֶּער, אִיז רַבִּי גְדַלְיָה — אַזוֹי ווי נָאךְ פִיהל אַנְדֶערֶע אִידִישֶׁע פְּלֵיטִים — גֶענוּמֶען גֶעוָוארְן אוֹיף צוּ דִינֶען אִין דֶער מִילִיטֶער.

שְׁוֶוער און גְרוֹיזַאם אִיז דָאס שְׁלַאכְט גֶעגַאנְגֶען, דֶער פַּיינְט הָאט זַיין בְּלוּטִיגֶע הַאנְד גֶעוֶוענְדֶעט מִיט מֶערְדֶערִישֶׁע רְצִיחָה אַנְטְקֶעגְן דִי אִידִישֶׁע זֶעלְנֶער, און פִיל פוּן זֵיי זַיינֶען שְׁוֶוער פַארְוואוּנְדֶעט גֶעוָוארְן אָדֶער גָאר דָאס לֶעבְּן פַארְלָארְן רח"ל.

דֶער אִידִישֶׁער זֶעלְנֶער רַבִּי גְדַלְיָה, וֶועלְכֶער הָאט שׁוֹין אִין "אוּנְגַארְן" דֶעם בִּיטֶערְן בֶּעכֶער פַארְזוּכְט, אוֹיף וֶועמֶען דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע צָרוֹת פוּן דֶער קְרִיג הָאט נָאךְ אַ טִיפְן אַײנְדְרוּק גֶעלָאזְן, אִיז אִיהם אוֹיף עֶרְשְׁט בַּאשֶׁערְט גֶעוֶוען דָאס אוּמְגְלִיק, זַײן מֶעסְטְל צָרוֹת צוּ פַארְפִיהלְן. עֶר אִיז אִין דֶער מִלְחָמָה שְׁוֶוער פַארְוואוּנְדֶעט גֶעוָוארְן אוֹיף אַ פוּס, צוּלִיבּ וֶועלְכֶע עֶר אִיז בַּאלְד אָפְּגֶעפִירְט גֶעוָוארְן אִין "שַׁעֲרֵי צֶדֶק" שְׁפִּיטָאל.

שְׁוֶוערֶע טֶעג זַײנֶען אִיבֶּער דֶעם גֶעפְּלָאגְטְן רַבִּי גְדַלְיָה אַרִיבֶּער, שְׁרֶעקְלִיכֶע וֵוײטָאגְן הָאבְּן זַײן רוּהֶ בַּארוֹיבְּט, אוּן נִישְׁט גֶעהַאט הָאט עֶר פוּן וֶועמֶען זִיךְ צוּ טְרֵײסְטְן. עֶלְנְד ווִי אַ שְׁטֵײן הָאט עֶר גֶעלֶעבְּט, אָן קֵײן פְרוֹי אוּן קִינְדֶער, אָן קֵײן פָּאטֶער אוּן מוּטֶער, אָן קֵײן פְרַײנְד אוּן פַאמִילְיֶע. נִישְׁט גֶעוֶוען וֶוער עֶס זָאל אִיהם אִין שְׁפִּיטָאל בַּאזוּכְן, צוּקוּקְן זַײנֶע וֵוײטָאגְן, אוֹיסהֶערְן זַײן צַעַר, אוּן מִיט טְרֵײסְט וֶוערְטֶער עֶפֶּעס לִינְדֶערְן זַײנֶע שְׁמֶערְצְן. אַײנְזַאם אַלֵײן אִיז עֶר אִין שְׁפִּיטָאל גֶעלֶעגְן, גֶעקָארְטְשֶׁעט זִיךְ פוּן יְסוּרִים, אוּן אַײנְגֶעזַאפְּט אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט דִי פְלֵײצְנְדֶע טְרֶערְן.

טָאג טֶעגְלִיךְ הָאט מֶען אִין שְׁפִּיטָאל מִיט זַיין פַּארְוואוּנְדֶעטְן פוּס זִיךְ בַּאשֶׁעפְטִיגְט, אוּן נָאךְ לַאנְגֶע בֶּעטְרַאכְטוּנְגֶען מִיט אוּנְטֶערְזוּכוּנְגֶען וָואס מֶען הָאט אִיהם גֶעמַאכְט, הָאט מֶען בַּאשְׁלָאסְן אַז מֶען מוּז אִין פוּס דוּרְכְפִיהרְן אַ רַייעֶ פוּן אַפֶּערַאצְיֶעס, אוּן מֶעגְלִיךְ אַז דֶער גַאנְצֶער פוּס דַארְף אַרָאפְּגֶעשְׁנִיטְן וֶוערְן...

שְׁוֶוער צוּ שִׁילְדֶערְן וָואס דָאס דָאזִיגֶע בַּאשְׁטֶעטִיגוּנְג הָאט אוֹיף רַבִּי גְדַלְיָה גֶעוִוירְקְט אוּן וִויפְל שְׁלָאפְלָאזֶע נֶעכְט עֶר הָאט פַארְבְּרַאכְט אִין וֶועלְכֶע עֶר הָאט בַּאנֶעצְט דָאס בֶּעט פוּן הֵייסֶע טְרֶערְן.

*

דָאס אִיז גֶעוֶועזְן אִין דִי סְפִירָה טֶעג, נָאנְט צוּ דֶעם דְרַיי אוּן דְרַייסִיגְסְטְן טָאג אִין עוֹמֶר. רַבִּי גְדַלְיָה אִיז — וִוי זַיין שְׁטֵייגֶער אִיז גֶעוֶוען דִי לֶעצְטֶע צַייטְן — גֶעלֶעגְן אוֹיף דָאס קְרַאנְקֶע בֶּעטְל פוּן שְׁפִּיטָאל. דִי אָדֶערְן פוּן דֶעם פוּס זַיינֶען גֶעוֶוען שְׁטֶערְבְּלִיךְ, גֶענְצְלִיךְ פַארְקְרַאמְפְּט, דִי בֵּיינֶער צוּבְרָאכְן, אוּן דָאס בְּלוּט אִין פוּס אִיז

גֶעשְׁטַאנֶען אומְבַּאוֶועגְלִיךְ, אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ גִיסְן מִיטְן שְׁטְרָאם. אִין קוּרְצְן: זַיין פוּס אִיז אִיהם גֶעוֶוען בְּלוֹיז צוּ אַ שְׁוֶוערֶע מַשָׂא וֶועלְכְן עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט טְרָאגְן מִיט אַ שְׁטֶעקְן, אוּן הָאט אִיהם פַארְשַׁאפְט שְׁרֶעקְלִיכֶע וֵוייטָאגְן.

פוּן קָארִידָאר נֶעבְּן זַיין צִימֶער, הָאט זִיךְ דֶערְהֶערְט עֶפֶּעס אַ שְׁטִילֶער טוּמְל, אַ לֶעבְּהַאפְטִיגֶער שְׁמוּעֶס אִיז פָארְגֶעקוּמֶען צְוִוישְׁן עֶטְלִיכֶע רֶעלִיגְיֶעזֶע יוּנְגֶעלַייט. רַבִּי גְדַלְיָה לִיגְנְדִיג צוּבְּרָאכְן אוֹיפְן בֶּעטְל הָאט בַּאוִויזְן צוּ אוֹיפְכַאפְּן עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער פוּן דֶעם שְׁמוּעֶס, עֶר הָאט דֶערְהֶערְט וִוי זֵיי שְׁמוּעֶסְן צְווִישְׁן זִיךְ אַז עֶס אִיז פַארְהַאן עֶפֶּעס אַ סְגוּלָה... דוּרְךְ וֶועלְכֶע מֶען וֶוערְט גֶעהֶיילְט...

דֶער קְרַאנְקֶער הָאט צוּגֶערוּפְן דִי יוּנְגֶעלַייט, אוּן גֶעבֶּעטְן זֵיי זָאלְן אִיהם אִיבֶּערְזָאגְן דִי פְרִיעֶרְדִיגֶע רֵייד. זֵיי הָאבְּן דָאס גֶערְן גֶעטְהוּן, אוּן דֶערְצֵיילְט אַז עֶס אִיז אַ סְגוּלָה צוּ פָאהְרְן אִין לַ״ג בָּעוֹמֶר צוּ דֶעם תַּנָא ״רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי״ וֶועלְכֶער לִיגְט אִין מֵירוֹן, וַוייל אִין דֶעם טָאג אִיז זַיין יוֹם הִילוּלָא, אוּן דוּרְךְ דֶעם קֶען מֶען גֶעהָאלְפְן

וֶוערְן פוּן אַלֶע צָרוֹת אוּן קְרַיינְק...

אַזוֹי ווי אַ דָארְשְׁטִיגֶער צוּ וַואסֶער, הָאט זִיךְ רַבִּי גְדַלְיָה אִין דִי וֶוערְטֶער אָנְגֶעכַאפְּט:

— מֵירוֹן... מֵירוֹן... אִיךְ וִויל פָארְן קֵיין מֵירוֹן! — הָאט עֶר מִיט אֵיין אָטֶעם אוֹיסְגֶערוּפְן, אֶפְשֶׁר פוּן דָארְט וֶועט מַיין הִילְף עֶרְשַׁיינֶען...

אִין לַ״ג בָּעוֹמֶר, הָאט רַבִּי גְדַלְיָה מִיט גְרוֹיס שְׁוֶועריִגְקַייט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעכַאפְּט פוּן שְׁפִּיטָאל, אוּן נָאךְ פִיהל בַּאמִיהוּנְגֶען הָאט עֶר בַּאוִויזְן צוּ אַרוֹיפְגֵיין אוֹיף אַ מַאשִׁין וֶועלְכֶער פָארְט קֵיין ״מֵירוֹן״ צוּם צִיוּן פוּן הֵיילִיגְן רַשְׁבִּ״י.

אָנְקוּמֶענְדִיג קֵיין מֵירוֹן, הָאט זִיךְ רַבִּי גְדַלְיָה קוֹים גֶעשְׁלֶעפְּט מִיטְן שְׁטֶעקְן בִּיז עֶר אִיז צוּגֶעקוּמֶען צוּ עֶפֶּעס אַ ווִינְקְל. דֶער שְׁלֶעפְּן אַזוֹי פִיהל דֶעם קְרַאנְקְן פוּס, הָאט אִיהם פִיהל וֵוייטָאג פֶערְשַׁאפְט, אוּן מִיט דִי לֶעצְטֶע קְרֶעפְטְן הָאט עֶר זִיךְ אַוֶועקְגֶעזֶעצְט אוֹיף דֶער עֶרְד נֶעבְּן אַ פְרֵיילַאכְן רָאד מֶענְטְשְׁן וֶועלְכֶע הָאבְּן גֶעטַאנְצְט אוּן גֶעשְׁמַאק גֶעזוּנְגֶען דִי נִיגוּנִים פוּן לַ״ג בָּעוֹמֶר.

זיצט זיך אַזוי רַבִּי גְדַלְיָה, זיצט מִיט טְרֶערְן אִין די אויגְן נֶעבְּן פְרֵיילַאכֶע מֶענְטְשְׁן, מִיט לִיכְטִיגֶע גֶעזיכְטֶער, וֶועלְכֶע שַׁיינֶען פון פְרֵייד און צופְרִידְנְהַייט. עֶר זִיצְט פַארְטְרַאכְט אִין זַיין בִּיטֶערֶע לַאגֶע און בֶּעט בַּיי הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ עֶר זָאל אִיהם הֶעלְפְן אִין זְכוּת פון גְרויסְן תַּנָא.

פְלוּצְלוּנְג דֶערְנֶענְטֶערְט זיך צו אִיהם אַ מֶענְטְשׁ, און פְרֶעגְט אִיהם לִיבְּלִיךְ:

— פַארְוָואס זִיצְטוּ אַזוי פַארְטְרויעֶרְט אויף דֶער עֶרְד?

רַבִּי גְדַלְיָה הָאט אויסְגֶעבְּרָאכְן אִין אַ שְׁרֶעקְלִיכְן גֶעוֵויין וֶועלְכֶע הָאט אַרויסְגֶעבְּרֵיינְגְט זַיינֶע פְרִיעֶרְדִיגֶע שְׁטִיקְנֶדֶע טְרֶערְן.

— וִוי אַזוי דֶען קֶען אִיךְ אַנְדֶערְשׁ זַיין? — הָאט עֶר פַארְבִּיטֶערְט אויסְגֶעשְׁרִיגְן — יָא! אַלֶע זַיינֶען פְרֵיילַאךְ און לוּסְטִיג, זִינְגֶען מִיט צופְרִידֶענֶע הֶערְצֶער, אָבֶּער אִיךְ... בִּין אַזוי טְרויעֶרִיג, זִיץ אויף דֶער עֶרְד אָן קֵיין מַאכְט, מַיין פוּס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ פַארְוואוּנְדֶעט און צוּוֵוייטָאגְט, די דָאקְטוירִים ווילְן דָאס אַרָאפְּשְׁנַיידְן, די אָדֶערְן אַרְבֶּעטְן נִישְׁט...

אוֹי, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דֶערְבַּארֶעם זִיךְ! — הָאט רַבִּי גְדַלְיָה אַרוֹיסְגֶערֶעדְט אוּן מֶער נִישְׁט גֶעקֶענְט פָּארְזֶעצְן, וַוייל עֶר אִיז זִיךְ פֶערְגַאנְגֶען אִין אַ קְוַואל פוּן טְרֶערְן...

— קוּם, הוֹיבּ זִיךְ אוֹיף! — הָאט ווִידֶער דֶער מֶענְטְש רוּהִיג גֶעזָאגְט צוּם קְרַאנְקְן — קוּם טַאנְץ אִין רָאד!

— אִיךְ קֶען נִישְׁט! — הָאט רַבִּי גְדַלְיָה בִּיטֶער גֶעשְׁרִיגְן — דֶער פוּס הוֹיבְּט זִיךְ נִישְׁט...

— קוּם, פְּרוּבִּיר! — הָאט דֶער מֶענְטְש נִישְׁט נָאכְגֶעלָאזְן — אוּן אַזוֹי רֶעדְנְדִיג הָאט עֶר גֶענוּמֶען צִיהֶען רַבִּי גְדַלְיָה'ן בַּיי דֶער הַאנְד בִּיז עֶר הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן פוּן דֶער עֶרְד.

— קוּם אַרַיין אִין רָאד, קוּם טַאנְצְן!!! — הָאט דֶער מֶענְטְש גֶענוּמֶען רַבִּי גְדַלְיָה'ן אוּן גֶעשְׁלֶעפְּט אִיהם אִין פַארְפְלָאכְטֶענֶעם מֶענְטְשְׁן־רָאד וֶועלְכֶע הָאבְּן פְרֵיילַאךְ אוּן הַארְצִיג גֶעטַאנְצְט... אוּן אִין דִי זֶעלְבֶּע מִינוּט, אַזוֹי ווִי דֶער מֶענְטְש הָאט רַבִּי גְדַלְיָה'ן צוּם רָאד צוּגֶעצוֹיגְן, הָאט דֶער קְרַאנְקֶער פְּלוּצְלוּנְג דֶערְשְׁפִּירְט ווִי

עֶפֶּעס פּאנגט אָן צו אַרבֶּעטְן אין זַיין קְרַאנְקְן בַּאוֶועגְלַאזְן פוס. פון מִינוט צו מִינוט הָאט עֶר געפִיהלְט ווי די אָדֶערְן צוּצִיהֶען זיךְ, די בֵּיינֶער בַּאהֶעפְטְן זיךְ, בְּלוּט נֶעמְט שְׁטְרָאמֶען אין די טוֹיטֶע אָדֶערְן, און פון סֶעקונְדֶע צו סֶעקוּנְדֶע וֶוערְט די פוס לַייכְטֶער, נִישְׁט מֶער דֶער זֶעלְבֶּער מַשָׂא צוּם טְרָאגְן, בִּיז דַאן וֶוען עֶר איז אין רָאד אַריין, הָאבְּן די וֶוייטָאגְן גֶענְצְלִיךְ פַארְשְׁוואוּנְדְן, און עֶר הָאט מִיט זַיינֶע פִיס — אָן קֵיינֶע שְׁטֶעקֶענֶעס — גֶעטַאנְצְט כְּאַחַד הָאָדָם וֶוען פְרֵיילַאכֶע אִיבֶּערְרַאשֶׁענְדֶע שְׁטִימֶעס טְרָאגְן זיךְ פון אִיהם אַרוֹיס: בַּר יוֹחַאי נִמְשַׁחְתָּ אַשְׁרֶיךָ...

מִיט טְרֶערְן פון פְרֵייד הָאט רַבִּי גְדַלְיָה די מַעֲשֶׂה דֶערְצֵיילְט, וֶוען אִיבֶּערְרַאשוּנְגְס גֶעפִילְן נֶעמֶען אִיהם אַרוּם דֶערְמַאנֶענְדִיג זיךְ די דָאזִיגֶע וואוּנְדֶערְלִיכֶע מָאמֶענְטְן. אַ גֶעזֶעמְל מִיט מֶענְטְשְׁן הָאט עֶס דַאן גֶעשַׁאפְט, וֶועלְכֶע הָאבְּן עֶרְנְסְט אוֹיסְגֶעהֶערְט דֶעם פַאקְט פון זַיין אֵייגְן מוֹיל. פוּל מִיט בֶּעגַייסְטֶערוּנְג, לִיגְנְדִיג אין אַ טַייךְ שְׁוֵוייס, הָאט רַבִּי גְדַלְיָה פַארְעֶנְדִיגְט:

— וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ זָאגְן, טַייעֶרֶע אִידְן?

גֶעוִויס אִיז דֶער מֶענְטְש נִישְׁט גֶעוֶוען אַנְדֶערְש וִוי דֶער תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אַלֵיין!

אוֹיף צוּרִיק וֶועגְס אִיז עֶר גֶעפָארְן וִוי אַלֶע אַנְדֶערֶע גֶעוֵויינְלִיכֶע מֶענְטְשְׁן. עֶר הָאט אוֹיף זִיךְ אַלֵיין גֶעקוּקְט, אוּן זִיךְ גָארְנִישְׁט גֶעקֶענְט גְלוֹיבְּן צוּ דֶעם פַּאקְט. עֶס אִיז קֵיין זַאךְ נִישְׁט דֶערקֶענְט גֶעוָוארְן אוֹיף אִיהם פוּן דִי פְרִיעֶרְדִיגֶע קְרֵיינְק!

— צוּרִיק־קוּמֶענְדִיג אַ גֶענְצְלִיךְ גֶעזוּנְטֶער אִין יְרוּשָׁלַיִם, פְרֵיילַאךְ אוּן צוּפְרִידְן מִיט אַ לִיכְטִיגְן גֶעזִיכְט, — דֶערְצֵיילְט וַוייטֶער רַבִּי גְדַלְיָה — הָאבּ אִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט מַיינֶע טְרִיט (בּ"ה מִיט גֶעזוּנְטֶע פִּיס...) נָאךְ דֶעם "שַׁעֲרֵי צֶדֶק" שְׁפִּיטָאל. דָארְט הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט אַז וִוי נָאר עֶס אִיז בַּאוואוּסְט גֶעוָוארְן דָאס אִיךְ בִּין פוּן זֵיי אַנְטְלָאפְן, זַיינֶען זֵיי גֶעוָוארְן זֵייעֶר בַּאזָארְגְט אוּן מִיר גֶענוּמֶען אָפְּזוּכְן, אָבֶּער אִיךְ בִּין שׁוֹין דַאן נִישְׁט גֶעוֶוען... אַזוֹי וִוי עֶס וָואלְט גֶעוֶוען תְּחִיַּת הַמֵּתִים, זַיינֶען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעלָאפְן אַלֶע דָאקְטוֹירִים אוּן מִיט וואוּנְדֶער אוֹיף מִיר גֶעבְּלִיקְט אוֹיבּ זֵיי הָאבְּן גָארְנִישְׁט קֵיין טָעוּת... זֵיי הָאבְּן גֶעזוּכְט אִין דִי רֶענְטְגֶען פָּאטָאגְרַאפְיֶעס, בֶּעטְרַאכְט מַיין פוּס, אוּן

זיך גאַרנישט געקענט אָפּוואונדערן פון דעם גרויסן הימלישן נס וואס עס האט מיט מיר פּאַסירט.

— און אַז דער באַשעפער האט מיר געהאָלפן — זעצט פאָר פייערליך רבי גדליה — האט ער מיר געשײנקט נאך גוטס ווי זיין הייליג ווילן. באַלד דערנאך האב איך באַקומען אַ גוטן פּאַסיגן שידוך, און הקדוש ברוך הוא האט מיר געבענטשט מיט טײערע אידישע קינדער, גליק און הצלחה האט מיר אויפגעשײנט אין מיין ביז־אַהער טונקעלען לעבן...

## שמחת תורה פון זוהר

דער רבי רבי ברוך'ל פון מעזשיבוזש זצ"ל פלעגט זיך פיהרן יעדעס יאהר אין ל"ג בעומר, צו מאכן אַ סיום פון הייליגן "זוהר", און בשעת דעם סיום האט ער גענומען דעם ספר־הזוהר אין דער האנט און געטאנצט מיט איהם עטליכע שעות נאכאנאנד מיט אַ געוואלדיגע התלהבות און דבקות, אין דער בחינה פון "שמחת תורה".

# אַ בַּאגֶעגֶענִישׁ בַּיי דֶער מְעָרָה

עֶס אִיז שׁוֹין אַ מַעֲשֶׂה פוּן יָאהרֶן צוּרִיק. עֶס הָאבְּן אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ קוּמֶען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל קִינְדֶער גֶערַאטֶעוועטֶע פוּן נַאצִישְׁן גֵיהִנוֹם. זֵיי זַיינֶען אַרוֹיס פוּן פִיזִישְׁן גֶעפַאר אָבֶּער לַיידֶער אַריין אִין אַ גַייסְטִיגְן אוּנְטֶערגַאנְג בַּיי דִי לִינְקֶע קִיבּוּצִים וֶועלְכֶע הָאבְּן גֶעפַאנְגֶען בְּרוּטַאל דִי אָרִימֶע צוּבְּרָאכֶענֶע יְתוֹמִים׳לַאךְ אוּן זֵיי פַארְשְׁקְלַאפְט צוּ זֵייעֶר סוֹצִיאַלִיסְטִישֶׁע עֲבוֹדָה־זָרָה, אוֹיסְרַייסְנְדִיג פוּן זֵיי יֶעדְן אִידִישְׁן אָדֶער. אוּן דָא רֶעדְט זִיךְ וֶועגְן קִינְדֶער וָואס הָאבְּן גֶעשְׁטַאמְט פוּן שֵׁיינֶע יִחוּס׳דִיגֶע הֵיימֶען, פוּן רַבָּנִישְׁן אוּן רֶבִּישְׁן אָפְּשְׁטַאם. יֶעדֶעס קִינְד בֶּעזוּנְדֶער הָאט גֶעזָאלְט דִינֶען אַלְס אָנְדֵיינְק־לִיכְטְל צוּ גְרוֹיסֶע פַארְצְוַוייגְטֶע חֲשׁוּבֶע פַאמִילְיֶעס וֶועלְכֶע הָאבְּן גֶעטְרָאגְן שְׁטָאלְץ זֵייעֶר אָפְּשְׁטַאם אוּן זַיינֶען אוּמְגֶעקוּמֶען אִין דִי גְרוֹיסֶע קַאטַאסְטְרָאפֶע. דִי

אַכְזָרִישֶׁע עֶרְצִיהֶער פון דִי "סוֹכְנוּת" הָאבְּן פַּארְלָאשְׁן דִי לִיכְטְלַאךְ און זֵיי אַײנְגֶעזוּנְקֶען, אִין זֵייעֶר סַאמֶע צוּבְּרָאכֶענֶע יוּגְנְד, אִין אָפְּגְרוּנְד פון פְּרֶעמְדְקַייט.

אִין יֶענֶע צַייט אִיז אֲפִילוּ פָּארְגֶעקוּמֶען אַ גְרוֹיסֶער קַאמְפְּף אוֹיף יֶעדְן קִינְד, אָבֶער דִי סִטְרָא אַחֲרָא הָאט גֶעזִיגְט און בְּלוֹיז אֵיינְצֶעלֶע זַאנְגֶען הָאבְּן גֶעהַאט דִי זְכִיָּה צוּרִיק אַײנְגֶעזֵייט צוּ וֶוערְן אִין דִי אִידִישֶׁע פֶּעלְדֶער.

אָט דִי יֶענִיגֶע וָואס דִי הוֹיכְקַייט פון מָארַאל און מֶענְטְשְׁהַייט רִינְט פון זֵייעֶרֶע מַײלֶער אִין יֶעדְן גֶעלֶעגְנְהַייט — ווִי בְּרוּטַאל זַיינֶען זֵיי זִיךְ בַּאגַאנְגֶען מִיט דִי אָרִימֶע קִינְדֶערְלַאךְ וָואס דִי מוֹרָא׳דִיקַייט פון יֶענֶעם גֵיהִנוֹם הָאט נָאךְ אַרוֹיסְגֶעשְׁטַארְצְט פון זֵייעֶרֶע אוֹיגְן, און אָט דִי קִינְדֶער הָאבְּן דִי לִינְקֶע קִיבּוּצְנִיקֶעס, דִי אַזוֹי־גֶערוּפֶענֶע טְרֶעגֶער פון גֶערֶעכְטִיגְקַייט־פָּאן, אַזוֹי צוּטְרָאטְן זֵייעֶרֶע הֵיילִיגְסְטֶע גֶעפִיהלְן און זֵיי עֶרְצוֹיגְן צוּ אַ הֶפְקֶר־לֶעבְּן. עֶס כַאפְּט אָן אַ שׂוֹידֶער וֶוען מֶען דֶערְמַאנְט זִיךְ יֶענֶע טְרַאגִישֶׁע תְּקוּפָה.

*

צְווִישְׁן דִי אִיבְּרִיגֶע הָאט זִיךְ דָאן גֶעפוּנֶען אַ אִינְגֶל פוּן אַרוּם צְוֶועלְף יָאהר מִיטְן נָאמֶען "בֶּערִיש שְׁפִּינֶוָואל", אַ קִינְד פוּן אַ חֲסִידִיש־נְגִידִישׁ שְׁטוּבּ פוּן גַאלִיצְיֶע. בַּאקַאנְטֶע הָאבְּן אִיהם דֶערְקֶענְט אוּן גֶעטְהוּן אַלֶע אָנְשְׁטְרֵיינְגוּנְגֶען אִיהם אַרוֹיסְצוּשְׁלֶעפְּן פוּן דִי לִינְקֶע נֶעגְל. עֶס הָאט לֵיידֶער נִישְׁט גֶעלוּנְגֶען אוּן עֶר אִיז, וְוי דִי אַנְדֶערֶע, פַארְפַאלְן גֶעוָוארְן אִין גְרוֹיסְן וַואלְד פוּן אִידִישְׁן אוּנְטֶערְגַאנְג.

אִין דִי עֶרְשְׁטֶע טֶעג פוּן זַיין אַרַיינְגֶענוּמֶען וֶוערְן אִין קִיבּוּץ, הָאט אִיהם דֶער עֶרְצִיהֶער פָארְגֶעלֵייגְט עֶר זָאל זִיךְ "הֶעבְּרֶעאִיזִירְן" זַיין גַאלִיצִישְׁן־חֲסִידִישְׁן נָאמֶען "בֶּערִיש שְׁפִּינֶוָואל" אוֹיף "דוֹב צִמְרִי". דֶער אִינְגְל וָואס דִי קַאטַאסְטְרָאפֶע הָאט אִיהם רֵייף גֶעמַאכְט אוּן פַארְשְׁטַאנְדִיג, הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— מַיין טַאטֶע אִיז גֶעשְׁטָארְבְּן אִין סִיבִּיר, אוּן זַיינֶע לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער זַיינֶען גֶעוֶוען צוּ מִיר: "בֶּערִישְׁל טַייעֶרֶער, זָאלְסְט מִיר גֶעדֵיינְקֶען" — ווייל אִיךְ וַוייטֶער טְרָאגְן דֶעם נָאמֶען וָואס מַיינֶע עֶלְטֶערְן דִי קְדוֹשִׁים הָאבְּן מִיר גֶעגֶעבְּן אוּן הִיטְן

אויפן אָנדײנק פון די פאַמיליע וואָס קײנער אויסער איך איז נישט געבליבן פון זײ...

אין קיבוץ האָט מען געלאָזט בעריש׳לען זיך האַלטן מיט זײַן נאָמען, אָבער עס האָט זײ געלונגען אויסצולײדיקן דעם נאָמען פון יעדן אידישן אינהאַלט, צום טיפן באַדויערונג פון די באַקאַנטע, וואָס האָבן געזעהן ווי די לעצטע רינגאַלאַך פון די שײנע פאַמיליע־קײט ״שפּינוואָל״ איז אויך פאַרלאָרן געוואָרן — —

*

אין די שטילקײט פון ל״ג־בעומר־נאַכט קוקט עס אויס ווי די הויכע גליל־בערג וואָס אַרום דעם קבר פון הײליגן תּנא רבי שמעון בר יוחאי, זײַנען אײַנגעהילט אין זײער סודות׳פוהלן שלײער וואָס היט אויפן סוד פון יאָהר־יעהרליכן אויפוואַכונג וואָס דאָ קומט פאָר יעדן ל״ג בעומר אין דאָרף מירון אין די הילולא דרשב״י. טויזנטער ירושלימער אידן און פון אַנדערע שטעט שטראָמען דאָ און פיהלן אָן די מערות, די שוהלן

און די חֲצֵרִים. דָא הֶערְט זִיךְ הֵייזֶעריגֶע־אויסְשְׁרַייעֶנְדִיגֶע גֶעזַאנְגֶען ״וַאֲמַרְתֶּם כֹּה לֶחָי — אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי״, וָואס הִילְכְט אָפּ אִין דִי שְׁוַוארְץ אַיינְגֶעווִיקְלְטֶע בֶּערְג וָואס עֶנְטְפֶערְן מִיט זֵייעֶר ווִידֶער־קוֹל. אִינֶווֵיינִיג שְׁטוּפְּט מֶען זִיךְ נֶעבְּן דִי קְבָרִים פוּן רַשְׁבִּ״י און זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר, וואו מֶען גִיסְט אוֹיס דִי הַארְץ מִיט קַאפִּיטְלַאךְ תְּהִילִים און פַארְשִׁידֶענֶע תְּפִלּוֹת, יֶעדֶער לוֹיט זַיין לַאגֶע און בַּאגְרִיף. דָא שְׁפְּרֵייט מֶען אוֹיס דִי פֶּעקְלַאךְ צָרוֹת און מֶען בֶּעט בַּיי הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ עֶר זָאל שׁוֹין רַחְמָנוּת הָאבְּן און הֶעלְפְן אִין זְכוּת פוּן דִי הֵיילִיגֶע תַּנָּאִים.

אִין דְרוֹיסְן ווִידֶער אִיז שׁוֹין אַ גַאנְץ אַנְדֶער אַטְמָאסְפֶער. דָא קוּמֶען זִיךְ צוּזַאמֶען דִי יִשׁוּבִים און קִיבּוּצִים, וָואס דִי מֶערְהַייט פוּן זֵיי הָאבְּן אֲפִילוּ נִישְׁט קֵיין אַהנוּנְג וָואס בַּאדַייטֶעט דֶער טָאג לַ״ג בָּעוֹמֶר און דִי הִילוּלָא דְרַשְׁבִּ״י. זֵיי קוּמֶען דָא אַ ״שְׁפַּאצִיר״ מַאכְן און בַּאטְרַאכְטְן דִי ״הִיסְטָארִישֶׁע״ עֶרְטֶער. נִישְׁט אֵיינְמָאל קוּמֶען פָּאר רַייבּוּנְגֶען צְווִישְׁן דִי רֶעלִיגְיֶעזֶע און אוּנְרֶעלִיגְיֶעזֶע וָואס ווִילְן זִיךְ דַוְקָא אַריינְשְׁטוּפְּן אִינֶווֵיינִיג טְרָאגְן זֵייעֶר אוּנְבַּאשֵׁיידְנְהַייט. אָבֶער אִין אַלְגֶעמֵיין וֶוערְט

גֶעהיט אויף די גרֶענִיצְן: אִינֶוויינִיג צו תְּפִלָה, זִינְגֶערַיי און טַאנְצֶערַיי און בַּאזוּנְדֶער די "חַאלַאקֶעס" וֶוען מֶען מַאכְט פֵּיאוֹת פַּאר די דְרַיי־יֶעהרִיגֶע אִינְגַאלַאךְ און דֶער עוֹלָם ווינְטְשְׁט אָן די עֶלְטֶערְן זיי זָאלְן דֶערְלֶעבְן אַ אִידִישְׁן נַחַת פון די קִינְדֶערְלַאךְ און די פֵּיאוֹת זָאלְן זיי טְרָאגְן דֶעם גַאנְצְן לֶעבְן. ווידֶער אִינְדְרוֹיסְן זַיינֶען צוּשְׁפְּרֵייט אויף די בֶּערְג די קִיבּוּצְנִיקֶעס אויף לֵיידִיג־גֵייעֶרַיי און זוֹיפֶּערַיי...

פון מָאל צו מָאל הֶערְט זיך אִין דֶעם גְרוֹיסְן טוּמְל וָואס פון בֵּיידֶע זַייטְן, ווי מֶען רוּפְט אוֹיס אַ נָאמֶען פון אַ קִינְד וָואס איז פַארְבְּלָאנְדְזְשֶׁעט גֶעוָוארְן צְווישְׁן די מַאסְן און עֶר זוּכְט וֵויינֶענְדִיג די עֶלְטֶערְן און זיי זוּכְן אִיהם. און דָא הֶערְט זיך ווידֶער אַ שְׁטַארְקֶע שְׁטִימֶע: וֶוער הָאט גֶעזֶעהן אַ קִינְד וָואס וֶוערְט גֶעזוּכְט דוּרְךְ די פַאמִילְיֶע "שְׁפִּינָוָואל" — — —

און דָא רַייסְט זיך אַרוֹיס אַ איד מִיט אַ בָּארְד און פֵּיאוֹת און אַ לַאנְגֶע חַסִידִישֶׁע בֶּעקִישֶׁע, פון חָצֵר בַּיים צִיוּן הָרַשְׁבּ"י, און נֶעמְט זיך שְׁטוּפְּן אִין דְרוֹיסְן.

— וָואס לויפְט אִיהר אַזוֹי? וֶועמֶען זוּכְט אִיהר? — פְרֶעגְן אִיהם בַּאקַאנְטֶע — אִיהר זֶענְט דָאךְ גֶעקוּמֶען אַלֵיין!

— אִיךְ זוּךְ נִישְׁט קֵיינֶעם — הָאט עֶר גֶעגֶעבְּן דַיין אַנְטְוָוארְט — אָבֶער אִיךְ הֶער אַ נָאמֶען וָואס מַאכְט מִיר נַייגֶעריג...

*

אַ טָעוּת הָאט גֶעמַאכְט בֶּערִישׁ שְׁפִּינְוָואל מִיט פִינְף אוּן צְוַואנְצִיג יָאהר צוּרִיק, וֶוען עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז זַיין גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע אִיז אוּמְגֶעקוּמֶען. גֶעבְּלִיבְּן אִיז אוֹיךְ שִׁמְעוֹן־יָאסְל שְׁפִּינְוָואל, דֶער עֶלְטֶערֶער בְּרוּדֶער וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעראַטֶעוֶועט פוּן פַייעֶר אוֹיף וואוּנְדֶערְלִיכֶע הַשְׁגָחָה־פְּרָטִית'דִיגֶע וֶועגְן. גֶעפָארְן אִיז עֶר קֵיין דָרוֹם אַמֶעריקֶע וואוּ עֶר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַ שְׁטוּבּ, אוּן דָא לֶעצְטְנְס אִיז עֶר גֶעקוּמֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּן זִיךְ בַּאזֶעצְט. אוֹיךְ שִׁמְעוֹן־יָאסְל הָאט גֶעלֶעבְּט מִיטְן טָעוּת אַז עֶר אִיז דֶער אֵיינְצִיגֶער פַארְבְּלִיבְּן פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה "שְׁפִּינְוָואל". דֶערִיבֶּער וֶוען עֶר הָאט גֶעהֶערְט אוֹיסְרוּפְן אַזַא

פַאמִילְיֶע־נָאמֶען — הָאט עֶס אִיהם גֶעגֶעבְּן אַ טְרֵייסְל אִין הַארְץ, אוּן עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעלָאפְן זֶעהן וֶוער עֶס רוּפְט זִיךְ אָן...

עֶס אִיז נִישְׁט צוּ שִׁילְדֶערְן דִי סְצֶענֶע וָואס דָא הָאט זִיךְ אָפְּגֶעשְׁפִּילְט וֶוען דִי צְוֵויי בְּרִידֶער הָאבְּן זִיךְ גֶעטְרָאפְן אוּנְגֶערִיכְט. שִׁמְעוֹן־יָאסְל אִיז אֲפִילוּ גֶעוֶוען צוּבְּרָאכְן צוּקוּקְנְדִיג ווִי "בֶּערִישְ'ל" דֶער מוּזְשִׁינִיק אוּן לִיבְּלִינְג פוּן טַאטְן, גֵייט אִין בְּלוֹיזְן קָאפּ הַאלְטְנְדִיג זַיין קְלֵיין בְּלוֹיז־קֶעפִּיגְן אִינְגְל וָואס אִיז אִיהם אָפְּגֶעגֶעבְּן גֶעוָוארְן. אָבֶּער גֶענוּג קְלוּג אִיז גֶעוֶוען שִׁמְעוֹן־יָאסְל נִישְׁט צוּ רֶעדְן מָאמֶענְטַאל דֶערְפוּן, לָאזְנְדִיג בֶּערִישְׁלֶען אַיינְזַאפְּן פְּרִיעֶר אִין זִיךְ דִי בְּרוֹיזְנְדֶע בְּרִידֶערְלִיכְקַייט־גֶעפִּיהלְן.

בֵּיידֶע הָאבְּן זִיךְ אַרוֹיסְגֶערִיסְן פוּן דִי מַאסְן אוּן זִיךְ אַוֶועקְגֶעזֶעצְט אוֹיף אַ דֶערְבַּייאִיגְן שְׁטֵיין, וֶוען בֶּערִישׁ כַאפְּט אוּן לֵייגְט אַרוֹיף אַ טִיכַאלֶע אוֹיף זַיין קָאפּ...

זֵיי הָאבְּן נִישְׁט בַּאמֶערְקְט ווִי דִי שָׁעוֹת פְלִיהֶען אוּן דִי זוּן רוּקְט זִיךְ. זֵיי זַיינֶען גֶעזֶעסְן

שָׁעוֹת און גֶערֶעדְט און דֶערְצֵיילְט מִיטְן הֶעכְסְטְן גֶערִירְטְקַייט וָואס אוֹיף זֵיי אִיז אַרִיבֶּער און ווִי זֵיי הָאבְּן זִיךְ אַרוֹיסְגֶעדְרֵייט פוּן נַאצִישְׁן גֵיהִנוֹם. וֶוען בֶּערִישׁ הָאט בַּאמֶערְקְט ווִי דֶער בְּרוּדֶער בַּאטְרַאכְט אַזוֹי אוּנְאַנְגֶענֶעם זַיין קָאפּ־טִיכַאלֶע, הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶערוּפְן:

— מֵיין נִישְׁט אַז אִיךְ בִּין אִינְגַאנְצְן אַנְטְלָאפְן פוּן טַאטְנְס לֶעבְּנְס וֶועג. אִיךְ בִּין אַ "טְרַאדִיצְיָאנַאלֶער" און הִיט גַאנְץ שְׁטְרֵיינְג אוֹיף דִי אִידִישֶׁע "הוֹיפְּט פְּרִינְצִיפְּן". אִין קִיבּוּץ הָאט מֶען מִיר טַאקֶע אַרָאפְּגֶעפִירְט פוּן וֶועג אָבֶּער נָאךְ מַיין חֲתוּנָה מִיט אַ שְׁטָאטִישֶׁע מֵיידְל פוּן אַ רֶעלִיגְיֶעזֶע שְׁטוּבּ, בִּין אִיךְ אַנְדֶערְשׁ גֶעוָוארְן.

שִׁמְעוֹן־יָאסְל מַאכְט זִיךְ נִישְׁט הֶערְנְדִיג און לָאזְט פְלֵייצְן דָאס קְוֶועלֶע פוּן דִי אִיבֶּערְלֶעבֶּענִישְׁן־עֶרְצֵיילוּנְגֶען. וֶוען בֶּערִישׁ כַאפְּט אַ בְּלִיק אוֹיפְן זֵייגֶער הָאט עֶר זִיךְ גֶעכַאפְּט אַז עֶר הָאט שׁוֹין פַארְשְׁפֶּעטִיגְט און אָנְגֶעוואוֹירְן זַיין אָרְט אִין דֶעם אוֹיטָאבּוּס וָואס אִיז גֶעפָארְן מִיט אַ בַּאשְׁטִימְטֶע גְרוּפֶּע. הָאט אִיהם דֶער בְּרוּדֶער גֶעזָאגְט:

— עס מַאכְט נִישְׁט אוֹיס, אִיךְ הָאבּ אַ מַאשִׁין און אִיךְ װעל דִיר צוּפִיהרְן וואו דו װאוֹינְסְט. מִיר וואוֹינֶען דָאךְ נִישְׁט וַוייט אֵיינֶער פון אַנְדֶערְן.

אִין דִי נַאכְט־שָׁעוֹת, מַאכְן דִי צְוֵויי יֶעצְט־גֶעפוּנֶענֶע בְּרִידֶער שְׁפִּינָוואל זֵייעֶר נְסִיעָה פון מֵירוֹן בִּיז קֵיין רָמַת־גַן. נֶעבְּן זַיין שְׁטוּבּ אִיז בֶּערִישׁ אַרָאפּ מִיט זַיין אִינְגְל און שִׁמְעוֹן יָאסְל הָאט זִיךְ גֶעקֶערְט צוּם זַייט פון בְּנֵי־בְּרַק. בַּיים שֵׁיידְן זִיךְ הָאט שִׁמְעוֹן־יָאסְל אִיהם גֶעזָאגְט:

— אִיךְ הָאף צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטְן אַז מִיר װֶעלְן וַוייטֶער שְׁפִּינֶען דִי וָואל פון דִי טְרַאדִיצְיֶע פון אוּנְזֶער שֵׁיינֶע פַאמִילְיֶע...

בֶּערִישׁ הָאט גֶעטְהוּן אַ הֶערְצְלִיכְן שְׁמֵייכְל און אִיז אַרַיין אִין שְׁטוּבּ בַּיי זִיךְ.

זֵיי הָאבְּן זִיךְ צוּשֵׁיידְט יֶעדֶער צוּ זַיין שְׁטוּבּ. אָבֶּער בֶּערִישׁ אִיז שוֹין דִי נַאכְט נִישְׁט גֶעשְׁלָאפְן. עֶר אִיז גֶעוֶוען אוֹיסֶער זִיךְ פון גֶערִיהרְטְקַייט און לִיבְּשַׁאפְט־גֶעפִיהלְן צוּ זַיין עֶלְטֶערְן בְּרוּדֶער וָואס זַיין אֵיידְלְקַייט און קְלוּגְשַׁאפְט לִיגְט אִיהם אוֹיפְן פָּנִים. אוֹיף מָארְגְן אִיז בֶּערִישׁ גֶעקוּמֶען צוּ זַיין

בְּרוּדֶער אִין בְּנֵי בְּרַק מִיטְגֶעמֶענְדִיג מִיט זִיךְ זַיין פְרוֹי און קִינְדֶער, אַלֶע צוּגֶעדֶעקְטֶע און בַּאשֵׁיידְן. אַ טִיף־פְרַיינְדְלִיכֶער גֶעשְׁפְּרֶעךְ הָאט זִיךְ צְווִישְׁן אַלֶעמֶען עֶנְטְווִיקֶלְט. בַּיים עֶנְדֶע הָאט בֶּערִישׁ עֶרְקְלֶערְט אִין זַיין נָאמֶען און אִין נָאמֶען פוּן זַיין פְרוֹי אַז עֶר נֶעמְט דֶעם בְּרוּדֶער און שְׁוָואגֶער פַאר אַ רֶבִּין, אַ וֶועג־ווַייזֶער צוּ לֶערְנֶען זֵיי דֶעם אִידִישְׁן וֶועג — — —

*

בֶּערִישׁ, וֶוען עֶר פְלֶעגְט דֶערְצֵיילְן דִי פַּאסִירוּנְג, הָאט צוּגֶעלֵייגְט:

— אִיךְ הָאבּ פַארְלוֹירְן אִין מֵירוֹן מַיין קִינְד, גֶעפוּנֶען הָאבּ אִיךְ דָארְטְן דְרַיי: מַיין קִינְד, מַיין בְּרוּדֶער און זִיךְ זֶעלְבְּסְט...

און דָאס אַ דַאנְק וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהִיט אוֹיפְן נָאמֶען פוּן פַאמִילְיֶע פוּן מַיינֶע הֵיילִיגֶע עֶלְטֶערְן זִכְרוֹנָם לִבְרָכָה, און אִין זְכוּת פוּן דֶעם הֵיילִיגְן תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי זיע"א.

# אַ תְּהִילִים פוּן מֵירוֹן

מַר. בֶּעקֶער איז גֶעזֶעסְן אין פְרָאנְט פוּן צִימֶער פוּן זַיין הויז אין דֶעטְרוֹיט, אָנְגֶעשְׁפַּארְט טִיף אין זַיין פָּאטֶעל. זַיינֶע פִּיס זַיינֶען הַאלְבּ נָאכְגֶעהָאנְגֶען אויף דֶער לוּפְט, און הָאבְּן זִיךְ נֶערְוִויש גֶעשָׁאקְלְט. זַיין וַוייסְלַאכֶע הַאלְבּ אוֹיסְגֶעקְרָאכֶענֶע קָאפּ, איז גֶעוֶוען פַארְוָוארְפְן עֶטְוָואס זַייטִיג אוֹיפְן אָנְשְׁפַּארֶער פוּן פָּאטֶעל, און דִי אוֹיגְן זַיינֶען גֶעוֶוען פַארְמַאכְט.

אִידַא, דִי פְרוֹי זַיינֶע, איז אַרַיין אִין צִימֶער מִיט אַ גְלָאז טֵיי אִין הַאנְד. זִי אִיז גֶעבְּלִיבְּן אַ וַוייְלֶע שְׁטֵיין בַּיים טְהִיר, און הָאט, מִיט אַ פַארְוָואלְקֶענְדְן בְּלִיק, בַּאטְרַאכְט אִיהר מַאן. עֶנְדְלִיךְ איז זִי צוּגֶעגַאנְגֶען נֶענְטֶער און אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט דִי גְלָאז טֵיי אויף דֶעם נִידְרִיגְן טִישְׁל נֶעבְּן פָּאטֶעל.

— זְשָׁאוּ! — הָאט זִי מִיט אַ גֶעבְּרָאכְן שְׁטִימֶע זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ אִיהר מַאן — וָואס אִיז גֶעשֶׁעהן? פַארְוָואס בִּיסְטוּ אַזוֹי פַארְזָארְגְט? זָאג מִיר דֶעם אֱמֶת!

עֶר הָאט זִיךְ אַ טְשׁוּכֶע גֶעטְהוּן אוּן זִיךְ אַוֶועקְגֶעזֶעצְט גְלַייךְ.

— אִיךְ וֵויים? — הָאט עֶר אַ זָאג גֶעטְהוּן, אוֹיסְגְלַייכְנְדִיג דִי בֵּיינֶער — אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַבִּיסְל צוּוֶוערְטְלְט מִיט אוּנְזֶער בֶּעסִי'ן.

— בֶּעסִי אִיז דָא הִי?! — הָאט זִי עֶנְטְצִיקְט אוֹיסְגֶערוּפְן — אַוואוּ אִיז זִי?

— זִי שְׁלֶעפְּט זִיךְ אַרוּם עֶרְגֶעץ וואוּ מִיט אִיהר גוֹי! — הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוּן טִיף אָפְּגֶעזִיפְצְט.

— שׁוֹין, נַא דִיר מִיט אַ גוֹי — הָאט זִי גֶעזָאגְט אִירָאנִישׁ — בַּיי דִיר זַיינֶען דָאךְ אַלֶע גוֹיִם.

— דוּ בִּיזְט דָאס דֶער גְרוֹיסֶער צַדִיק?! —

הָאט זי פָארגֶעזֶעצְט מִיט פָארְוואוּרְף — וואו שְׁטֶעקְט דַיין אִידִישְׁקַייט? אֶפְשֶׁר וָואס דוּ הַאלְטְסְט אָפְן דַיין גֶעשֶׁעפְט אוּם שַׁבָּת?

מַר. בֶּעקֶער הָאט זִיךְ שְׁנֶעל אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט וְוִי אַ אָפְּגֶעבְּרִיטֶער אוּן הָאט מִיט אַ הִיסְטֶערִישׁ קוֹל אוֹיסְגֶעשְׁרִיגְן:

— יֶענְטֶע! דַיין בַּאשְׁקֶע גֵייט חֲתוּנָה הָאבְּן מִיט אַ קְרִיסְט!

עֶר הָאט זִיךְ הַאסְטִיג צוּרִיק אַוֶועק גֶעזֶעצְט אוּן מָאמֶענְטַאל זִיךְ ווידֶער אַ הוֹיבּ גֶעטְהוּן אוּן גֶעשְׁרִיגְן:

— יָא! יֶענְטֶע פוּן שְׁנִידֶעוֶוע, יֶענְטֶע רַבִּי שְׁמֶעלְקֶעס טָאכְטֶער, דַיין אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶערְל גֵייט וֶוערְן אַ קְרִיסְטְן.

אִידַא הָאט זִיךְ אַוֶועקְגֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם צְוֵוייטְן פָאטֶעל. דַאן הָאט זִי קַאלְטְבְּלוּטִיג אַ זָאג גֶעטְהוּן:

— אַז מֶען הָאט חֲתוּנָה מִיט אַ קְרִיסְט וֶוערְט

מֶען נָאךְ נִישְׁט קֵיין קְרִיסְטְן.

— וָואס? עֶס פֶעלְט נָאךְ דִי בִּיסְל שְׁמֵיילִיגֶע וַואסֶער פוּן גַלַח?! — הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוּן זִיךְ צוּרִיק אַוֶועקְגֶעזֶעצְט.

— אָבֶער וואוּ אִיז זִי? וואוּ הָאסְטוּ אִיהר גֶעזֶעהן? — הָאט זִי גֶעפְרֶעגְט.

— זִי אִיז גֶעקוּמֶען פוּן קֶעמְבְּרִידְזְשׁ גְלַייךְ צוּ מִיר אִין גֶעשֶׁעפְט. — הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט — דֶערְצֵיילְט מִיר אַ מַעֲשֶׂה פוּן אִיהרְן אַ פְרֵיינְד ד"ר טְשַׁארְלְס, אַ דוֹצֶענְט אִין אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט וואוּ זִי לֶערְנְט, מִיט זִיבֶּעצִיג גְלִיקְן. אַלְזָא, דֶערְצֵיילְט זִי מִיר, אַז זִי וֶועט קוּמֶען מִיט אִיהם צוּזַאמֶען אוֹיף אַ וִויזִיט. אִיךְ, פַארְשְׁטֵייעֶנְדִיג מִיט וָואס דָאס שְׁמֶעקְט, פְרֶעג אִיךְ אִיהר, קֶענְסְטוּ זַיין פַאמִילְיֶע? הוֹיבְּט זִי אָן צוּ מֶעקֶען עֶ... מֶע... פַארְלִיר אִיךְ מַיין גֶעדוּלְד אוּן פְרֶעג אִיהר, זָאג מִיר אִין קוּרְצְן, עֶר אִיז אַ אִיד צוּ אַ גוֹי? עֶנְטְפֶערְט זִי מִיר, עֶר אִיז אָבֶער אַ גְרוֹיסֶע וִויכְטִיגֶע פֶערְזֶענְלִיכְקֵייט... הָאבּ אִיךְ אִיהר גֶעזָאגְט פְּרָאסְט פָּשׁוּט, אַז אוֹיבּ זִי וֶועט קוּמֶען מִיט אִיהם צוּזַאמֶען בַּיי מִיר אִין הוֹיז, וֶועל

איך זיי בּיידן אַרויסְוַוארְפְן.

אידַא הָאט זיך אַ שְטֶעל גֶעטְהוּן אַ אונְטֶערְגֶעצוּנְדֶענֶע און מִיט אויפְרֶעגוּנְג גֶעשְרִיגְן:

— דוּ בִּיזְט נִישְט דֶער אֵיינְצִיגֶער בַּעַל הַבַּיִת אִין שְטוּבּ.

— יֶענְטֶע! אִיךְ פַארְשְטֵיי דִיר נִישְט! — הָאט עֶר אַ זָאג גֶעטְהוּן.

— אַ יֶענְטֶע אִיז גֶעוֶוען דַיין מַאמֶע! — הָאט זִי זִיךְ צוּשְרִיגְן — נַא דִיר אַ נַייעֶ צָרָה, עֶר הָאט מִיר שוֹין אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ רוּפְן יֶענְטֶע.

— אִידַא! — הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבְּן עֶטְוָואס וֵוייכֶער — אַזוֹי וַוייט בִּיזְטוּ שוֹין פַארְקְרָאכְן, אַז דָאס הָאט אוֹיף דִיר קֵיין בְּרֶעקְל אַיינְדְרוּק נִישְט גֶעמַאכְט?!...

— אִיךְ וֵוייס דָאס שוֹין זַייט אֵיינִיגֶע מָאנַאטְן — הָאט זִי גֶעעֶנְטְפֶערְט — בֶּעסִי הָאט מִיר גֶעשְרִיבְּן וֶועגְן דֶעם פִּיהל בְּרִיוו, נָאר זִי הָאט נִישְט דֶערְמַאנְט אַז עֶר אִיז אַ קְרִיסְט.

— איך גְלויבּ דיר נִישְׁט אַז זי הָאט דיר דָאס נִישְׁט גֶעשְׁרִיבְּן — הָאט עֶר פַארְדְרוּסִיג גֶעזָאגְט.

— עֶפֶּעס אַ קְלֵיינִיגְקֵייט בַּיי אִיהם — הָאט די פָּארְגֶעזֶעצְט ווִי זִי וָואלְט נִישְׁט גֶעהֶערְט זַיין בַּאמֶערְקוּנְג — אַ דוּצֶענְט פוּן אַזַא גְרוֹיסְן אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט פַאר אַ מַאן!... וָואס? — הָאט זִי זִיךְ צוּפַייעֶרְט — אַזַא גְלִיק אָפְּשְׁטוּפְּן מִיט די הֶענְד? נִישְׁטְקָשֶׁה, עֶר וֶועט זִיךְ מְגַיֵּיר זַיין.

מַר. בֶּעקֶער הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן פוּן פָּאטֶעל און גֶענוּמֶען אַרוֹיסְגֵיין פוּן צִימֶער. שְׁטֵייעֶנְדִיג בַּיים טְהִיר, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זַיין פְרוֹי:

— דוּ וֶועסְט זֶעהן, דֶער שִׁידוּךְ וֶועט נִישְׁט זַיין. בֶּעסִי אִיז נָאךְ נִישְׁט אַזוֹי וַוייט פַארְדָארְבְּן...

*

אִין די זֶעלְבֶּע צַייט וָואס די פְרִיעֶר דֶערְמַאנְטֶע סְצֶענֶע אִיז פָּארְגֶעקוּמֶען בַּיי די בֶּעקֶער׳ס אִין הוֹיז, הָאט זֵייעֶר בֶּעסִי אַרוּמְשְׁפַּאצִירְט אִין די זֶעלְבֶּע גַאס אֵיינֶע אַלֵיין. אִיהר גֶעוִויסְן הָאט אִיהר נִישְׁט עֶרְלוֹיבְּט נִישְׁט צוּ דֶערְצֵיילְן ד״ר טְשַׁארְלְס׳ן, וָואס

איהר פָּאטֶער הָאט גֶעזָאגְט, נָאר זִי הָאט גֶעטַעֲנָה׳ט אַז דָאס אִיז נָאר אַ סְטְרַאשׁוּנְג וָואס שְׁטַאמְט פוּן זַיין פְלוּצְלוּנְג׳דִיגֶע אִיבֶּערְרַאשׁוּנְג. עֶר וֶועט דָאס נִישְׁט טְהוּן, און פַארְקֶערְט, דִי פֶּערְזֶענְלִיכְקַייט פוּן דֶעם דוֹצֶענְט וֶועט הָאבְּן דֶעם גֶעוואוּנְטְשֶׁענֶעם אַיינְפְלוּס. אָבֶער עֶר, ד״ר טְשַׁארְלְס, הָאט בְּשׁוּם אוֹפֶן נִישְׁט גֶעוָואלְט אַיינְשְׁטֶעלְן. אֵיינִיגֶע שָׁעָה הָאבְּן זֵיי דִיסְפּוּטִירְט. עֶנְדְלִיךְ אִיז בַּיי זֵיי גֶעבְּלִיבְּן דָאס זִי זָאל דֶערְוַוייל גֵיין אַלֵיין אַהֵיים און פַארְזוּכְן, צוּזַאמֶען מִיט אִיהר מוּטֶער, דֶעם טַאטְן אִיהרְן וֵוייכֶער צוּ מַאכְן. דַאן זָאל זִי אִיהם טֶעלֶעפָאנִירְן אִין הָאטֶעל.

וֶוען בֶּעסִי אִיז גֶעקוּמֶען נָאנְט צוּ אִיהר הֵיים אִיז אִיהר גֶעוָוארְן שְׁוֶוער אוֹיפְן הַארְצְן. זִי הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ דֶערְשְׁפִּירְן דִי שְׁוֶועריִגְקַייט פוּן צוּ בֶּעאַיינְפְלוּסְן דֶעם פָּאטֶער. זִי הָאט זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט דִי קְרִיגֶערַייעֶן וָואס וֶועט פָארְקוּמֶען, און זִי אִיז גֶעוָוארֶן זֵייעֶר פֶּעסִימִיסְטִישׁ דוּרְכְצוּפִיהרְן דִי זַאךְ מִיט דִי הַסְכָּמָה פוּן בֵּיידֶע עֶלְטֶערְן. עֶס הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ קְלַאפְּן אִין אִיהרֶע גֶעדַאנְקֶען טְשַׁארְלְס פְלַאן: אָפְּצוּלָאזְן אִינְגַאנְצְן דִי עֶלְטֶערְן פוּן בֵּיידֶע זַייטְן, וַוייל פוּן זַיין זַייט, אִיז

זַיין מוּטֶער גֶעוֶוען אַ פְרוּמֶע קְרִיסְטְן.

הָאט זִי, בֶּעסִי, דֶערְפַאר אַרוּמְשְׁפַּאצִירט מִיט אַ גֶעדְרִיקְטֶע שְׁטִימוּנְג אִין דִי שְׁטִילֶע גַאס וואוּ זֵיי הָאבְּן גֶעווּאוֹינְט.

עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ וַוארֶעמֶער דוּשְׁנֶער אָוְונְד אוּן אַ גֶעדִיכְטֶע שְׁרֶעקְנֶדֶע פִינְסְטֶערְקַייט הָאט גֶעהָאנְגֶען פוּן פַארְוָואלְקֶנְדְן הִימְל בִּיז אוּנְטֶער דִי וַוייט צוּשְׁפְּרֵייטֶע אוּן נִישְׁט קֵיין שְׁטַארְקֶע לִיכְטִיגֶע עֶלֶעקְטֶערִישֶׁע לָאמְפְּן, וֶועלְכֶע הָאבְּן גַאנְץ שְׁוַואךְ בֶּעלוֹיכְטְן דִי זַייטִיגֶע גַאס. פוּן דִי אָפֶענֶע פֶענְסְטֶער הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט דִי שְׁפִּילֶערַיי אוּן זִינְגֶערַיי פוּן דִי רַאדְיָא אוּן טֶעלֶעוִויזְשְׁנְס וָואס הָאט אָפְּגֶעקְלוּנְגֶען ווִי פוּן אַ מְגוּשָׁם׳דִיגְן אוֹיסְגֶעלַאסֶענֶעם פַארְוֵוילֶעְנִישׁ. אוּן דִי אוּמְעֶנְדְלִיכֶע שְׁטֶענְדִיגְקַייט פוּן דֶעם הָאט שׁוֹין גֶעבְּרֵיינְגְט עֶקֶל צוּ דִי וֶועלְכֶע עֶס הָאט נָאךְ גֶעזְשִׁיפֶּעט אַ פוּנְק פוּן נְשָׁמָה אוּן גַייסְט.

*

״בַּר יוֹחַאי נִמְשַׁחְתָּ אַשְׁרֶיךָ שֶׁמֶן שָׂשׂוֹן מֵחֲבֵרֶיךָ״ — הָאט זִיךְ פְלוּצְלוּנְג אַרַיינְגֶערִיסְן אִין

גַאס אַ גֶעזַאנְג שְׁטִימֶע פוּן אַ גְרוּפֶּע אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִידְן וָואס הָאבְּן זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקְלִיבְּן לַ״ג בָּעוֹמֶר בַּיי נַאכְט צוּ פַארְבְּרֵיינְגֶען אִין אַ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל׳דִיגֶע שְׁטִימוּנְג.

בֶּעסִי הָאט דֶערְשְׁפִּירְט וְוי אַ זֶעץ אִין הַארְצְן. עֶפֶּעס הָאט דֶער גֶעזַאנְג אַרוֹיסְגֶערוּפְן אִין אִיהר טִיפְן בֶּעוואוּסְטְזִין אַ מָאדְנֶע פִּיהלוּנְג. אִין דִי עֶרְשְׁטֶע מִינוּטְן הָאט זִי אַלֵיין נִישְׁט גֶעוואוּסְט קְלָאר וָואס דָאס מֵיינְט. זִי הָאט עֶרְגֶעץ וואוּ גֶעהֶערְט דֶעם נִיגוּן נָאר זִי גֶעדֵיינְקְט נִישְׁט וואוּ און וֶוען.

— ״בַּר יוֹחַאי בַּר יוֹחַאי״ — הָאבְּן דִי זִינְגֶערְס זִיךְ צוּוַוארֶעמְט אוֹיף דֶעם צְוֵוייטְן פַּאל פוּן דִי מֶעלָאדִיֶע.

בֶּעסִי אִיז גֶעבְּלִיבְּן וְוי צוּגֶעשְׁמִידְט צוּם אָרְט אַ לַאנְגֶע צַייט. דִי זִינְגֶערְס הָאבְּן זִיךְ עֶקְסְטַאזִישׁ צוּפַּייעֶרְט ״אָמַר רַבִּי עֲקִיבָא אַשְׁרֵיכֶם יִשְׂרָאֵל״. דֶער גֶעזַאנְג הָאט אַרִיבֶּער גֶערִיסְן דִי אַלֶע מוּזִיק און זִינְגֶעַריי קְלַאנְגֶען פוּן דִי רַאדְיָאס, און עֶס הָאט זִיךְ גֶעשְׁפִּירְט אַזוֹי וְוי דֶער גֶעזַאנְג קוּמְט עֶפֶּעס פוּן

גַאנְץ וַוייט, וָואס דֶערְצֵיילְט פוּן הֶעכֶערֶע וֶועלְטְן אוּן אֵיידֶעלֶערֶע גֶעפִיהלְן.

בֶּעסִי הָאט זִיךְ עֶנְדְלִיךְ דֶערְמַאנְט וואו זִי הָאט דֶעם נִיגוּן גֶעהֶערְט.

מִיט אֵיינִיגֶע יָאהר צוּרִיק אִיז דָאס גֶעוֶועזְן, זִי אִיז דַאמָאלְס גֶעפָארְן מִיט אַ גְרוּפֶּע שִׁילֶערִינְס אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּן לַ"ג בָּעוֹמֶר בַּיינַאכְט זַיינֶען זֵיי גֶעוֶועזְן אִין מֵירוֹן.

שְׁטֵייעֶנְדִיג אַזוֹי אָנְגֶעשְׁפַּארְט אוֹיף אַ בּוֹים פוּן גַאס, הָאט זִיךְ אִיהר פָארְגֶעשְׁטֶעלְט דִי גַאנְצֶע בִּילְד. דִי שְׁטִילֶע שְׁטָאלְצֶע פַארְרִיסֶענֶע גָלִיל בֶּערְג, חֶנֶעוְודִיג בֶּעלוֹיכְטְן עֶטְוָואס פוּן דִי פִּיהל פְרֵיילַאךְ פִינְקְלְדִיגֶע שְׁטֶערְן אִין טוּנְקְל קְלָארְן הִימְל. דִי הַדְלָקָה פְלַאמֶען פוּן מֵירוֹן, ווִי זֵיי וָואלְטְן מִיט זֵייעֶר דְבֵקוּת'דִיגְן פְלַאטֶערְן דֶערְצֵיילְט סוֹדוֹת צוּ דִי שְׁטוּמֶע בֶּערְג. אַ מָאנָאטָאנִישֶׁער טוּמְל פוּן צֶענְדְלִיקֶער טוֹיזְנְטֶער מֶענְטְשְׁן וָואס בַּאלַאגֶערְן צוּפוּסְנְס פוּן דֶעם רִיזִיגְן בַּארְג בַּיי דֶעם קֶבֶר פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי. אוּן אָט הֶערְט זִי דֶעם זֶעלְבְּן הֵיילִיגְן אוּן צוֹיבֶּערְפוּלֶע מֶעלָאדִיֶע פוּן בַּר יוֹחַאי

צוטְרָאגְט זִיךְ דָארְט אוֹיף דִי בֶּערְג. מִיט פַּארְמַאכְטֶע אוֹיגְן זֶעהט זִי אִיצְט דִי אָרֶעם־גֶעשְׁלָאסֶענֶע הֵיילִיג צוּפְלַאמְטֶע אִידְן וָואס טַאנְצְן מִיט הִתְלַהֲבוּת און בֵּיינְקֶענִישׁ. און אָט אִיז זִי אַרַיין אִין רַבִּי אֶלְעָזָר׳ס שׁוּהל וָואס אִיז פוּהל מִיט אִידְן וָואס שָׁאקְלֶען זִיךְ מִיט מוֹרָא און גִיסְן אוֹיס זֵייעֶר הַארְץ מִיט תְּפִלּוֹת צוּ הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ. דֶער גַאנְצֶער נַאָראד דָארְט אִין דֶער מְעָרָה אִיז אַרוּמְגֶענוּמֶען מִיט אַ בִּיטֶערְן יָאמֶער און גֶעוֵויין. לִיכְט צוּשְׁמָאלְצְן זִיךְ און טְרֶערְן טְרָאפְּן אָן אוֹיפְהֶער.

אַ לַאנְגֶע צַייט אִיז זִי אַזוֹי גֶעשְׁטַאנֶען און ווִי מִיט אַ סְפֶּעצִיעֶלְן אוּמְבֶּעגְרִיפְנְדְן פַּארְגֶענִיגְן זִיךְ גֶעבָּאדְן אִין דִי עֶרְאִינֶערוּנְגֶען. עֶפֶּעס הָאט זִי פְּלוּצְלוּנְג גֶענוּמֶען פִּיהלְן אַ אָפְּשְׁטוֹיסוּנְג פוּן טְשַׁארְלְס׳ן. זִי הָאט זִיךְ אַלֵיין קֵיין קְלָארְן חֶשְׁבּוֹן נִישְׁט גֶעקֶענְט מַאכְן. עֶס הָאט זִיךְ פֶערְגַנְבֶעט בַּיי אִיהר אִין הַארְצְן אַ פַארְדְרוּס אוֹיף דִי מַאמֶען וָואס זִי הָאט נִישְׁט גֶעמַאכְט אַ סוֹף פוּן דִי זַאךְ גְלַייךְ אִין אָנְהוֹיבּ...

דִי אִיז שְׁנֶעל צוּגֶעלָאפְּן צוּם פּוּבְּלִיק־טֶעלֶעפָאן בּוּדְקֶע, וָואס אִיז גֶעוֶוען אִין ווִינְקְל פוּן

דִי גַאס, זִי הָאט טֶעלֶעפָאנִירְט צוּ טְשַארְלְס׳ן: דֶערְוַוייל זָאל מֶען עֶס אָפְּשְׁטוּפְּן...

*

בַּיי דִי בְּעקֶערְס אִין הוֹיז אִיז אִיצְט גֶעוֶוען שְׁטִיל. נָאר דֶער טֶעלֶעוִוזְשְׁן הָאט גֶעשְׁפִּילְט. אִידַא אִיז גֶעזֶעסְן אוֹיפְן פָּאטֶעל, אוּן כְּלוֹמֶר׳שְׁט גֶעקוּקְט אִין טֶעלֶעוִויזְשְׁן, אָבֶער מֶען הָאט גֶעקֶענְט מֶערְקְן אִיהר אוּמְרוּהִיגְקַייט. עֶר וַוייטֶער, זְשָׁאוּ, הָאט אַרוּמְשְׁפַּאצִירְט נֶערְוֶויז אִין צְוֵוייטְן צִימֶער.

מַר. בֶּעקֶער, וָואס אִין דֶער הֵיים הָאט מֶען אִיהם גֶערוּפְן יָאסְל בֶּעקֶער, אִיז אַלֵיין אַ שְׁנִידִיוֶוער. אִין זַיינֶע יוּנְגֶע יָאהרְן הָאט עֶר גֶעלֶערְנְט אִין פֶערְשִׁידֶענֶע עֶרְטֶער. מִיט זַיין יֶענְטֶען הָאט עֶר חֲתוּנָה גֶעהַאט נָאךְ אִין שְׁנִידִיוֶוע. פִיהל יָאהרְן נָאךְ דֶער חֲתוּנָה הָאבְּן זֵיי נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין קִינְדֶער. זַיין בַּאשְׁקֶע אִיז אִיהם גֶעבָּארְן גֶעוָוארְן שׁוֹין אִין אַמֶערִיקֶע.

אִין אַמֶערִיקֶע הָאט עֶר אִין אָנְפַאנְג גֶעפֶּעדְלְט, אוּן לַיידֶער, ווִי פִיהל פוּן זַיין קְלַאס אִידְן, הָאט עֶר זִיךְ גֶערַאנְגְלְט אַ שְׁטִיקְל צַייט מִיט שְׁמִירַת שַׁבָּת

און ענדליך נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון. ער האט ביסלאכוויז געשטיגן און מיט דער צייט געעפנט א גרויסן טעקסטיל אנגראס געשעפט.

מר. בעקער איז געווען איינער פון דעם גוט בעקאנטן טיפ אמעריקאנער אידן אין וועלכע עס גליהט א פונק אידישקייט: היטן כשרות, און כאפן זיך אריין אין שוהל ווען נישט ווען, און ליידער, דעם נסיון פון שבת מאכן זיי נישט דורך.

די ערשטע צייטן האט ער נאך געהאט א געשמאק אמאל צו זיצן און זיך איינהערן א שיעור משניות, עין יעקב, א.ד.ג. זיין טאכטערל האט ער נאך געגעבן אוונד לעקציעס אין רעליגיע. נאר, נאטירליך, איז ער וואס שפעטער קיהלער געווארן אין אידישקייט...

איצט ווען עס האט געדראהט א געפאר אז זיין טאכטער, זאל חתונה האבן מיט א גוי, האט זיך דער פונק אידישקייט ביי איהם צופלאקערט.

אזוי ארום שפאצירנדיג, האט ער זיך געווארפן צווישן האפנונג און צווייפל וועגן זיין קאמף מיט זיין טאכטער און איהר מוטער. זיין

גֶעוּויסְן אִיז גֶעוֶועְן פַּארְוואוּנְדֶעט. עֶס הָאט גֶעקְלוּנְגֶען אִין זַיינֶע אוֹיעֶרְן זַיין פְּרוּי׳ס פָּארְוואוּרְף, וָואס עֶר הַאלְט אָפְּן זַיין גֶעשֶׁעפְט אוּם שַׁבָּת. עֶר הָאט גוּט גֶעשְׁפִּירְט זַיין שׁוּלְד צוּ דִי אִיצְטִיגֶע טְרַאגֶעדְיֶע; זַיין אֵיין אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער זָאל זִיךְ אָפְּרַייסְן פוּן שְׁטַאם, אוּן אַזוֹי נָאךְ זָאל זִיךְ חָלִילָה אוֹיסְרַייסְן אוֹיף אֵייבִיג זַיין גַאנְצֶע פַּאמִילְיֶע בּוֹים פוּן אִידִישְׁן פָּאלְק. עֶר הָאט אִין הַארְצְן אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן, אַז אוֹיבּ דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט אִיהם הֶעלְפְן צוּ רַאטֶעוֶועְן זַיין טָאכְטֶער פוּן אִיהר אִיצְטִיגֶע גַייסְטְלִיכֶע סַכָּנָה, וֶועט עֶר שְׁלִיסְן זַיינֶע גֶעשֶׁעפְטְן שַׁבָּת.

אִידַא, ווִי גֶעזָאגְט, אִיז גֶעזֶעסְן אוּמְרוּהִיג. זִי הָאט אוֹיסְגֶעקוּקְט בֶּעסִי אוּן טְשַׁארְלְס זָאלְן יֶעדְן מָאמֶענְט אַרַיינְקוּמֶען. זִי הָאט זִיךְ גֶעגְרֵייט אוֹיף אַ קַאמְף מִיט אִיהר מַאן. אָבֶער עֶס הָאט אוֹיךְ גֶעעֶגְבֶּערְט אַ צְוֵוייפְל בַּיי אִיהר אִין הַארְצְן אוֹיבּ בֶּעסִי הָאט דֶערְצֵיילְט טְשַׁארְלְס׳ן וָואס אִיהר טַאטֶע הָאט גֶעזָאגְט אוּן דַאן וֶועט עֶר נִישְׁט וֶועלְן קוּמֶען, אוּן וָואס וֶועט זַיין פוּן דִי גַאנְצֶע זַאךְ?...

דֶער אֶמֶת אִיז גֶעוֶועְן אַז אִידַא אִיז גֶעפָארְן

אין קעמבּרידזש לויט די איינלאַדונג פון בּעסי, וועלכע האָט גוט געוואוסט אַז איהר פאָטער וועט זיין געגן אַזאַ שריט, האָט זי געוואָלט דערפאַר די מאַמעס הילף. אידאַ איז אויסערגעוויינליך ענטציקט געוואָרן פון דעם ד״ר טשאַרלס; זיין הויכע אַמט, זיין פּערזאָן און זיין בּענעהמונג. עס האָט נישט אָפּגעקילט איהר פאַרקאָכעניש פאַר דעם דאָקטער, אַפּילו זיין קאַטעגאָרישע ערקלערונג, אַז ער איז נישט גרייט זיך צו מגייר זיין. זי האָט געהאָפט אַז ענדליך וועט ער דאָס טהון.

לויט אידאַ׳ס פּלאַן, וואָלט בּעסי געדאַרפט קומען אַהיים צוזאַמען מיט טשאַרלס׳ן פּלוצלונג, כּדי צו שטעלן איהר מאַן פאַר אַ פאַקט, זי האָט נישט געוואָלט אַז ער זאָל וויסן פריער פון דעם, אָבער בּעסי האָט דאָס נישט געקענט טהון, ווי מיר ווייסן.

און איצט איז אידאַ געזעסן פאַרוויייטאָגט אין צווייפל און אויסקוקעניש, פאַרדרוסיג אויף איהר בּעסי וואָס האָט איהר נישט געפאָלגט, און אפשר האָט זי זיך איצט ווידער בּענאַרישט און אַרויס

גֶעפְלַאפְּלְט פַאר טְשַׁארְלְס׳ן וָואס אִיהר טַאטֶע הָאט גֶעזָאגְט...

*

וֶוען דֶער טְהִיר גְלֶעקְל הָאט אַ קְלוּנְג גֶעטְהוּן, זַיינֶען זֵיי בֵּיידֶע, שְׁטַארְק אָנְגֶעצוֹיגֶענֶע, צוּגֶעלָאפְן הַאסְטִיג צוּם פְרָאנְט טְהִיר. בֵּיידֶע הָאבְּן גְלַייך גֶעשְׁטֶעקְט דִי הֶענְט צוּם שְׁלִיסְל, אָבֶער אִידַא הָאט מִיט אַ דְרֵייסְטְן טָאן אִיהם אַ זָאג גֶעטְהוּן:

— זְשָׁאו! זָאלְסְט נִישְׁט מַאכְן קֵיינֶע סְקַאנְדַאלְן.

זְשָׁאו הָאט זִיךְ צוּרִיק גֶעצוֹיגְן אֵיינִיגֶע טְרִיט, אוּן אִידַא הָאט גֶעעֶפְנְט דִי טְהִיר. בֶּעסִי אִיז אַרַיין אַלֵיין. זִי הָאט אוֹיסְגֶעמִיטְן דִי מַאמֶען אוּן אִיז אַרוֹיפְגֶעפַאלְן מִיט בֵּיידֶע הֶענְט אוֹיף דֶעם פָּאטֶערְס אַקְסְלֶען אוּן זִיךְ שְׁטַארְק צוּכְלִיפֶּעט. אִידַא אִיז גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֵיין אַ וַוויילֶע וִוי פַּארַאלִיזִירְט. מִיט אוֹיסְגֶעשְׁטַארְצְטֶע דֶערְשְׁרָאקֶענֶע אוֹיגְן הָאט זִי גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהר טָאכְטֶער.

ענדליך האט אידא מיט קראפט אפגעריסן בעסין פון פאטער און האלטנדיג איהר ביי ביידע הענט, האט זי איהר געשאקלט פרעגנדיג כמעט מיט א היסטערישן קול:

— וואס טהוט זיך דא? וואו איז טשארלס?”

— מאמע! לאז מיר איצט אפ, איך וועל דיר אלעס דערציילן שפעטער — האט בעסי מיט א בעטנדיג קול געזאגט.

אידא האט מאכטלאז ארונטערגעלאזן איהרע הענד. בעסי האט זיך אויסגעטהון דעם אויבערמאנטל און זיך אריינגעווארפן אין א פאטעל. זשאו איז אויך אריין אין צימער און זיך אוועקגעזעצט שטיל. אידא איז צוגעגאנגען צום טעלעוויזשן און איהם פארלאשן, נאכער האט די זיך אויך אוועק געזעצט. א מורא׳דיגע שטילקייט האט בעהערשט דעם צימער. בעסי איז געלעגן אין שטול מיט פארמאכטע אויגן און איהרע עלטערן האבן געקוקט אויף איהר רחמנות׳דיג, יעדערער פון זיין שטאנדפונקט...

אידא האט די ערשטע געבראכן די שטילקייט

און זי הָאט זיך גֶעוֶוענְדֶעט צו בֶּעסִי:

— עֶנְטְפֶער מִיר נָאר אויף דֶעם; צו טְשַׁארְלְס אִיז אַוֶועק פון דִיר בְּרוֹגֶז?

— נֵיין — הָאט זי גֶעעֶנְטְפֶערְט נִישְׁט אויפְהויבְּנְדִיג דֶעם קָאפּ — גַאנְץ פָּשׁוּט, עֶר הָאט נִישְׁט גֶעוָואלְט אִיצְט אַרַיינְקוּמֶען. דֶער טַאטֶע הָאט דָאךְ דִיר מִסְתָּמָא אַלֶעס דֶערְצֵיילְט.

אִידַא הָאט עֶטְוָואס אָפְּגֶעאָטֶעמְט און הָאט גֶעזָאגְט:

— בֶּערוּהִיג זיך בֶּעסִינְקֶע, עֶס וֶועט אַלֶעס רֶעכְט וֶוערְן.

— גֶעוִויס וֶועט רֶעכְט וֶוערְן מִיט דֶעם אויבֶּערְשְׁטְנְס הִילְף — הָאט זְשָׁאוּ גַאנְץ שְׁטִיל גֶעזָאגְט — זי וֶועט אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם חֲתוּנָה הָאבְּן מִיט אַ אִידִישׁ קִינְד אִין אַ גוּטֶע מַזָל׳דִיגֶע שָׁעָה.

אִידַא הָאט זיך אַ צוּקָאכְטֶע אויפְגֶעשְׁטֶעלְט און הָאט זיך צוּשְׁרִיגְן וִוי נִישְׁט מִיט אִיהר קוֹל:

— וֶוער פְרֶעגְט בַּיי דִיר! דו מֵיינְסְט אַז מִיר

זַיינֶען נָאךְ אִין שְׁנִידִירֶוע?

זְשָׁאוּ אִיז בְּלַאס גֶעוָוארְן. עֶר הָאט גֶעוָואלְט עֶפֶּעס עֶנְטְפֶערְן, אָבֶּער אִידַא הָאט גֶעכַאפְּט דִי גְלָאז אִין הַאנְד און זִיךְ ווידֶער צוּשְׁרִיגְן:

— שְׁוַוייג! אוֹיבּ דוּ וֶועסְט רֶעדְן אַ וָוארְט וֶועט אַלֶעס אִין שְׁטוּבּ זַיין אוֹיף דַיין קָאפּ.

עֶר הָאט זִיךְ אַ וָוארְף גֶעטְהוּן אִין שְׁטוּל און גֶענוּמֶען קְרֶעכְצֶען בִּיטֶער, זָאגְנְדִיג: "נָשִׁים רַחֲמָנִיּוֹת בִּשְׁלוּ יַלְדֵיהֶן". אִידַא הָאט אַ קְלֵיינֶעם צִיטֶער גֶעטְהוּן און זִיךְ צוּרִיק אַוֶועקְגֶעזֶעצְט. זִי הָאט זִיךְ דֶערְמַאנְט ווִי דִי מַאמֶע אִיהרֶע פְּלֶעגְט תִּשְׁעָה בְּאָב בַּיי נַאכְט פָּארְלֵייעֶנֶען דֶעם "חוּרְבָּן"...

בֶּעסִי הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט. זִי אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם פָּאטֶער, און זִי הָאט אִיהם גֶעזָאגְט:

— טַאטֶע! אִיךְ הָאבּ בַּיי זִיךְ פֶּעסְט בֶּעשְׁלָאסְן אָפְּצוּשְׁנַיידְן מִיט טְשַׁארְלְס'ן.

— פַארְוָואס?! — הָאט אִידַא אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן אוֹיפְשְׁטֶעלְנְדִיג זִיךְ הַאסְטִיג.

בֶּעסִי הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרֵייט מִיטְן פָּנִים צוּ דִי מוּטֶער אִיהרֶע אוּן גַאנְץ דְרֵייסְט גֶעזָאגְט:

— וַוייל עֶר אִיז אַ גוֹי אוּן אִיךְ בִּין אַ אִידִישֶׁע טָאכְטֶער, אוּן אִיךְ וִויל בְּלַייבְּן אַ גֶעטְרַייעֶ אִידִישֶׁע טָאכְטֶער מַיין גַאנְצְן לֶעבְּן.

— עֶר וֶועט זִיךְ מְגַייֵר זַיין — הָאט אִידַא גֶעזָאגְט וַוייכֶער.

— אִיךְ גְלוֹיבּ נִישְׁט אַז עֶר וֶועט דָאס טְהוּן — הָאט בֶּעסִי גֶעעֶנְטְפֶערְט רוּהִיג — אוּן אֲפִילוּ וֶוען יָא, וֶועט דָאס נָאר זַיין פָּארְמַאלִישׁ; אִין וֶועזְן אוּן אִין הַארְצְן וֶועט עֶר בְּלַייבְּן אַ גוֹי.

אִידַא הָאט גָארְנִישְׁט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן זִיךְ אַוֶועקְגֶעזֶעצְט רוּהִיג.

אִין אַ וַוײלֶע אַרוּם הָאט זְשָׁאוּ זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ בֶּעסִי'ן מִיט אַ טָאן וִוי עֶר וָואלְט מוֹרָא גֶעהַאט עֶפֶּעס צוּ זָאגְן:

— אִיךְ וִויל הָאפְן אַז דוּ בְּלַייבְּסְט דָא א...וּן פָּארְסְט מֶער נִישְׁט קֵיין קֶעמְבְּרִידְזְשׁ.

— גְעוויס — הָאט בֶּעסִי גְעעֶנְטְפֶערְט.

אִידַא הָאט אַ מוֹרָא׳דִיגְן בְּלִיק גְעוָוארְפְן אויף בֶּעסִי׳ן.

*

״בַּר יוֹחַאי, בַּר יוֹחַאי״ — הָאט זִיךְ ווִידֶער דֶערְהֶערְט אַ זִינְגֶען שְׁטִימֶע. דִי זִינְגֶערְס הָאבְּן זִיךְ פְּרִיעֶר, וַוייזְט אוֹיס, אַבִּיסְל אָפְּגֶערוּהט, אוּן אִיצְט הָאבְּן זֵיי ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבְּן זִינְגֶען.

— דוּ הֶערְסְט טַאטֶע וָואס זֵיי זִינְגֶען — הָאט זִיךְ בֶּעסִי גְעוֶוענְדֶעט צוּ אִיהר פָּאטֶער — אַ דַאנְק אָט דֶעם נִיגוּן בִּין אִיךְ צוּם בֶּעשְׁלוּס גֶעקוּמֶען. אִיךְ הָאב דֶעם נִיגוּן גֶעהֶערְט אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל וֶוען אִיךְ בִּין גֶעוֶועזן לַ״ג בָּעוֹמֶר אִין מֵירוֹן.

— גְעוויס! הַיינְט בַּיינַאכְט אִיז דָאךְ לַ״ג בָּעוֹמֶר — הָאט זְשָׁאוּ זִיךְ אָנְגֶערוּפְן — יַעֲנְקֶל שַׁמֶש פוּן חֶבְרָה תְּהִלִּים שׁוּהל הָאט דָאס מִיר הַיינְט גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעטְרָאפְן טְרָאגְנְדִיג לֶעקַאךְ אוּן בְּרָאנְפְן.

— אוֹי וָואס פַאר אַ קָאפּ אִיךְ הָאבּ — הָאט

בֶּעסִי זִיךְ אַ כַאפּ גֶעטְהוּן — דוּ זָאגְסְט ״חֶבְרָה תְּהִלִּים״. אִיךְ הָאבּ דָאךְ אַ אִינְטְרֶעסַאנְטְן תְּהִלִּים׳ל אַ דוּרְכְגֶעוֶוייקְטֶער פוּן טְרֶערְן, וָואס אִיךְ הָאבּ דַאמָאלְס גֶענוּמֶען אִין מֵירוֹן בַּיי אַ אִידְן.

וֶוען בֶּעסִי אִיז אַרוֹיס פוּן צִימֶער, הָאט זְשַאוּ גֶעכַאפְּט אַ זַייטִיגְן בְּלִיק אוֹיף זַיין פְּרוֹי וָואס אִיז גֶעזֶעסְן אַיינְגֶעבְּרָאכְן, אוּן כְּדֵי צוּ לִינְדֶערְן עֶטְוָואס דִי אָנְגֶעצוֹיגֶענֶע שְׁטִימוּנְג צְוִוישְׁן זֵיי, הָאט עֶר אִיהר גֶעזָאגְט:

— עֶס וַוייזְט אוֹיס אַז מְשׁוּלָחִים פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָאבְּן זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעקְלִיבְּן בַּיי רַבִּי כַּהֲנָא אִין הוֹיז. עֶר אִיז דָאךְ אוֹיךְ פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל.

אִידַא הָאט גֶעשְׁוִויגְן אַ דֶערְשְׁלָאגֶענֶע.

— דַיין טַאטֶע אִיז דָאךְ אוֹיךְ גֶעוֶוען אַ שְׁטִיקְל צַייט אַ מְשׁוּלָח דָא אִין אַמֶערִיקֶע — הָאט עֶר אִין אַ וַוייל֯ע אַרוּם פָּארְגֶעזֶעצְט — גֶעדֵיינְקְסְט, עֶר הָאט נֶעבַּאךְ נִישְׁט גֶעוָואלְט מִיר זָאלְן פָּארְן אִין אַמֶערִיקֶע. גֶעדֵיינְקְסְט וִוי דוּ הָאסְט דַאמָאלְס גֶעטַעֲנָה׳ט אַז מֶען קֶען זַיין אוּמֶעטוּם אַ אִיד...

בֶּעסִי אִיז אַרַיין אִין צִימֶער, אִין הַאנְד הָאט זִי

געהאַלטן דעם תּהלים׳ל און געבלעטערט די געלבלאַכע טרערן־פאַרפלעקטע בלעטלאַך. זי האָט דאָס דערלאַנגט איהר טאַטן.

אידאַ האָט זיך אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען נענטער. אַ שוידער איז איהר דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן קערפּער קוקנדיג אויף די טרערן פלעקן. זי האָט זיך דערמאַנט ווי דער טאַטע איהרער האָט איהר געבענטשט ערב יום כּפּור פאַרנאַכט ווען זי איז נאָך געווען אַ קלײן קינד. ער האָט איהר דאַמאָלס נאַס געמאַכט פון זײנע טרערן די זײדענע סטײנגאַלע אויף איהר קאָפּ...

אידאַ האָט געוואָרפן װײכע פאַרצװײפלטע בליקן אויף איהר מאַן און טאָכטער, זיך צוריק אַװעקגעזעצט, און פאַרמאַכט די אויגן אַ אונטערגעבראָכענע.

*

— אַזוי ווי עס וואָלט איצט געװען פאַר מײנע אויגן — האָט בעסי גענומען דערצײלן — ער איז געשטאַנען אין אַ װינקל דאָרט בײ די

מַצֵבָה, אַ איד מִיט אַ שֵׁיינֶע שְׁוַוארְצֶע בָּארְד. עֶר איז גֶעשְׁטַאנֶען מִיטְן פָּנִים צוּם וַואנְט, אָנְגֶעשְׁפַּארְט אוֹיף זַיין לִינְקֶע הַאנְד וָואס עֶר הָאט גֶעהַאלְטְן אוֹיפְן וַואנְט. אִיךְ קוּק אוֹיף אִיהם אוּן זֶעה אַ טְרֶער נָאךְ אַ טְרֶער טְרִיפְט פוּן זַיינֶע אוֹיגְן אוֹיפְן תְּהִלִּים׳ל. פוּן צַייט צוּ צַייט הָאט עֶר טִיף אָפְּגֶעקְרֶעכְצֶעט. אִיךְ בִּין טִיף גֶערִיהְרְט גֶעוָוארְן. עֶס הָאט מִיר בַּאנוּמֶען מַיין הַארְץ. אִיךְ הָאבּ זִיךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט רִיהְרְן פוּן אָרְט. עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר פַארְמַאכְט דֶעם תְּהִלִּים׳ל אוּן גֶענוּמֶען אַוֶועקְגֵיין. זָאג אִיךְ צוּ אִיהם מִיט מַיין צוּבְּרָאכֶענֶעם אִידִישׁ:

— רֶבִּי, פַארְקוֹיפְט מִיר דֶעם תְּהִלִּים׳ל!

הָאט עֶר צוּ מִיר גֶעזָאגְט:

— צוּ וָואס דַארְפְּסְטוּ דָאס, מַיין קִינְד?

אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען עֶנְטְפֶערְן נָאר אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעקֶענְט דָאס אַרוֹיסְגֶעבְּן אִין אִידִישׁ. עֶפֶּעס נָאךְ אַ אִיד, שַׁיינְט אַ אַמֶערִיקַאנֶער, וָואס הָאט זִיךְ צוּגֶעהֶערְט צוּ אוּנְזֶער גֶעשְׁפְּרֶעךְ, הָאט דֶעם אִידְן אִיבֶּערְגֶעזֶעצְט מַיין עֶנְטְפֶער:

— אִיךְ דַארְף דָאס פַאר אַ אֵייבִּיגְן אָנְדֵיינְקוּנְג

פון די הֵייליגע מָאמֶענְטְן וָואס אִיךְ הָאב אִיצְט דוּרְכְגֶעמַאכְט.

זֵיי הָאבְּן בֵּיידֶע צְווִישְׁן זִיךְ גֶעשְׁמוּעֶסְט אַ שְׁטִיקְל צַייט, און דֶער איד הָאט מִיר עֶנְדְלִיךְ גֶעגֶעבְּן דֶעם תְּהִלִּים׳ל. אִיךְ הָאב אִיהם גֶעוָואלְט בַּאצָאלְן נָאר עֶר הָאט נִישְׁט גֶעוָואלְט נֶעמֶען.

זְשָׁאוּ הָאט שְׁפַּאצִירְט אִין צִימֶער מִיטְן תְּהִלִּים׳ל אִין הַאנְד און גֶערֶעדְט וְוי צוּ זִיךְ:

— עֶס אִיז אִיצְט אַ גוֹרָל׳דִיגֶע שָׁעָה — און כַּאפְּנְדִיג אַ בְּלִיק אוֹיף אִידַא׳ן וָואס אִיז גֶעלֶעגְן רוּהִיג הָאט עֶר גֶעזָאגְט:

— מִיט דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטְנְס הִילְף הוֹיבְּט זִיךְ אָן אַ נַייעֶ תְּקוּפָה אִין אוּנְזֶער לֶעבְּן...

— אִיךְ וֵוייס נִישְׁט וָואס אִיז גֶעוֶוען מִיט מִיר — הָאט אִידַא אָנְגֶעהוֹיבְּן מִיט אַ פַארְשֶׁעמְטְן גֶעדְרִיקְטְן טָאן און אִיז שְׁטִיל גֶעוָוארְן. זְשָׁאוּ און בֶּעסִי הָאבְּן זִיךְ אוֹיףְ אַוֶועקְגֶעזֶעצְט שְׁטִיל. זֵיי הָאבְּן נִישְׁט גֶעפוּנֶען קֵיין וָוארְט פַאר אִידַא׳ן, וֶועלְכֶע אַלֶע הָאבְּן גֶעקֶענְט מֶערְקְן אִיהר חֲרָטָה און בּוּשָׁה.

— אַ מֶענטְש וֶוערְט אַמָאל פַארְשִׁיכּוֹר׳ט — הָאט זְשָׁאוּ זֵייעֶר שְׁטִיל אַ מוּרְמְל גֶעטְהוּן.

אִידַא הָאט אוֹיךְ נָאכְגֶעמוּרְמְלְט:

— רִיכְטִיג, פַארְשִׁיכּוֹר׳ט...

*

מִיטְוָואךְ, אִסְרוּ חַג פוּן שָׁבוּעוֹת (אִין חוּץ לָאָרֶץ אִיז גֶעוֶוען מָאנְטִיג אוּן דִינְסְטָאג שָׁבוּעוֹת) אִיז בֶּענִי גֶעזֶעסְן אִין זַיין אָפִיס פוּן מַר. לוּאִיס׳ס כָּל־בּוֹ גֶעשֶׁעפְט אִין שִׁיקַאגוֹ. אוֹיף זַיין שְׁרַייבּ טִישׁ אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעלֵייגְט פִיהל דָאקוּמֶענְטְן וֶועלְכֶע הָאבְּן זִיךְ אָנְגֶעקְלִיבְּן אִין פַארְלוֹיף פוּן דִי פִיר טֶעג וָואס עֶר אִיז נִישְׁט גֶעקוּמֶען צוּ דִי אַרְבֶּעט צוּלִיבּ שַׁבָּת אוּן יוֹם־טוֹב.

בֶּענִי, אָדֶער וִוי מֶען הָאט אִיהם גֶערוּפְן אִין דֶער הֵיים אִין פּוֹילְן, בִּנְיָמִין, אִיז גֶעוֶוען אַ יוּנְגֶער בָּחוּר׳ל וֶוען עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אִין אַמֶערִיקֶע תֵּיכֶּף נָאךְ דִי וֶועלְט קְרִיג פוּן שַׁאנְחַיי, וואו עֶר אִיז פַארְוַואלְגֶערְט גֶעוָוארְן צוּזַאמֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶע צָאל יְשִׁיבָה בַּחוּרִים.

בֶּענִי הָאט אִין אָנְפַאנְג פָארְגֶעזֶעצְט לֶערְנֶען אִין דִי אָרְטִיגֶע יְשִׁיבוֹת, נָאר פִיהלֶנְדִיג זִיךְ עֶלֶנְד, הָאט עֶר זִיךְ מִיט דֶער צַייט אוֹיסְגֶעלֶערְנְט אַ פַאךְ אוּן פַארְזוּכְט צוּ בַּאקוּמֶען אַ שְׁטֶעלֶע.

בֶּענִי אִיז אָבֶער גֶעבְּלִיבְּן פֶעסְט גֶעבּוּנְדְן צוּ אִידִישְׁקַייט אִין אַלֶע פְּרָטִים. עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט טָאג טֶעגְלִיכֶע שִׁעוּרִים אִין לֶערְנֶען גְמָרָא מִיט פּוֹסְקִים, הַיינְט וֶוער רֶעדְט חָלִילָה צוּ אַרְבֶּעטְן שַׁבָּת אוּן יוֹם־טוֹב, אוּן דֶערְפַאר הָאט עֶר זֵייעֶר שְׁוֶוער בַּאקוּמֶען אַ שְׁטֶעלֶע. טְרָאץ זַיין פֶּעהִיגְקַייט אוּן עֶרְלִיכֶע גֶעטְרַייעֶ אַרְבֶּעט, הָאט מֶען אִיהם אָפְּט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט פוּן דִי שְׁטֶעלֶע, כָאטְשׁ עֶר הָאט אוֹיסְגֶענוּמֶען פְרִיעֶר זַיין שַׁבָּת רוּה, וַוייל צ.ב.ש. ווִינְטֶער אִין דִי קוּרְצֶע פְרַייטָאגְס אִיז עֶר אַוֶועק גָאר פְרִיה כְּדֵי אָנְצוּיָאגְן אַהֵיים פַאר שַׁבָּת. פּוּרִים לְמָשָׁל, הָאט עֶר פַארְשְׁפֶּעטִיגְט צוּלִיבּ דִי מְגִלָּה. אִין דִי קוּרְצֶע טֶעג פְלֶעגְט עֶר פַארְשְׁוואוּנְדְן וֶוערְן אוֹיף אַ שְׁטִיקְל צַייט פַארְנַאכְט, וַוייל עֶר פְלֶעגְט זִיךְ פַארְגַנְבֶענֶען אִין אַ ווִינְקְל דַאוְונֶען מִנְחָה. אוּן נָאךְ אַזֶעלְכֶע זַאכְן, וֶועלְכֶע פְלֶעגְן אוֹיפְרֶעגְן אֲפִילוּ דִי בֶּעסְטֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים וָואס הָאבְּן נָאךְ, אִין אַ גֶעווִיסֶע מָאס, סִימְפַּאטִיזִירְט עֶרְלִיכֶע

# אִידִישֶׁע יוּנגֶע לַייט.

דָא בַּיי מַר. לוּאִיס'ן הָאט עֶר זִיךְ גֶעהַאלְטְן שׁוֹין בַּאלְד אַ גַאנְצְן יָאהר. מַר. לוּאִיס זֶעלְבְּסְט אִיז גֶעוֶוען אַ שׁוֹמֵר שַׁבָּת, אִין זַיין כָּל־בּוֹ גֶעשֶׁעפְט זַיינֶען אוֹיךְ גֶעוֶוען גוֹיאִישֶׁע שׁוּתְּפִים, אוּן עֶר הָאט מְסַדֵר גֶעוֶוען אַ ״מְכִירָה״ ווִי דֶער דִין אִיז. עֶר, מַר. לוּאִיס הָאט גֶעשִׁיצְט בֶּענִי'ן מִיט דִי גְרֶעסְטֶע קְרֶעפְטְן אוּן עֶר הָאט אַלֶע מָאל גֶעפוּנֶען וֶוערְטֶער צוּ בַּארוּהִיגְן זַיינֶע גוֹיאִישֶׁע שׁוּתְּפִים.

עֶס אִיז אָבֶּער גֶעוֶוען אַ גַאנְץ אַנְדֶער זַאךְ וָואס הָאט זַיין שְׁטַאנְד אִין גֶעשֶׁעפְט אוּנְטֶערְגֶעבְּרָאכְן. אַלְס זַיין אוֹיפְגַאבֶּע הָאט עֶר קָאנְצֶענְטְרִירְט, אוּן מְמֵילָא רֶעזֶערְוִוירְט, דִי אַלֶע חֶשְׁבּוֹנוֹת פוּן דִי פִיהלֶע פַארְקוֹיפֶערְס אִין גֶעשֶׁעפְט. דוּרְךְ דֶער צַייט הָאט עֶר עֶנְטְדֶעקְט בַּיי פֶערְשִׁידֶענֶע אַיינְגֶעשְׁטֶעלְטֶע טָעוּתִים אוּן אוֹיךְ פֶעלְשׁוּנְגֶען, וֶועלְכֶע הָאבְּן נַאטִירְלִיךְ גֶעבְּרֵיינְגְט אַז מֶען הָאט אֵייניגֶע עֶנְטְזַאגְט פוּן דִי אַרְבֶּעט. דָאס הָאט אַרוֹיסְגֶערוּפְן פֶערְדְרוּס אוֹיף אִיהם בַּיי אַלֶע אַיינְגֶעשְׁטֶעלְטֶע.

מַאכְט זִיךְ אַ פַאל אוּן בֶּענִי הָאט עֶנְטְדֶעקְט אַ

פֶעלְשוּנְג בַּיי אַ אַיינְגֶעשְׁטֶעלְטְן וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען אַ בְּרוּדֶער פוּן דֶעם הוֹיפְּט־דִירֶעקְטָאר פוּן גֶעשֶׁעפְט. דֶעם דִירֶעקְטָאר אִיז דָאס זֵייעֶר נִישְׁט אָנְגֶעשְׁטַאנֶען, עֶר הָאט גֶעבְּרֶענְט וִוי אַ פַייעֶר אוֹיף בֶּענִי׳ן, אוּן גֶענוּמֶען פְּלַאנֶעוֶוען וִוי פָּטוּר צוּ וֶוערְן אִינְגַאנְצְן פוּן אִיהם.

יֶענֶעם מִיטְוָואךְ, אִסְרוּ־חַג, וֶוען בֶּענִי אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ פִיר טֶעג פְרַיי, הָאט דֶער דִירֶעקְטָאר, אַזוֹי דוּרְכְגֵייעֶנְדִיג פַארְבַּיי עֶטְלִיכֶע פַארְקוֹיפֶערְס אַ זָאג גֶעטְהוּן:

— אִיךְ פַארְשְׁטֵיי נִישְׁט פַארְוָואס אִיהר שְׁוַוייגְט. עֶר, בֶּענִי, נֶעמְט זִיךְ אַזוֹי אָפְּט פְרַייעֶ טֶעג, אוּן אִיהר אַלֶע וֶוערְט פַארְשְׁוַוארְצְט...

דִי וֶוערְטֶער זַיינֶען גֶעוֶוען וִוי אַ בְּרֶענֶענְדִיגֶע שְׁוֶועבֶּעלֶע צוּ אַ פַאס גַאז. עֶס אִיז גֶעוָוארְן אַ רַעשׁ. אַלֶע אַיינְגֶעשְׁטֶעלְטֶע הָאבְּן זִיךְ גֶענוּמֶען בּוּנְטֶעוֶוען. עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אַ דֶעלֶעגַאצְיֶע פוּן דִי פָארְשְׁטֵייעֶרְס צוּ דִי בַּעֲלֵי בַּתִּים, אוּן הָאבְּן גֶעסְטְרַאשֶׁעט מִיט אַ סְטְרַייק אוֹיב בֶּענִי וֶועט וַוייטֶער גֶענִיסְן אַזוֹי פִיהל פְרַייהַייט אוּן

זַיי נִישְׁט. עֶס הָאט נִישְׁט גֶעהָאלְפְן מַר. לוּאִיס'ס תֵּירוּצִים דָאס בֶּענִי אַרְבֶּעט אִיבֶּערְשְׁטוּנְדְן אוּן אַז אַלֶע פְרַייעֶ טֶעג וֶועט אַרָאפְּגֶערֶעכְנְט פוּן זַיין גֶעהַאלְט.

בֶּענִי אִיז זִיךְ גֶעזֶעסְן אִין זַיין צִימֶערְל פַארְטִיפְט אִין דִי אַרְבֶּעט, נִישְׁט ווִיסְנְדִיג וָואס אִין דִי זַאלְן פוּן גֶעשֶׁעפְט טְהוּט זִיךְ. עֶר הָאט פְלַייסִיג גֶעאַרְבֶּעט, וֶוען פְלוּצְלוּנְג אִיז אַרַיין אִין זַיין צִימֶער דֶער גוֹיאִישֶׁער בַּעַל הַבַּיִת מִיט דֶעם דִירֶעקְטָאר אוּן הָאבְּן אִיהם גֶעזָאגְט:

— דוּ דַארְפְסְט זִיךְ זוּכְן אַ אַנְדֶער אָרְט, אוֹיבּ דוּ ווִילְסְט נִישְׁט אַרְבֶּעטְן גְלַייךְ ווִי אַלֶע. דוּ בַּאקוּמְסְט פַאר אַ גַאנְצְן מָאנַאט אוּן גֵיי זוּךְ זִיךְ גֶעזוּנְטֶערְהֵייט.

בַּיי בֶּענִי'ן הָאט זִיךְ גֶעבִּיטְן דִי קָאלִירְן אִין פָּנִים. עֶר אִיז פַארְקְלֶעמְט גֶעוָוארְן אוּן נִישְׁט גֶעקֶענְט אַרוֹיס רֶעדְן אַ וָוארְט.

עֶרְשְׁט וֶוען מַר. לוּאִיס אִיז אַרַיין אִין צִימֶער הָאט בֶּענִי זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ אִיהם אוֹיף אִידִיש:

— װאס איז געשעהן?

מר. לואיס האט איהם געענטפערט אויף אידיש:

— אלע ארבעטער סטראשען מיט א סטרײק. מיט דײן ערליכקײט האסטו זײ אלעמען געמאכט פאר דײנע בלוט שונאים. איך װעל דיר זאגן דעם אמת — האט ער פארגעזעצט — עס איז פשוט א מורא פאר דײן לעבן אויב דו װעסט דא בלײבן װײטער ארבעטן...

װען בעני איז ארויס אין גאס, האט ער ערשט אנגעהויבן ריכטיג צו בעגרײפן זײן לאגע. ער איז ארײנגעפאלן אין א געװאלדיגע פארצװײפלונג. עס איז געװען פאר איהם זײער א פלוצלונגדיגער קלאפ. ער האט זיך נישט געריכט אויף דעם.

בעני איז געבליבן שטײן בײ א האלטונג־פונקט פון א אוטובוס. נישט װיסנדיג װאו ער זאל איצט גײן און װאס ער זאל טהון, איז ער אזוי געשטאנען א שטיק צײט.

— מען דארף גײן אהײם, זאגן עטליכע

קַאפִּיטְלַאךְ תְּהִלִים און זִיךְ אויסְוֵויינֶען — הָאט עֶר אַ קְלֶער גֶעטְהוּן און אַ פוּנְק פון הָאפְנוּנְג הָאט זִיךְ צוּגָאסְן אויף זַיין פָּנִים.

*

— יוּנְגֶער מַאן! וֵוייסְט אִיהר אֶפְשֶׁר וואו מֶען קֶען עֶסְן אַ כָּשֵׁרְן מִיטָאג — הָאט זִיךְ אַ אִיד פְּלוּצְלוּנְג גֶעוֶוענְדֶעט צוּ אִיהם. דֶער אִיד אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען קֵיין אַנְדֶערֶער נָאר אוּנְזֶער בֶּעקַאנְטֶער מַר. בֶּעקֶער, וֶועלְכֶער אִיז גֶעקוּמֶען אִין שִׁיקַאגָא גֶעשֶׁעפְטְלִיךְ.

בֶּענִי הָאט אַ קוּק גֶעגֶעבְן אויף מַר. בֶּעקֶער מִיט זַיינֶע טְרֶערְן־פוּלֶע אוֹיגְן. מַר. בֶּעקֶער הָאט אָפְּגֶעטְרָאטְן אִיבֶּערְרַאשְׁט:

וָואס וֵויינְט אִיהר, יוּנְגֶער מַאן? — הָאט עֶר אִיהם גֶעפְרֶעגְט פוּהל מִיט צַעַר און וואוּנְדֶער.

— גָאר נִישְׁט — הָאט בֶּענִי זִיךְ גֶעמוּטִיגְט און גֶעעֶנְטְפֶערְט — קוּמְט וֶועל אִיךְ אַייךְ אָנְוַוייזְן אַ כָּשֵׁרְן רֶעסְטָארַאן.

בַּיים עֶסְן הָאבְּן זֵיי בֵּיידֶע זִיךְ צוּזַאמֶען

גערעדט. בעני האט איהם אלעס דערציילט וואס איז געשעהן נאר וואס מיט איהם אין לואיס׳ס כל־בו געשעפט.

מר. בעקער האט זיך פארטראכט איניגע סעקונדעס. דאן האט ער א ליבליכן קלאפ געגעבן בעני׳ן אין פלייצע און האט געזאגט:

— קומט צו מיר אין דעטרויט, איך וועל שוין געפינען ביי מיר אין געשעפט פאר דיר ארבעט. מיין געשעפט איז ברוך השם געשלאסן שבת און יום־טוב.

בעני האט פון איבערראשונג קיין ווארט נישט געקונען צו ענטפערן.

מר בעקער האט איהם געקוקט אין די אויגן, און האט איהם געזאגט האלטנדיג זיין האנד אויף זיין אקסל:

— אלזא, מיין טייער ארעם קינד, איך ערווארט דיר אין דעטרויט. נא דיר מיין אדרעס — האט ער געענדיגט, און האט איהם דערלאנגט זיין וויזיט־קארט.

8

בֶּעני הָאט גֶענוּמֶען דֶעם קַארְט אוּן הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען דֶער פָּנִים הָאט בַּיי אִיהם גֶעפְלַאמְט:

— טַייעֶרֶער פְרַיינְד, אִיהר זַיינְט פַאר מִיר וִוי אַ גוּטֶער מַלְאָךְ פוּן הִימְל...

*

אִין אַ גֶעוִויסְן אָוְונְד וֶוען מַר. בֶּעקֶער אִיז גֶעקוּמֶען אַהֵיים הָאט עֶר גֶעטְרָאפְן זַיין בֶּעסִי׳ן זִיצְנְדִיג פַארְכְמַארֶעט אוּן פַארְקְלֶערְט. עֶר אִיז גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֵיין אַ וַויילֶע אוּן גֶעוָוארְפְן זַיינֶע בְּלִיקְן פוּן בֶּעסִי׳ן אוֹיף אִידַא וָואס אִיז גֶעזֶעסְן אוּן גֶעשְׁטְרִיקְט.

— בֶּעסִי! — הָאט אִידַא זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ אִיהר טָאכְטֶער — גֵיי גְרֵייט דֶעם טִישׁ פַאר אָוְונְד בְּרוֹיט.

וֶוען בֶּעסִי אִיז אַרוֹיס פוּן צִימֶער, הָאט מַר. בֶּעקֶער גֶעפְרֶעגְט:

— וָואס אִיז? וַוייטֶער אַ בְּרִיוו פוּן ד״ר טְשַׁארְלְס?

— יָא — הָאט אִידַא גֶעעֶנְטְפֶערְט — עֶר סְטְרַאשֶׁעט אַז עֶר וֶועט זִיךְ דֶעם לֶעבְּן נֶעמֶען.

— וָואס זָאגְט בֶּעסִי אוֹיף דֶעם? — הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט.

— דִי גַאנְצֶע צַייט אִיז זִי גֶעוֶוען שְׁטִיל אוּן נִישְׁט גֶערֶעדְט פוּן דֶעם — הָאט זִי גֶעעֶנְטְפֶערְט — נָאר נָאךְ אֵיינִיגֶע סֶעקוּנְדֶעס אֵיידֶער דוּ בִּיזְט גֶעקוּמֶען, הָאט זִי אַ זָאג גֶעטְהוּן: "זָאל עֶר שׁוֹין טְהוּן וָואס עֶר ווִיל אוּן זָאל עֶר מִיר אוֹיפְהֶערְן צוּ טְרֶעטְן אוֹיף מַיינֶע נֶערְווֶען".

— מֶען דַארְף זֶעהן פַאר אִיהר אַ שִׁדוּךְ — הָאט עֶר גֶעזָאגְט פַארְטְרַאכְט.

— גֶעווִיס! — הָאט אִידַא גֶעעֶנְטְפֶערְט — וואוּ אָבֶּער זֶעהט מֶען דָאס אַ פַּאסִיגְן בָּחוּר?

זֵיי זַיינֶען בֵּיידֶע שְׁטִיל גֶעבְּלִיבְּן פַארְזוּנְקֶען אִין מַחְשָׁבוֹת.

— אִיךְ הָאבּ מוֹרָא צוּ זָאגְן — הָאט מַר. בֶּעקֶער אַ זָאג גֶעטְהוּן — אָבֶּער מִיר דוּכְט זִיךְ אַז בֶּעני אִיז אַ פַּאסִיגֶער בָּחוּר פַאר אִיהר.

— דַארְפְסְט נִישְׁט מוֹרָא הָאבְּן — הָאט זִי אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ הָאבּ אַלֵיין גֶעטְרַאכְט וֶועגְן דֶעם.

זִי הָאט אַוֶועקְגֶעלֵייגְט דִי אַרְבֶּעט פוּן הַאנְד אוּן אָנְגֶעהוֹיבְּן ווִידֶער:

— בֶּענִי אִיז אַ פַיינֶער אִינְטֶעלִיגֶענְטֶער בָּחוּר, דִי אֵיידְלְקַייט אִיז אוֹיסְגֶעגָאסְן אוֹיף זַיין פָּנִים, אוּן עֶר אִיז אַ אָנְשְׁטֶענְדִיגֶער פְרֵיילִיכֶער חָבֵר צְווִישְׁן זַיינֶע בֶּעקַאנְטֶע.

— פֶּעהִיג, קְלוּג אוּן גֶעלֶערְנְט — הָאט עֶר אַרַיינְגֶערֶעדְט אִין מִיטְן אִיהרֶע וֶוערְטֶער.

— אָבֶּער — הָאט זִי פָארְגֶעזֶעצְט — אִיךְ גְלוֹיבּ נִישְׁט עֶר זָאל וֶועלְן וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ דֶערְוִויסְן אִיהר פַארְגַאנְגֶענְהַייט.

— דָאס אִיז גָארְנִישְׁט, עֶר וֵוייס דָאךְ אַז בַּעֲלֵי תְּשׁוּבָה שְׁטֵייעֶן גָאר הוֹיךְ — הָאט מַר. בֶּעקֶער אַ מַאךְ גֶעטְהוּן — מֶען וָואלְט גֶעדַארְפְט הֶערְן וָואס זִי, בֶּעסִי וֶועט זָאגְן אוֹיף דֶעם.

— אִיךְ הָאבּ דָאס אוֹיךְ גֶעטְהוּן — הָאט זִי

געענטפערט — איך האב איהר אמאל געגעבן אנצוהערן וועגן דעם, האט זי געענטפערט, ווי קען איך זינדיגע אויפהויבן מיינע אויגן צו אזא "שטריינג ערליכן בחור"?

דער טעלעפאן האט געקלונגען. מר. בעקער איז צוגעגאנגען און האט געפרעגט: "ווער רעדט". פון יענעם זייט האט מען געענטפערט: "בעני ווייסמאן". בעני האט איהם אין טעלעפאן איבערגעגעבן א וויכטיגע דרינגענדיגע ידיעה פון געשעפט אינטערעסן. מען האט געדארפט שיקן א טעלעגראם נאך ביי נאכט ערגעץ וואו. מר. בעקער האט איהם געזאגט:

— קום אהער צו מיר, וועלן מיר זיך בעטראכטן.

אראפלאזנדיג דעם טעלעפאן האט מר. בעקער זיך געווענדעט צו זיין פרוי:

— ווי פלעגט מען זאגן אין דער היים, מען זאל רעדן פון משיח'ן וועט ער אויך קומען. בעני האט דאס גערעדט מיט מיר און ער קומט באלד אהער.

וֶוען בֶּענִי אִיז גֶעקוּמֶען, זַיינֶען זֵיי בֵּיידֶע אַרַיין אִין מַר. בֶּעקֶערְס אַרְבֶּעט צִימֶער, וואוּ עֶס אִיז גֶעוֶוען זַיינֶע פֶּערְשִׁידֶענֶע סְפָרִים, אוּן זֵיי הָאבְּן דָארְט זִיךְ דוּרְכְגֶערֶעדְט וֶועגְן דֶעם גֶעשֶׁעפְט אִינְטֶערֶעס.

אַזוֹי זִיצְנְדִיג דָארְט, הָאט בֶּענִי דֶערְזֶען צְוִוישְׁן דִי סְפָרִים אַ אַלְטְן תְּהִלִּים'ל אַרַיין גֶעטְהוּן אִין אַ דוּרְכְזִיכְטִיגְן נַיילָאן שֵׁיידְל. עֶר אִיז נַייגֶערִיג גֶעוָוארְן, אוּן הָאט דָאס גֶענוּמֶען אִין הַאנְד. עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען דֶעם תְּהִלִּים'ל אוּן גֶענוּמֶען בְּלֶעטֶערְן. עֶס הָאט זִיךְ אוֹיךְ אוֹיפְגֶעמִישְׁט דֶער שַׁעַר־בְּלַאט. עֶפֶּעס אַ שְׁרִיפְט הָאט גֶעצוֹיגְן זַיין אוֹיפְמֶערְקְזַאמְקַייט.

— ווִי קוּמְט דֶער תְּהִלִּים'ל צוּ אַייךְ? — הָאט בֶּענִי פְּלוּצְלוּנְג אַ עֶנְטְצִיקְטֶער אוֹיסְגֶעשְׁרִיגְן.

מַר. בֶּעקֶער הָאט אִיהם אָנְגֶעקוּקְט פַאַרְוואוּנְדֶערְט.

— דָאס אִיז דָאךְ מַיין בְּרוּדֶערְס — הָאט בֶּענִי כִּמְעַט ווִי גֶעשְׁרִיגְן — אָט שְׁטֵייט דָא אוֹיפְגֶעשְׁרִיבְּן מִיט זַיין הַאנְד שְׁרִיפְט "יַעֲקֹב

וַוייסמַאן מַארקֶעוֶוע״. אוֹי, יַעֲנְקֶל! — הָאט בֶּעני מִיט אַ וֵויינֶענְדִיגֶע שְׁטִימֶע פָארְגֶעזֶעצְט — דָאס אִיז דָאךְ פוּן דַיינֶע הֵייסֶע טְרֶערְן. אַוואוּ בִּיזְטוּ אַלֵיין?!

מַר. בֶּעקֶער הָאט אוֹיפְגֶעעֶפְנְט דִי טְהִיר פוּן צִימֶער אוּן אוֹיסְגֶערוּפְן:

— אִידַא. בֶּעסִי! קוּמְט וֶועט אִיהר הֶערְן וָואס דָא טְהוּט זִיךְ.

וֶוען זֵיי זַיינֶען גֶעקוּמֶען הָאט מַר. בֶּעקֶער זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ בֶּעסִי׳ן:

— וֵוייסְטוּ וֶוער עֶס הָאט דִיר גֶעגֶעבְן דֶעם תְּהִלִים׳ל? דָאס אִיז בֶּעני׳ס אַ בְּרוּדֶער.

— עֶר לֶעבְּט?! — הָאט בֶּעני גֶעפְרֶעגְט נִישְׁט קֶענֶענְדִיג אַרָאפְּרַייסְן דִי אוֹיגְן פוּן תְּהִלִים׳ל — וואוּ הָאט זִי אִיהם גֶעזֶען?

אִידַא אוּן בֶּעסִי הָאבְּן זִיךְ בַּאטְרַאכְט מִיט גְרוֹיס הִתְפַּעֲלוּת אוּן הָאבְּן גֶעזָאגְט בֵּיידֶע וִוי מִיט אֵיין קוֹל ״הֶעכְסְט אִינְטְרֶעסַאנְט״.

מַר. בֶּעקֶער הָאט דֶערְצֵיילְט בֶּענִי'ן דִי הִיסְטָארְיֶע פוּן דֶעם תְּהִילִים'ל.

— אַ הִימְל זַאךְ — הָאט מַר בֶּעקֶער גֶעעֶנְדִיגְט.

— אַ הִימְל זַאךְ — הָאט אִידַא נָאכְגֶעזָאגְט.

בֶּעסִי הָאט דַאן אוֹיךְ זֵייעֶר שְׁטִיל אַ מוּרְמְל גֶעטְהוּן: אַ הִימְל זַאךְ.

וֶוען בֶּענִי אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶעם טִיפֶערְן בַּאדַייטוּנְג פוּן דִי רֵייד — הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעזָאגְט, נָאךְ אַ טְרַאכְטוּנְגְס-פוּהלְן מָאמֶענְט, שְׁטִילֶערְהֵייט: אַ הִימְל זַאךְ...

— — — — —

אִין אֵיינִיגֶע מָאנַאטְן שְׁפֶּעטֶער אִיז אִין דֶעטְרוֹיט גֶעפַּייעֶרְט גֶעוָוארְן מִיט גְרוֹיס פַּארַאד אוּן פְרֵייד דִי חֲתוּנָה פוּן בֶּענִי וַוייסְמַאן מִיט בֶּעסִי בֶּעקֶער, וואו דִי חָשׁוּבְסְטֶע רַבָּנִים אוּן שֶׁעהְנְסְטֶע אִידִישֶׁע בַּעֲלֵי בַּתִּים הָאבְּן זִיךְ בֶּעטֵיילִיגְט.

רַבִּי יַעֲקֹב וַוייסְמַאן, וֶועלְכֶער מַר בֶּעקֶער הָאט

איהם אַראָבגעבראַכט פון אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל סְפֶּעציעל אויף זיין ברודער בּעני׳ס חֲתוּנָה, האט אין אַ שײנע רײכזיניגע רײדע אָנגעװיזן װי הײליג און װירקזאַם עס איז, סײ אידישע טרערן און סײ אידישע ניגונים, װעלכע קומען פון אַ טיף רײנע אידישע אֱמוּנָה אין בּוֹרֵא יִתְבָּרַךְ שְׁמוֹ און זײן הײליגע תּוֹרָה.

# ל״ג בָּעוֹמֶר — עֲלִיָּה לְרֶגֶל

דער גָּאוֹן רַבִּי שְׁמוּאֵל העליר זצ״ל, דער רב פון צְפַת פלעגט זאָגן:

— די מְעָרָה מיט דעם צִיּוּן פון רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי איז אַזוי װי דער קוֹדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים. דער פאָהרן קיין מֵירוֹן ל״ג בָּעוֹמֶר, איז אַזוי װי די עֲלִיָּה לְרֶגֶל אין דער צײט פון דעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ.

און אַזוי שטײט אין זוֹהַר שְׁמוֹת: ״יֵרָאֶה כָּל זְכוּרְךָ אֶת פְּנֵי הָאָדוֹן ה׳ — מַאן פְּנֵי הָאָדוֹן ה׳? דָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי!״

## פֶערְטֶער קַאפִּיטְל: הִילוּלָא דְרַשְׁבִּ״י

דֶער טַאנְץ מִיט רַשְׁבִּ״י

לוֹיטְן סֶדֶר פוּן דִי אִדְרָא

דִי רַייזֶע פוּן ״אוֹר הַחַיִּים״ קֵיין מֵירוֹן

דֶער מַגִּיד פוּן קָאזְשְׁנִיץ מִיט רַשְׁבִּ״י

דֶער מוּנְקַאטְשֶׁער רָב אִין מֵירוֹן

אַ מְחוּתָּן צוּ דֶער חֲתוּנָּה

דֶער מְחַבֵּר פוּן דֶעם שִׁיר ״בַּר יוֹחַאי״

# דֶער טַאנְץ מִיט רַשְׁבִּ״י

דֶער מְחַבֵּר פוּן סֵפֶר ״חֲרֵדִים״ רַבִּי אֶלְעָזָר אַזְכַּרִי זצ״ל, אִיז גֶעוֶוען אַ מְשַׁמֵשׁ אִין צְפַת. קֵיינֶער הָאט נִישְׁט גֶעוואוּסְט אַז עֶר אִיז אַ אִיד אַ בַּעַל מַדְרֵגָה אוּן מֶען הָאט אִיהם גֶעהַאלְטְן פַאר אַ גָאר פָּשׁוּטְן אִיד, אַ פָּשׁוּטֶער מְשַׁמֵשׁ.

אֵיינְמָאל אִיז דֶער אֲרִ״י הַקָדוֹשׁ מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין מֵירוֹן ל״ג בָּעוֹמֶר, זִיךְ מִשְׁתַּטֵחַ זַיין אוֹיפְן צִיוּן פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אִין זַיין הִילוּלָא טָאג.

דֶער עוֹלָם אִיז גֶעוֶוען אִין זֵייעֶר אַ דֶערְהוֹיבֶּענֶע שְׁטִימוּנְג, אוּן מֶען הָאט גֶעטַאנְצְט מִיט גְרוֹיס הִתְלַהֲבוּת. בַּיים טַאנְצְן אִיז דָארְטְן אוֹיךְ גֶעוֶוען אַ עֶלְטֶערֶער אִיד מִיט אַ גֶ־טְלִיכֶע גֶעשְׁטַאלְט. דֶער אוּמְבַּאקַאנְטֶער אִיד הָאט גֶעטַאנְצְט מִיט גְרוֹיס הִתְעוֹרְרוּת צְוִוישְׁן דֶעם עוֹלָם.

מיט אַמאָל איז דער משמש צוגעגאַנגען צו דעם אידן, איהם אָנגענומען בײם האַנד און בײדע צוזאַמען האָבן געטאַנצט מיט גרױס התלהבות. אין מיטן זײער טאַנצן איז אױך דער אַר״י הקדוש צוגעשפּרונגען צו זײ, אָנגענומען דעם אַלטן אידן בײ אײן האַנד און דעם משמש בײם צװײטן האַנד און אַלע דרײ האָבן געטאַנצט מיט גרױס התלהבות אַ גאַנצע צײט.

װען דער אַר״י הקדוש מיט זײנע תּלמידים זײנען אַרױס פון דעם הײליגן ציון, האָט אײנער פון די נאָהנטע תּלמידים זיך געװענדעט צו זײן רבין דעם אַר״י הקדוש און געפרעגט:

— מיר קענען נישט פאַרשטײן װי אַזױ דער רבי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און געגאַנגען טאַנצן מיטן משמש. מילא װען דער רבי האָט געטאַנצט מיט דעם אַלטן אידן, כאָטש מיר װײסן נישט װער איז דאָס, אָבער ער זעהט אױס צו זײן אַ חשובער מענטש. אָבער מיטן משמש, איז עס דאָך נישט קײן כבוד התורה דער רבי זאָל טאַנצן מיט איהם אַלײן.

האָט דער אַר״י הקדוש געשמײכלט און

גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— אוֹיבּ דֶעם הֵיילִיגְן תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי הָאט גֶעפַּאסְט צוּ טַאנְצְן מִיט אִיהם אוּן עֶס אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען פַאר אִיהם קֵיין אוּם כָּבוֹד, אִיז עֶס פַאר מִיר אוֹיךְ נִישְׁט קֵיין אוּם כָּבוֹד.

דִי תַּלְמִידִים הָאבְּן דֶערְפוּן פַארְשְׁטַאנֶען, אַז דֶער אַלְטֶער אִיד מִיט דֶער גֶ־טְלִיכֶער גֶעזִיכְט אִיז גֶעוֶוען נִישְׁט קֵיין אַנְדֶערֶער ווִי דֶער תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אַלֵיין אוּן זֵיי הָאבְּן אוֹיךְ פַארְשְׁטַאנֶען, אַז דֶער מְשַׁמֵשׁ רַבִּי אֶלְעָזָר אַזְכַּרִי אִיז נִישְׁט קֵיין פְּשׁוּטֶער מֶענְטְשׁ, נָאר אַ גְרוֹיסֶער הֵיילִיגֶער מַאן.

עֶס הָאט נִישְׁט לַאנְג גֶענוּמֶען אוּן עֶס אִיז בַּאקַאנְט גֶעוָוארְן זַיין סֵפֶר "חֲרֵדִים" וֶועלְכֶער אִיז אָנְגֶעזַאפְּט פוּהל מִיט תּוֹרָה אוּן יִרְאַת שָׁמַיִם.

דִי מַעֲשֶׂה הָאט דֶערְצֵיילְט דֶער מוּנְקַאטְשֶׁער רֶבִּי רַבִּי חַיִים אֶלְעָזָר שַׁפִּירָא זצ"ל אִין נָאמֶען פוּן שִׁינֶעוֶוער רָב רַבִּי יְחֶזְקֵאל הַלְבֶּרְשְׁטַאם זצ"ל, וֶועלְכֶער הָאט עֶס גֶעהֶערְט אִין צְפַת בַּיי זַיין בַּאזוּךְ אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִין יָאהר תרכ"ה אוּן תרל"א).

# לויטְן סֵדֶר פון דִי אִדְרָא

עֶס איז גֶעוֶוען ל״ג בָּעוֹמֶר. דֶער אַדְ״ר הַקָדוֹשׁ איז אַרוֹיף קֵיין מֵירוֹן צוּזַאמֶען מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּלִיב דֶעם יוֹמָא דְהִלוּלָא (דֶער יָאהרְצַייט) פון רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי. אוֹיפְן וֶועג פון צְפַת קֵיין מֵירוֹן הָאבְּן זֵיי אָנְגֶעטְרָאפְן דֶעם אָרְט פון דִי אִדְרָא. הָאט זִיךְ דֶער אַדְ״ר הַקָדוֹשׁ אָנְגֶערוּפְן צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים:

— אָט דָא, אוֹיף דֶעם אָרְט איז גֶעזֶעסְן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים און אָפְּגֶערִיכְט דִי אִדְרָא. עֶס איז נָאךְ קֶענְטִיג אַ צֵייכְן אוֹיף דֶעם אָרְט פון יֶענֶע לִיכְט, וַוייל עֶס איז בַּאקַאנְט אַז אוֹיף אַ אָרְט וואוּ עֶס הָאט גֶעשַׁיינְט אַ לִיכְט, אֲפִילוּ וֶוען דִי לִיכְט גֵייט אַוֶועק, בְּלַייבְּט נָאךְ אַלְץ אַ צֵייכְן אוֹיף דֶעם אָרְט פון יֶענֶע לִיכְט.

דֶערְנָאךְ הָאט זִיךְ דֶער אַדְ״ר אַוֶועקְגֶעזֶעצְט אוֹיפְן אָרְט וואוּ עֶס איז גֶעזֶעסְן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר

יוֹחַאי, רַבִּי חַיִים וִויטַאל הָאט עֶר גֶעהֵייסְן זִיךְ אַוֶועקְזֶעצְן אוֹיפְן אָרְט וואו עֶס אִיז גֶעזֶעסְן רַבִּי אֶלְעָזָר, דֶעם חָכָם רַבִּי יוֹנָתָן אוֹיפְן אָרְט פוּן רַבִּי אַבָּא, דֶעם חָכָם רַבִּי גְדַלְיָה אוֹיפְן אָרְט פוּן רַבִּי יְהוּדָה, דֶעם חָכָם רַבִּי יוֹסֵף מוּגְרַבִּי אוֹיפְן אָרְט פוּן רַבִּי יוֹסִי, דֶעם חָכָם רַבִּי יִצְחָק הַכֹּהֵן אוֹיפְן אָרְט פוּן רַבִּי יִצְחָק, אוּן אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיסְגֶעזֶעצְט אַלֶע תַּלְמִידִים אוֹיף דִי עֶרְטֶער וואו עֶס זַיינֶען גֶעזֶעסְן דִי תַּלְמִידִים פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, יֶעדְן אֵיינֶעם אוֹיף זַיין אָרְט. עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִי תַּלְמִידִים, אַז דֶערִיבֶּער הָאט עֶר זֵיי אוֹיסְגֶעזֶעצְט לוֹיט דֶעם אָרְדְנוּנְג, וַוייל יֶעדֶער אֵיינֶער פוּן זֵיי הָאט אַ נִיצוֹץ פוּן דִי נְשָׁמָה פוּן דֶעם תַּנָא אוֹיף וֶועלְכְן עֶר הָאט גֶעהֵייסְן זִיצְן, אוּן יֶעדֶער תַּנָא בֶּעלַייכְט דִי נְשָׁמָה פוּן דֶעם תַּלְמִיד וָואס פַארְמָאגְט זַיין נִיצוֹץ.

דֶערְנָאךְ הָאט דֶער אֲרִ"י הַקָדוֹשׁ גֶעלֶערְנְט מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים דִי אִדְרָא אוּן עֶר הָאט זֵיי אַנְטְפְּלֶעקְט סוֹדוֹת אוּן רְמָזִים וָואס רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי הָאט מְרַמֵז גֶעוֶוען אִין דֶער אִדְרָא.

אִין מִיטְן לֶערְנֶען הָאט דֶער אֲרִ"י גֶעזָאגְט צוּ דִי תַּלְמִידִים:

— איהר זָאלְט וויסְן אַז מִיר זַײנֶען יֶעצְט אַרוּמְגֶערִינְגְלְט מִיט אַ פַײעֶרְדִיגֶער וָואלְקְן, און צוּזַאמֶען מִיט אוּנְז גֶעפִינֶען זִיךְ דָא יֶעצְט די נְשָׁמוֹת פון רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי עָלָיו הַשָּׁלוֹם מִיט זַײנֶע תַּלְמִידִים און נְשָׁמוֹת פון צַדִיקִים און תַּנָאִים און אוֹיךְ פון די מַלְאֲכֵי הַשָּׁרֵת, וָועלְכֶע זַײנֶען גֶעקוּמֶען צוּהֶערְן די אֱמֶתֶע תּוֹרָה פון מַײן מוֹיל. דֶערִיבֶּער זָאלְט איהר נִישְׁט אִיבֶּערְהַאקְן די כַּוָונָה און נִישְׁט צוּשְׁטֶערְן דֶעם לֶערְנֶען, מִיר זָאלְן קֶענֶען אוֹיסְפִיהרְן וָואס דֶער פָּסוּק זָאגְט "וְאַתֶּם הַדְבֵקִים בַּה' אֱלֹקֵיכֶם". וָואלְט איהר גֶעהַאט די עֶרְלוֹיבֶּענִישׁ צוּ זֶעהן, וָואלְט איהר דַאן גֶעזֶעהן מִיט אַײעֶרֶע אוֹיגְן וָואס פַאר אַ גְרוֹיסֶער עוֹלָם עֶס הָאט זִיךְ דָא צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען, וַוייל דָאס וָואס אִיךְ זָאג אַײךְ יֶעצְט, זַײנֶען אַזֶעלְכֶע רֵייד וָואס מֶען הָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבְּן אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי, נָאר אוֹיסֶער מִיר הָאט איהר קֵיינֶער נִישְׁט קֵיין עֶרְלוֹיבֶּענִישׁ צוּ זֶעהן.

וֶוען דֶער אֲרִ"י הַקָדוֹשׁ הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דֶעם לֶערְנֶען, זַײנֶען זֵיי אַרוֹיף אִין מֵירוֹן, זִיךְ מִשְׁתַּטֵחַ גֶעוֶוען אוֹיפְן צִיוּן פון רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי און דָארְטְן זִיךְ זֵייעֶר שְׁטַארְק גֶעפְרֵייט זִינְגֶענְדִיג און

זָאגְנְדִיג לוֹיבּ וֶוערְטֶער לְכָבוֹד דֶעם תַּנָא.

צְווִישְׁן דִי תַּלְמִידִים פוּן דֶעם אֲרִ״י הַקָדוֹשׁ אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען רַבִּי אַבְרָהָם הַלֵוִי בְּרוּכִים. עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִיהְרְט אַז יֶעדֶעס מָאל וֶוען עֶר אִיז צוּגֶעקוּמֶען אִין דֶער ״שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה״ צוּ דִי בְּרָכָה פוּן בּוֹנֵה יְרוּשָׁלַיִם, הָאט עֶר גֶעזָאגְט ״נַחֵם״, וָואס מֶען זָאגְט תִּשְׁעָה בְּאָב בַּיי מִנְחָה. אוֹיךְ יֶעצְט הָאט עֶר זִיךְ גֶעפִיהְרְט ווִי זַיין שְׁטֵייגֶער.

פְּלוּצְלוּנְג הָאט דֶער אֲרִ״י הַקָדוֹשׁ זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ אִיהם אוּן גֶעזָאגְט:

— וָואס הָאסְטוּ גֶעטְהוּן?! פַארְוָואס הָאסְטוּ גֶעזָאגְט נַחֵם אוֹיךְ דָא בַּיי דִי הִילוּלָא פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי! זָאלְסְט ווִיסְן אַז עֶר אִיז זֵייעֶר בְּרוֹגֶז אוֹיף דִיר אוּן אַלְס שְׁטְרָאף וֶועסְטוּ דַארְפְן זָאגְן נַחֵם בַּיי דַיין גְרוֹיסְן זוּהן (עֶר הָאט אִיהם גֶעמֵיינְט דֶערְמִיט צוּ זָאגְן, אַז דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעפְרֵייט אִין דֶער הִלוּלָא דְרַשְׁבִּ״י נָאר פַארְקֶערְט, עֶר הָאט דַאן גֶעקְלָאגְט זָאגְנְדִיג נַחֵם, וֶועט זַיין זוּהן שְׁטַארְבְּן אוּן מֶען וֶועט אִיהם דַארְפְן טְרֵייסְטְן אוּן מְנַחֵם זַיין).

און ווירקליך איז אין זיבן טעג אַרום געשטאָרבן דער גרויסער זוהן פון רבי אַברהם הלוי ברוכים.

## נאָר זיך פרייען

דער חידא זצ"ל שרייבט:

ל"ג בעומר זאָל מען זיך פרייען לכבוד התנא רבי שמעון בר יוחאי, ווייל דער טאָג איז זיין הילולא. און עס איז באוואוסט אַז זיין ווילן איז, אַז מען זאָל זיך פרייען אין דעם טאָג. אַנדערע פיהרן זיך צו לערנען די נאַכט פון ל"ג בעומר מאמרים וועלכע רעדן וועגן די גרויסקייט פון רבי שמעון בר יוחאי, פון זוהר הקדוש און נאָך אַנדערע. עס איז זייער אַ שיינער מנהג.

(מורה באצבע סי' ח')

# דִי רַייזֶע פוּן ״אוֹר הַחַיִים״ קֵיין מֵירוֹן

פוּן צַייט צוּ צַייט הָאט דֶער ״אוֹר הַחַיִים״ הַקָדוֹשׁ, רַבִּי חַיִים בֶּן עַטָר זצ״ל, זִיךְ אַרוֹיסְגֶעלָאזְט צוּזַאמֶען מִיט זַיין יְשִׁיבָה, זִיךְ מִשְׁתַּטֵחַ זַיין אוֹיף דִי קִבְרֵי צַדִיקִים אוּן מִתְפַּלֵל זַיין בַּיי זֵיי. עֶר אַלֵיין הָאט גֶעהַאלְטְן דִי אוֹיפְזִיכְט אוֹיף אַלֶעמֶען, אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם סֵדֶר ווָאוּהִין צוּ פָאהְרֶן, אוּן אַכְטוּנְג גֶעבְּן אַז מֶען זָאל נִישְׁט זַיין גֶעשְׁטֶערְט פוּן לֶערְנֶען אִין דֶער צַייט פוּן דֶער הִשְׁתַּטְחוּת, נָאר פַארְקֶערְט, צוּ לֶערְנֶען וָואס מֶער צַייט.

אִין ה׳ אֲדָר ב׳ תק״ב זַיינֶען זֵיי אַרוֹיס גֶעפָאהְרֶן צוּם גָלִיל אוּן נָאכְן בַּאזוּכְן מֵירוֹן, צְפַת אוּן טְבֶרְיָא, אוּן מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען אוֹיף דִי אַלֶע קִבְרֵי צַדִיקִים, הָאבְּן זֵיי זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט קֵיין עַכּוֹ ו׳ נִיסָן. אַ גַאנְצְן מָאנַאט הָאבְּן זֵיי פַארְבְּרֵיינְגְט אוּנְטֶערְוֶועגְנְס.

די דאזיגע רייזע ווערט באשריבן דורך איינעם פון די תלמידים וואס האט געלערנט אין דעם מדרש "כנסת ישראל", און אין א בריוו וואס ער שרייבט צו זיין פאטער, דערציילט ער ווי אזוי די רייזע איז פארגעקומען:

צום ערשט זיינען זיי געפאהרן קיין צפת. אויפן וועג פון עכו ביז צפת, האבן זיי זיך משתטח געווען אויף איניגע ציונים פון תנאים, וואו זיי האבן געזאגט סליחות מיט תחנונים און מתפלל געווען אויף די חברים און נדיבים וואס האלטן אויס די ישיבה.

דינסטאג זיינען זיי אנגעקומען קיין צפת, די גאנצע שטאט איז זיי ארויס מקבל פנים זיין. מען האט זיי אויפגענומען מיט גרויס כבוד און אפגעזונדערט פאר זיי א וואוינונג וואו זיי זאלן קענען לערנען אין דער צייט וואס זיי וועלן זיך אויפהאלטן אין צפת. דאנערשטאג אינדערפרי, נאכדעם וואס אלע האבן זיך געטובלט, האבן זיי זיך ארויסגעלאזט אויפן בית החיים צוזאמען מיט א עלטערן אידן וועלכער האט געוואוסט קלאר די אלע מערות און ציונים פון די צדיקים אין יענעם

גֶעגֶנְד, דֶערְנָאךְ זַיינֶען זֵיי גֶעבְּלִיבְּן לֶערְנֶען אִין צְפַת בִּיז פּוּרִים.

שׁוּשַׁן פּוּרִים ט״ו אֲדָר, נָאכְן לֵייעֶנֶען דִי מְגִילָה, זַיינֶען זֵיי גֶעפָאהְרְן קֵיין מֵירוֹן. אוֹיפְן וֶועג הָאבְּן זֵיי זִיךְ מִשְׁתַּטֵחַ גֶעוֶוען אוֹיף דִי צִיוּנִים פוּן דִי תַּנָאִים וָואס לִיגְן בַּאהַאלְטְן צְווִישְׁן צְפַת אוּן מֵירוֹן. אַרוֹיפְקוּמֶענְדִיג צוּם צִיוּן פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי, הָאט דֶער ״אוֹר הַחַיִים״ אָנְגֶעצוּנְדְן אֵיינִיגֶע קְלֵיידֶער אִין דֶער הַדְלָקָה זַייל לְכָבוֹד רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי.

דֶער גָאוֹן רַבִּי שְׁמוּאֵל הֶעלִיר זצ״ל, דֶער רָב פוּן צְפַת דֶערְצֵיילְט, אַז עֶר הָאט גֶעהֶערְט פוּן עֶטְלִיכֶע סְפַרְדִישֶׁע רַבָּנִים, וָואס הָאבְּן גֶעהֶערְט דֶערְצֵיילְן פוּן זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, אַז וֶוען דֶער קָדוֹשׁ רַבִּי חַיִים בֶּן עָטָר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין מֵירוֹן, וֶוען עֶר אִיז צוּגֶעקוּמֶען צוּם אָנְהוֹיבּ בַּארְג פוּן וֶועלְכְן מֶען גֵייט אַרוֹיף צוּ דֶער מְעָרָה, אִיז עֶר אַרָאפְּגֶעשְׁטִיגְן פוּן דֶעם אֵייזְל, אוּן גֶעקְרָאכְן אוֹיף דֶער עֶרְד אוֹיף דִי הֶענְד אוּן דִי פִיס, דִי גַאנְצֶע וֶועג הָאט עֶר גֶעקְרֶעכְצְט אוּן גֶעשְׁרִיגְן: ווִי אַזוֹי קֶען אִיךְ, אַזַא נִידְרִיגֶער מֶענְטְשׁ, זִיךְ דֶערְוַואגְן אוּן אַרַיינְגֵיין אִין

אַ אָרְט וואו עֶס פְלַאמְט אַ גְרוֹיסֶער פַייעֶר, וַוייל דִי שְׁכִינָה מִיט דֶער גַאנְצֶער פַּמַלְיָא שֶׁל מַעְלָה גֶעפִינֶען זִיךְ דָא, אוּן אַלֶע נְשָׁמוֹת פוּן דִי צַדִיקִים זַיינֶען דָא. עֶר הָאט זִיךְ דָארְטְן זֵייעֶר גֶעפְרֵיידְט אוּן עֶר אַלֵיין הָאט פַארְבְּרֶענְט טַייעֶרֶע קְלֵיידֶער לְכָבוֹד רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי.

דֶער "אוֹר הַחַיִּים" הָאט אִין מֵירוֹן, בַּיים צִיּוּן פוּן רַשְׁבִּ"י, אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר דִי תַּלְמִידִים יֶעדְן אֵיינֶעם וָואס צוּ לֶערְנֶען, זֵיי הָאבְּן גֶעלֶערְנְט בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט, גֶעשְׁלָאפְן נִישְׁט מֶעהר וִוי צְוֵויי שָׁעָה אוּן דֶערְנָאךְ גֶעלֶערְנְט אַכְטְצְן שָׁעָה נָאכַאנַאנְד.

פְרַייטָאג זַיינֶען זֵיי אַרוֹיס אִיבֶּערְן בַּארְג זִיךְ מִשְׁתַּטֵחַ זַיין אוֹיף דִי צִיּוּנִים פוּן דִי תַּנָאִים אוּן פַארְבְּרֵיינְגְט אוֹיף דִי בֶּערְג בִּיז פַארְנַאכְט, בַּיי יֶעדְן צִיּוּן הָאבְּן זֵיי אוֹיךְ גֶעלֶערְנְט. בַּיים צִיּוּן פוּן הִלֵל הַזָקֵן הָאבְּן זֵיי דוּרְכְגֶעלֶערְנְט גַאנְץ מִשְׁנַיוֹת, יֶעדֶער צְוֵויי הָאבְּן גֶעלֶערְנְט אַ גַאנְצְן סֵדֶר. שַׁבָּת הָאבְּן זֵיי פַארְבְּרֵיינְגְט אִין דֶער מְעָרָה פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן. דֶעם גַאנְצְן שַׁבָּת הָאבְּן זֵיי גֶעלֶערְנְט זוֹהַר. מוֹצָאֵי שַׁבָּת זַיינֶען זֵיי גֶעוֶוען וַואךְ אַ גַאנְצֶע נַאכְט אוּן

גֶעלֶערְנְט די אִדְרוֹת צוּזַאמֶען. אִינְדֶערְפְרִי הָאבְּן זֵיי ווִידֶער מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען בַּיים צִיוּן, דֶערְנָאךְ גֶעזוּנְגֶען אוּן זִיךְ גֶעפְרֵיידְט אוּן צוּרִיק גֶעפָאהְרְן קֵיין צְפַת, וואוּ זֵיי הָאבְּן פַארְעֶנְדִיגְט צוּ גֵיין אוֹיף די הֵיילִיגֶע צִיוּנִים וָואס זֵיי הָאבְּן דֶעם פְרִיעֶרְדִיגְן מָאל נִישְׁט אוֹיסְפִּיעֶט.

כ״ג אֲדָר אִיז דֶער ״אוֹר הַחַיִּים״ אַוֶּועק צוּזַאמֶען מִיט אֵיין תַּלְמִיד בַּאזוּכְן דֶעם רָב פוּן טְבֶרְיָא, דֶער גָאוֹן אוּן צַדִיק רַבִּי חַיִּים אַבּוּלֶעפְיָא זצ״ל. עֶר הָאט אִיהם אוֹיפְגֶענוּמֶען מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד אוּן דֶער ״אוֹר הַחַיִּים״ הָאט זִיךְ דָארְטְן אוֹיפְגֶעהַאלְטְן נַיין טֶעג, בִּיז ב׳ נִיסָן, וואוּ עֶר אִיז צוּרִיק גֶעפָארְן אוֹיף שַׁבָּת קֵיין צְפַת. ו׳ נִיסְן זַיינֶען זֵיי צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אִין עַכּוֹ אוּן זִיךְ גֶעזֶעצְט לֶערְנֶען אִין דֶער יְשִׁיבָה אַזוֹי ווִי פְרִיעֶר. די יְשִׁיבָה הָאט זִיךְ פַארְגְרֶעסֶערְט אוּן עֶס זַיינֶען צוּגֶעקוּמֶען נַייעֶ תַּלְמִידִים פוּן די גָלִיל שְׁטֶעט.

עֶנְדֶע אִיז גֶעשֶׁעהְן אַ אוּמְגְלִיק אִין דֶער יְשִׁיבָה. אֵיינֶער פוּן די חָשׁוּבֶע יוּנְגֶע לַייט פוּן דֶער יְשִׁיבָה, רַבִּי שְׁמוּאֵל נַחְמָנִי, אִיז גֶעשְׁטָארְבְּן אוּן בַּאלְד נָאךְ אִיהם אַ יוּנְגֶער בָּחוּר׳ל, יְהוּדָה הַכֹּהֵן.

— ״אַ צִיטֶער הָאט מִיר אָנְגֶענוּמֶען — שְׁרַייבְּט רַבִּי חַיִּים בֶּן עָטָר אִין אַ בְּרִיוו צוּ דֶעם קָאמִיטֶעט פוּן יְשִׁיבָה — צוּקוּקְנְדִיג צוּם בְּרָאךְ פוּן גְרוֹיסְן מִיטְן קְלֵיינֶעם. אִיךְ הָאבּ בַּאלְד גֶעשְׁטוּרֶעמְט אוּן זִיךְ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגְן פוּן דִי שְׁטָאט עַכּוֹ וֶועלְכֶע אִיז אַ סָפֵק צוּ עֶס אִיז דָארְטְן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּן מִיר זַיינֶען אַלֶע אַוֶועק צוּ דֶעם דָארְף פְּקִיעִין, וֶועלְכֶער אִיז זִיכֶער אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל פוּנְקְט אַזוֹי וְוִי צְפַת אוּן טְבֶרְיָא. דָארְטְן גֶעפִינְט זִיךְ דִי מְעָרָה וואוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי הָאט זִיךְ אוֹיסְבַּאהַאלְטְן אוּן דֶער בָּאקְסֶער בּוֹים פוּן וֶועלְכְן עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁפַּייזְט. מִיר הָאבְּן זִיךְ דָארְטְן גֶעהֵיילִיגְט אוּן גֶעלֶערְנְט צְוֵויי מָאנַאטְן, סִיוָן אוּן תַּמוּז, לוֹיט דִי אַלֶע בַּאדִינְגוּנְגֶען פוּן דֶער יְשִׁיבָה. אִין מָאנַאט תַּמוּז, בִּין אִיךְ אַרוֹיס זִיךְ מִשְׁתַּטֵחַ זַיין אוֹיף דִי קְבָרִים פוּן דִי צַדִיקִים, אַ וֶועג פוּן דְרַיי טֶעג אוּן דְרַיי נֶעכְט, בִּיז וַואנֶען אִיךְ הָאבּ זִיךְ מִשְׁתַּטֵחַ גֶעוֶועזְן אוֹיף דִי צִיוּנִים פוּן כִּמְעַט אַלֶע צַדִיקִים וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. אִיךְ וֶועל זֵיי אוֹיסְרֶעכֶענֶען בַּיים עֶנְדֶע בְּרִיוו. בַּיי יֶעדְן צַדִיק הָאבְּן מִיר מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזְן מִיט טְרֶערְן אוּן גֶעבֶּעטְן רַחֲמִים אוֹיף דֶער עֶקְזִיסְטֶענְץ פוּן דֶער חֶבְרֶה אוּן אוֹיף דֶער הַצְלָחָה פוּן דִי חֲבֵרִים, אַז

דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל זֵיי גֶעבְּן אַ גוּטְן אוּן לַאנְגְן לֶעבְּן מִיט פִיהל הַצְלָחָה אוּן זֵיי זָאלְן זוֹכֶה זַיין צוּ זֶעהן דֶעם מֶלֶךְ הַמָּשִׁיחַ א.א.וו.״

## יוֹם כִּפּוּר אוּן שִׂמְחַת תּוֹרָה

אַ אִיד פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז אַמָאל גֶעקוּמֶען צוּם רִיזְשִׁינֶער רֶבִּין, רַבִּי יִשְׂרָאֵל זצ״ל. הָאט אִיהם דֶער צַדִיק גֶעפְרֶעגְט:

— וָואס זֶעהט מֶען ל״ג בָּעוֹמֶר אוֹיפְן צִיוּן פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי?

הָאט אִיהם דֶער אִיד גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— יוֹם כִּפּוּר אִינֶווייניג אִין דֶער מְעָרָה אוּן שִׂמְחַת תּוֹרָה אִין דְרוֹיסְן!

הָאט דֶער רִיזְשִׁינֶער אַ צוּפְרִידֶענֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— אוֹיב אַזוֹי, זֶעהט מֶען גוּט!

# דֶער מַגִיד פוּן קָאזְשְׁנִיץ מִיט רַשְׁבִּ״י

די מַעֲשֶׂה הָאט דֶערְצֵיילְט דֶער צַדִיק רַבִּי יָאסֶעלֶע דָאמְבְּרָאוֶוער זצ״ל וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען אַ אֵיידִים בַּיים קָאזְשְׁנִיצֶער מַגִיד׳ס זוּהן, דֶער רֶבִּי רַבִּי משֶׁה אֶלְיָקִים בְּרִיעָה זצ״ל.

דֶער שְׁטֵייגֶער פוּן רַבִּי יָאסֶעלֶע׳ן אִיז גֶעוֶוען יֶעדֶעס יָאהר, צוּ פָאהרְן קֵיין מָאגֶעלְנִיצֶע אוּן זִיךְ מִשְׁתַּטֵחַ זַיין אוֹיף דֶעם צִיוּן פוּן הֵיילִיגְן צַדִיק פוּן מָאגֶעלְנִיצֶע, הַקָדוֹשׁ רַבִּי חַיִים יְחִיאֵל מֵאִיר זצ״ל, וֶועמֶענְס יָאהרְצַייט עֶס פַאלְט אוֹיס אִין ט״ו אִיָר, ווַייל רַבִּי יָאסֶעלֶע אִיז גֶעוֶוען אַ פַּייעֶרְדִיגֶער חָסִיד פוּן מָאגֶעלְנִיצֶער צַדִיק, אוּן פוּן דָארְטְן פְלֶעגְט עֶר פָאהרְן אַהֵיים דוּרְךְ קָאזְשְׁנִיץ אוּן זִיךְ מִשְׁתַּטֵחַ זַיין אוֹיף דֶעם צִיוּן פוּן קָאזְשְׁנִיצֶער מַגִיד אִין ל״ג בָּעוֹמֶר.

דֶער אוֹיפְזֶעהֶער אוֹיף דִי הֵיילִיגֶע צִיוּנִים פוּן

דֶעם קָאזְשְׁנִיצֶער מַגִיד׳ס אוֹהֶל אִיז גֶעוֶוען דֶער אַלְטֶער חָסִיד רַבִּי מֹשֶׁה ז״ל. הָאט עֶר זִיךְ אֵיינְמָאל גֶעוֶוענְדֶעט. צוּ רַבִּי יָאסֶעלֶען מִיט אַ פְרַאגֶע, וָואס אִיז דִי סִיבָּה וָואס עֶר שְׁטֶעלְט אוֹיס שְׁטֶענְדִיג צוּ בַּאזוּכְן דֶעם צִיוּן פוּן מַגִיד פּוּנְקְט אִין ל״ג בָּעוֹמֶר?

— דִי מַעֲשֶׂה אִיז אַזוֹי — הָאט אִיהם רַבִּי יָאסֶעלֶע דַאן גֶעעֶנְטְפֶערְט — דָאס אִיז גֶעשֶׁעהן אִין דֶער צַייט וֶוען אִיךְ הָאבּ נָאךְ גֶעגֶעסְן קֶעסְט בַּיי מַיין שְׁוֶוער זצ״ל.

אֵיינְמָאל אִין ל״ג בָּעוֹמֶר, רוּפְט זִיךְ אָן מַיין שְׁוֶוער צוּ מִיר אוּן צוּ נָאךְ אֵיינִיגֶע יוּנְגֶעלַייט אוּן עֶר זָאגְט:

— אוֹיבּ אִיהר ווִילְט הַיינְט זַיין אִין מֵירוֹן אוֹיפְן צִיוּן פוּן הֵיילִיגְן תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי ז״ל, קֶענְט אִיהר זִיךְ מִשְׁתַּטֵחַ זַיין אוֹיף דֶעם צִיוּן פוּן מַיין פָאטֶער, דֶער מַגִיד זצ״ל, וֶועט עֶס אַייךְ זַיין גֶערֶעכְנְט פּוּנְקְט ווִי אִיהר וָואלְט גֶעוֶוען אִין מֵירוֹן.

— וֵוייסְט אִיהר פַארְוָואס? — הָאט דֶער שְׁוֶוער זצ״ל וַוייטֶער גֶעזָאגְט — וֶועל אִיךְ אַייךְ

פְרִיעֶר דֶערְצֵיילְן אַ מַעֲשֶׂה וָואס הָאט פַּאסִירְט בַּיי מַיין פָּאטֶער, דֶער הֵיילִיגֶער מַגִיד זצ״ל.

דֶער שְׁטֵייגֶער פוּן מַיין פָּאטֶער פְלֶעגְט זַיין, צוּ פְּרַאוֶועטְן שִׂמְחַת תּוֹרָה דִי הַקָפוֹת מִיט גְרוֹיס הִתְלַהֲבוּת, עֶר הָאט גֶעטַאנְצְט אוּן זִיךְ גֶעפְרֵיידְט מִיט דֶער תּוֹרָה מַמֶשׁ עַד כְּלוֹת הַנֶפֶשׁ.

אֵיינְמָאל, שִׂמְחַת תּוֹרָה, הָאט דֶער פָּאטֶער זצ״ל גֶעפְּרַאוֶועט דִי הַקָפוֹת מִיט אַ אוֹיסֶערְגֶעוֵויינְלִיכֶע הִתְלַהֲבוּת, פִיהל שְׁטַארְקֶער ווִי אַלֶע יָאהר. מֶען הָאט דֶערְקֶענְט אוֹיף אִיהם דָאס עֶר אִיז זֵייעֶר פְרֵיילַאךְ. דִי קְדוּשָׁה הָאט מַמֶשׁ גֶעבְרֶענְט אִין אִיהם. מִיר הָאבְּן נִישְׁט גֶעוואוּסְט אוּן זִיךְ אוֹיךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט פָארְשְׁטֶעלְן פוּן וָואס עֶס נֶעמְט זִיךְ. אִיךְ אַלֵיין הָאב נִישְׁט גֶעוַואגְט צוּ פְרֶעגְן מַיין פָּאטֶער דֶערְפוּן. אָבֶער מַיין שְׁוָואגֶער, רַבִּי אֲבִי עֶזְרָא זֶעלִיג שַׁפִּירָא זצ״ל (דֶער פָּאטֶער פוּן מָאגֶעלְנִיצֶער רֶבִּין זצ״ל), הָאט זִיךְ יָא גֶעוַואגְט אוּן גֶעפְרֶעגְט מַיין פָּאטֶער, וָואס אִיז הַיינְט עֶפֶּעס גֶעוֶוען אַזֶעלְכֶע אוֹיסֶערְגֶעוֵויינְלִיכֶע פְרֵיילִיכֶע הַקָפוֹת, וַוייל אַלֶע הָאבְּן דֶערְקֶענְט אַז הַיינְט אִיז גֶעשֶׁעהן מִיט מַיין פָּאטֶער עֶפֶּעס בֶּעזוּנְדֶער.

— אויבּ דו הָאסְט מִיר שׁוין גֶעפְרֶעגְט, מַיין קִינְד — הָאט מַיין פָאטֶער אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט — װעל אִיךְ דִיר מְגַלֶה זַיין וָואס הַיינְט אִיז בַּיי מִיר פָארְגֶעקוּמֶען. װיסְן זָאלְסְטוּ, אַז מַיין פָאטֶער רַבִּי שַׁבְּתַי ז״ל גֶעפִינְט זִיךְ אִין גַן עֶדֶן אִין דֶעם זֶעלְבְּן הֵיכָל אַוואוּ עֶס גֶעפִינְט זִיךְ רַבִּי יוֹחַאי ז״ל דֶער פָאטֶער פוּן דֶעם גֶ־טְלִיכְן תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן ז״ל. הַיינְטִיגְן טָאג הָאט רַבִּי יוֹחַאי ז״ל גֶעבֶּעטְן פוּן מַיין פָאטֶער עֶר זָאל אִיהם פִיהרְן צוּ מִיר, עֶר װיל זֶעהן װי אַזוֹי אִיךְ פְּרַאוֶוע דִי הַקָפוֹת און דֶערְפַאר הָאט עֶר אִיהם פַארְשְׁפְּרָאכְן, אַז װֶען עֶס װֶעט קוּמֶען ל״ג בָּעוֹמֶר, װֶעט עֶר אִיהם פִיהרְן קֵיין מִירוֹן, זִיךְ צוּ בַּאטֵיילִיגְן אִין דֶער הִילוּלָא פוּן זַיין זוּהן רַבִּי שִׁמְעוֹן ז״ל. מַיין פָאטֶער הָאט עֶס אִיהם צוּלִיבּ גֶעטְהוּן און בֵּיידֶע זַיינֶען בַּיי מִיר גֶעשְׁטַאנֶען בִּשְׁעַת דִי הַקָפוֹת.

— און װיבַּאלְד רַבִּי יוֹחַאי אִיז גֶעשְׁטַאנֶען נֶעבְּן מִיר בַּיי דִי הַקָפוֹת — הָאט דֶער מַגִיד אוֹיסְגֶעפִיהרְט — הָאט פוּן זַיין קְדוּשָׁה אַרַיינְגֶעשְׁטְרַאלְט אִין מִיר אַזַא פַייעֶר און בְּרֶען, אַז אִיךְ בִּין מַמָשׁ אַרוֹיס פוּן דִי כֵּלִים פוּן דֶעם גְרוֹיסְן לִיכְט.

— דערפון האב איך פארשטאנען — האט מיין שווער צו מיר דאן געזאגט — אז פונקט ווי מיין זיידע רבי שבתי ז"ל, דער פאטער פון מגיד ז"ל, האט א בעזונדערן שייכות מיט רבי יוחאי ז"ל, דאס זעלבע האט זיין זוהן, דער הייליגער תנא רבי שמעון בן יוחאי ז"ל, א בעזונדערן שייכות מיט מיין פאטער, דער הייליגער מגיד ז"ל, און דעריבער קען מען פיהלן ל"ג בעומר, געפינענדיג זיך אויף דעם ציון פון מיין פאטער, דער מגיד ז"ל, א מעין פון דעם וואס מען פיהלט, ווען מען געפינט זיך אין דעם זעלבן טאג אין מירון, אויף דעם ציון פון רשב"י ז"ל.

## די קדושה פון דעם טאג

דער צדיק רבי אברהם קאליסקער זצ"ל, פלעגט זיך טובלען אין מקוה ל"ג בעומר אינדערפרי און זאגן: "איך בין מקבל אויף מיר די קדושה פון דעם טאג".

# דֶער מוּנְקַאטְשֶׁער רָב אִין מֵירוֹן

## (ל״ג בָּעוֹמֶר תר״צ)

ווִי גְלִיקְלַאךְ זַיינֶען מִיר גֶעוֶועזְן וֶוען מִיר זַיינֶע אָנְגֶעקוּמֶען אָנְהוֹיבּ דִי נַאכְט פוּן ל״ג בָּעוֹמֶר אִין דֶער שְׁטָאט צְפַת, וואוּ עֶס הָאבְּן גֶעלֶעבְּט אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע צַדִיקִים אוּן קְדוֹשִׁים ווִי דֶער הֵיילִיגֶער בֵּית יוֹסֵף זי״ע אוּן דֶער אֲרִ״י הַקָדוֹשׁ אוּן דֶער גַאנְצֶער דוֹר דֵעָה וָואס אִיז גֶעוֶוען אִין יֶענֶע צַייט.

דִי מִתְפַּלְלִים פוּן צַאנְזֶער בֵּית מִדְרָשׁ (וָואס אִיז גֶעגְרִינְדֶעט גֶעוָוארְן דוּרְךְ דִי חֲסִידִים פוּן הֵיילִיגְן צַאנְזֶער רָב אוּן זַיין זוּהן דֶער הֵיילִיגֶער שִׁינֶעוֶוער רָב) הָאבְּן אוּנְז שׁוֹין אָפְּגֶעוַוארְט אוּן פַארְבֶּעטְן כ״ק אַדְמוֹ״ר עֶר זָאל צוּ זֵיי אַרַיינְקוּמֶען דַאוְונֶען ווִי אוֹיךְ אִין שַׁבָּת. כ״ק אַדְמוֹ״ר הָאט צוּגֶעשָׁאקְלְט מִיטְן קָאפּ אוּן מִיר זַיינֶען בַּאלְד אַוֶועק אִין יֶענֶעם בֵּית מִדְרָשׁ צוּ דַאוְונֶען מַעֲרִיב. נָאכְן דַאוְונֶען פִיהְרְט מֶען זִיךְ צוּ מַאכְן אַ הַדְלָקָה

אַזוֹי וְוי אִין מֵירוֹן אוֹיף דֶעם צִיוּן פוּן דֶעם הֵיילִיגְן תַּנָא רַבָּן שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי. אוֹיךְ אִין דִי אַנְדֶערֶע שְׁטֶעט אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל פִיהרט מֶען זִיךְ צוּ מַאכְן אַ הַדְלָקָה אִין דֶער נַאכְט פוּן ל״ג בָּעוֹמֶר.

די הַדְלָקָה אִיז אַזוֹי פָארְגֶעקוּמֶען. מֶען הָאט אוֹיסְגֶעלֵייגְט גְרוֹיסֶע שִׁיסְלֶען אָנְגֶעפִיהְלְט מִיט אַלְטֶע צוּרִיסֶענֶע קְלֵיידֶער, בַּאגָאסְן מִיט בּוֹימְל אוּן עֶס אַרוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף אַ דַאךְ נֶעבְּן דֶעם בֵּית הַמִדְרָשׁ. דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם אִיז גֶעשְׁטַאנֶען נֶעבְּן דֶעם צוֹים פוּן בֵּית הַמִדְרָשׁ אוּן פוּן דָארְטְן הָאט מֶען אָנְגֶעצוּנְדְן דֶעם פַייעֶר מִיט אַ לַאנְגְן הָאלְץ בִּיז וַואנֶען דֶער פַייעֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעפְלַאקֶערְט. מֶען הָאט מְכַבֵּד גֶעוֶוען פַאר כ״ק אַדְמוֹ״ר אָנְצִינְדְן דֶעם פַייעֶר אוּן דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט גֶענוּמֶען טַאנְצְן אוּן זִינְגֶען פַארְשִׁידֶענֶע זְמִירוֹת לְכָבוֹד דֶעם תַּנָא רַבָּן שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי מִיט סְפֶּעצִיעֶלֶע נִיגוּנִים. מֶען הָאט גֶעזוּנְגֶען דֶעם זֶמֶר ״לְכָבוֹד הַתַּנָא הָאֱלֹקִי, רַבָּן שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי״ אוּן לְכָבוֹד זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר. מֶען הָאט אוֹיךְ גֶעזוּנְגֶען: ״וַאֲמַרְתֶּם כֹּה לֶחָי אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי. וַאֲמַרְתֶּם כֹּה לֶחָי רַבָּן שִׁמְעוֹן צַדִיקָאי״. אוּן מִיט אַ סְפֶּעצִיעֶלְן נִיגוּן: ״אָמַר רַבִּי עֲקִיבָא אַשְׁרֵיכֶם יִשְׂרָאֵל לִפְנֵי מִי אַתֶּם מְטַהֲרִין וּמִי מְטַהֵר

אֶתְכֶם אֲבִיכֶם שֶׁבַּשָּׁמַיִם״. א.א.וו. דֶערְנָאךְ טַאנְצְט מֶען און מֶען זִינְגְט דֶעם זֶמֶר ״בַּר יוֹחַאי נִמְשַׁחְתָּ אַשְׁרֶיךָ שֶׁמֶן שָׂשׂוֹן מֵחֲבֵרֶיךָ״ מִיט אַ בַּאזוּנְדֶערְן גֶעשְׁמַאקְן נִיגוּן. אוֹיךְ כ״ק אַדְמוֹ״ר הָאט גֶעטַאנְצְט און גֶעזוּנְגֶען מִיט וואוּנְדֶערְלִיכֶער הִתְעוֹרְרוּת אַנְטְקֶעגְן דֶעם פַייֶער.

דֶערְנָאךְ הָאט מֶען אַרַיינְגֶעפִירְט אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ אַ קִינְד פוּן דְרַיי יָאהר, ווִי דֶער שְׁטֵייגֶער איז צוּ אָפְּשֶׁערְן דִי הָאר אין לַ״ג בָּעוֹמֶר, (פּוּנְקְט ווִי אִין מִירוֹן וואוּ מֶען בְּרֵיינְגְט בַּיים הֵיילִיגְן צִיוּן פוּן רַבָּן שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי קִינְדֶערְלַאךְ פוּן דְרַיי יָאהר זַיי אָפְּשֶׁערְן דֶעם עֶרְשְׁטְן מָאל און לָאזְן פֵּיאוֹת׳לַאךְ. דִי עֶלְטֶערְן פוּן דִי קִינְדֶער גֵייֶען אָנְגֶעטְהוּן אִין שַׁבָּת׳דִיגֶע קְלֵיידֶער מִיט אַ שְׁטְרַיימְל אוֹיפְן קָאפּ און מֶען טַאנְצְט און מֶען זִינְגְט און מֶען לוֹיבְט דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטְן מִיט גְרוֹיס בְּרֶען). דָאס קִינְד איז גֶעווֶען אָנְגֶעטְהוּן אִין שֵׁיינֶע קְלֵיידֶער און זַיינֶע פֵּיאוֹת זַיינֶען גֶעוֶוען צוּגֶעקֶעמְט. מֶען הָאט אִיהם אָפְּגֶעשׁוֹירְן אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ און גֶעטֵיילְט מְזוֹנוֹת מִיט מַשְׁקֶה און דֶערְנָאךְ אַרוֹיס אִין אַ טַאנְץ. דֶער טַאטֶע פוּן קִינְד הָאט גֶענוּמֶען דֶעם קִינְד אוֹיף דִי אַקְסְלֶען און

גֶעטַאנְצְט מִיט אִיהם אַרום דִי בִּימָה צוּזַאמֶען מִיטְן גַאנְצְן עוֹלָם. עֶס אִיז גֶעוֶוען וואוּנְדֶערְבַּאר שֵׁיין אוּן הֶערְלִיךְ.

(אָט דֶער מִנְהָג וֶוערְט שׁוֹין דֶערְמַאנְט אִין שַׁעַר הַכַּוָונוֹת (פוּן רַבִּי חַיִים וִויטַאל דַף פ"ז) "דֶער מִנְהָג וָואס אִידְן פִיהרְן זִיךְ צוּ קוּמֶען ל"ג בָּעוֹמֶר אוֹיפְן צִיוּן פוּן רַבָּן שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי מִיט זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר וֶועלְכֶע לִיגְן בַּאהַאלְטְן אִין מֵירוֹן, אוּן מֶען עֶסְט אוּן מֶען פְרֵיידְט זִיךְ דָארְטְן. אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהן מַיין רֶבִּין ז"ל (דֶער אֲרִיזַ"ל) וֶועלְכֶער אִיז דָארְטְן גֶעגַאנְגֶען אוֹיף ל"ג בָּעוֹמֶר עֶר מִיט זַיין גַאנְצֶע הוֹיז גֶעזִינְד. עֶר אִיז דָארְטְן גֶעוֶוען דִי עֶרְשְׁטֶע דְרַיי טֶעג פוּן יֶענֶע וָואךְ. דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶעם עֶרְשְׁטְן מָאל נָאכְדֶעם וָואס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען פוּן מִצְרַיִם. רַבִּי יוֹנָתָן שַׁאגִיש הָאט מִיר דֶערְצֵיילְט אַז דֶעם עֶרְשְׁטְן יָאהר אֵיידֶער אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען מִיט מַיין רֶבִּין ז"ל, הָאט עֶר דָארְטְן גֶעפִיהרְט זַיין קְלֵיין קִינְד צוּזַאמֶען מִיט זַיין פַאמִילְיֶע, דָארְטְן הָאט מֶען אִיהם אָפְּגֶעשׁוֹירְן דִי הָאר, אוּן גֶעמַאכְט אַ סְעוּדָה מִיט גְרוֹיס פְרֵייד).

נָאנְט צוּ הַאלְבֶּע נַאכְט הָאבְּן מִיר גֶעזֶעהן

דוּרְךְ אוּנְזֶערֶע פֶענְסְטֶער וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ צוּם רִיכְטוּנְג פוּן מֵירוֹן, דֶעם גְרוֹיסְן פַייעֶר וָואס מֶען הָאט דָארְטְן אָנְגֶעצוּנְדְן אוֹיפְן הוֹיף פוּן דֶעם צִיוּן פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי זי"ע, וואו עֶס קוּמְט פָאר אַ גְרוֹיסֶע אוּמְבַּאגְרֶענִיצְטֶע פְרֵייד אוּן דָאס הוֹיף אִיז אִיבֶּערְגֶעפִיהָלְט מִיט טוֹיזֶנְטֶער אִידְן וֶועלְכֶע גֶעפִינֶען זִיךְ דָארְטְן אַ גַאנְצֶע נַאכְט.

דִי עֶרְלִיכֶע אִידְן פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּן צְפַת הָאבְּן אָבֶּער גֶערָאטְן פַאר כ"ק אַדְמוֹ"ר עֶר זָאל נִישְׁט פָאהרְן קֵיין מֵירוֹן בַּיינַאכְט, וַוייל לַיידֶער קוּמְט דָארְטְן פָאר גְרוֹיס תַּעֲרוּבוֹת, וואו עֶס קוּמֶען זִיךְ צוּזַאמֶען בַּחוּרִים מִיט מֵיידְלַאךְ פוּן דִי קִבּוּצִים. מֶען טַאנְצְט אוּן מֶען הוּלְיֶעט צוּזַאמֶען אוּן מֶען פַארְשְׁוֶועכְט דִי קְדוּשָׁה פוּן דֶעם הֵיילִיגְן אָרְט. דַאגֶעגְן בַּייטָאג אִיז שׁוֹין פִיהל לַייכְטֶער, וַוייל דָאס מֶערְהַייט פוּן דִי פְרַייעֶ צוּפָארְן זִיךְ אוֹיף מָארְגְן.

ל"ג בָּעוֹמֶר אִינְדֶערְפְרִי וֶוען מִיר זַיינֶען אַרוֹיסְגֶעפָארְן פוּן צְפַת קֵיין מֵירוֹן, הָאבְּן מִיר נָאךְ אוֹיסְפִּיעֶט צוּ זֶעהן אָט דִי רְשָׁעִים ווִי זֵיי פָאהרְן צוּרִיק פוּן מֵירוֹן אוּן זִינְגֶען אִינְגְלַאךְ מִיט מֵיידְלַאךְ

צוזַאמֶען, ה׳ יְרַחֵם. דֶער הֵיילִיגֶער תַּנָא רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי זי״ע אִיז גֶעוִויס בְּרוֹגֶז דֶערוֹיף אוּן עֶר וֶועט עֶס נִישְׁט פַארְשְׁוַוייגְן. מִיר הָאבְּן דֶערִיבֶּער פַארְבְּרֵיינְגְט בַּיי דֶער הַדְלָקָה אִין צְפַת אוּן דִי הַדְלָקָה אִין מֵירוֹן הָאבְּן מִיר נָאר גֶעזֶעהן פוּן דֶערְוַוייטְנְס.

פְרַייטָאג אִינְדֶערְפְרִי אִיז גֶעקוּמֶען דֶער אוֹיטָאבּוּס אוּנְז נֶעמֶען קֵיין מֵירוֹן, מִיט גְרוֹיס צִיטֶער הָאבְּן מִיר זִיךְ צוּגֶעגְרֵייט צוּ דֶער נְסִיעָה. דִי גַאנְצֶע וֶועג אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעפִיהלְט מִיט מֶענְטְשְׁן. טֵייל וָואס קוּמֶען יֶעצְט קֵיין מֵירוֹן אוּן טֵייל וָואס גֵייעֶן שׁוֹין צוּרִיק. דִי וֶועג אִיז זֵייעֶר אַ שְׁמָאלֶע אוּן צוּלִיבּ דֶעם גְרוֹיסְן עוֹלָם אוּן פַארְקֶעהר וָואס טְהוּט זִיךְ אוֹיף אִיהר, אִיז זֵייעֶר שְׁוֶוער צוּ פָאהרְן. דִי שִׂמְחָה פוּן דֶעם יוֹם טוֹב אִיז קֶענְטִיג אוֹיף אַלֶע גַאסְן. בֶּעזוּנְדֶער וֶוען מֶען קוּמְט צוּ נֶענְטֶער צוּ מֵירוֹן, זֶעהט מֶען דַאן דִי אוֹיסֶערְגֶעוֵויינְלִיכֶע פְרֵייד אוּן פַייעֶרוּנְג וָואס הֶערְשְׁט צְווִישְׁן דִי מַאסְן אוּן וֶוען מֶען קוּמְט אַרַיין אִין דֶעם גְרוֹיסְן הוֹיף וָואס גֶעפִינְט זִיךְ בַּיים צִיוּן פוּן רַבָּן שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, דַאן גֵייט דִי שִׂמְחָה אַרִיבֶּער אַלֶע גְרֶענִיצְן. עֶס אִיז וִוי אַ יַם מִיט כְּוַואלְיֶעס מֶענְטְשְׁן וֶועלְכֶע גִיסְן זִיךְ

אַרַיין און אַרוֹיס, ווי אַ גְרוֹיסֶער רִיזִיגֶער מַארְק טָאג פון אַ גְרוֹיסְן שְׁטָאט. מֶען טַאנְצְט און מֶען זִינְגְט, מֶען פּוֹיקְט און מֶען שְׁפִּילְט אָן אוֹיפְהֶער, אַלֶעס לְכָבוֹד דֶעם גְרוֹיסְן הֵיילִיגְן תַּנָא וְועמֶענְס יוֹם הִילוּלָא אִיז הַיינְטִיגְן טָאג.

(דֶער חִידָ"א בְּרֵיינְגְט אִין זַיין סֵפֶר מוֹרֶה בְּאֶצְבַּע (סִ' חִ' אוֹת כ"ג), אַז אִין דֶעם טָאג ל"ג בָּעוֹמֶר זָאל מֶען זִיךְ פְרֵייעֶן מֶער ווי אַלֶעמָאל לְכָבוֹד רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי, וַוייל עֶס אִיז דַאן זַיין יוֹם הִילוּלָא , און עֶס אִיז בַּאקַאנְט אַז זַיין ווילְן אִיז מֶען זָאל זִיךְ פְרֵייעֶן אִין דֶעם טָאג. אוֹיךְ דֶער בְּנֵי יִשָׂשְׂכָר בְּרֵיינְגְט אַרָאפּ (אִין מַאֲמַר ל"ג בָּעוֹמֶר) "אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶערְוואוּסְט פון פַּארְלֶעסְלִיכֶע מֶענְטְשְׁן אַז דִי פְרֵייד וָואס הֶערְשְׁט אִין דֶעם טָאג אוֹיף דֶעם צִיוּן פון רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי אִיז אִיבֶּערְנַאטִירְלִיךְ, ווי דֶער פָּסוּק זָאגְט אוֹר צַדִיקִים יִשְׂמַח").

וֶוען כ"ק אַדְמוֹ"ר אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין הוֹיף הָאט זִיךְ דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם גֶענוּמֶען צוּשְׁטוּפְּן צוּ נֶעמֶען שָׁלוֹם, אָבֶּער כ"ק אַדְמוֹ"ר הָאט זִיךְ גֶעבֶּעטְן מִיט פַּארְטֶערְטֶע אוֹיגְן און אַ

גֶעבְּרָאכֶענֶע שְׁטִימֶע:

— לָאזְט מִיר אַרַיינְגֵיין אִינֶווייניג, צום הֵיילִיגְן צִיון!

עֶס הָאט אוּנְז אַלֶעמֶען אַרוּמְגֶענוּמֶען אַ צִיטֶער אַרַיינְקוּמֶענְדִיג אִינֶווייניג. וֶוער קֶען זִיךְ פָּארְשְׁטֶעלְן דִי גְרוֹיסֶע הֵיילִיגְקַייט פוּן דֶעם מוֹרָא׳דִיגְן אָרְט וואוּ אוֹפַנִים אוּן שְׂרָפִים זַיינֶען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען בַּיים מוֹרָא׳דִיגְן תַּנָא אוּן אַלֶע בַּאשֶׁעפֶענִישְׁן הָאבְּן זִיךְ גֶעטְרֵייסְלְט פוּן זַיינְס אַ וָוארְט. דִי אַלֶע צַדִיקִים אוּן קְדוֹשִׁים פְּלֶעגְן צִיטֶערְן וֶוען זֵיי זַיינֶען צוּגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם הֵיילִיגְן אָרְט, ווִי אַזוֹי קֶענֶען מִיר צוּגֵיין אַהֶער מִיט אַ רוּהִיגֶע הַארְץ אוּן לַייכְטְן גֶעמִיט. אָבֶער וֶוען מֶען קוּמְט צוּזַאמֶען מִיט אַלֶע אִידְן, קוּקְט מֶען נִישְׁט אַזוֹי שְׁטַארְק וֶוער עֶס קוּמְט.

(דֶער גָאוֹן רַבִּי שְׁמוּאֵל הֶעלִיר זצ״ל, דֶער רָב פוּן צְפַת, שְׁרַייבְּט אִין זַיין סֵפֶר כְּבוֹד מְלָכִים: וֶוען אִיךְ בִּין נָאךְ גֶעוֶוען יוּנְג, הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט פוּן דִי אַלְטֶע סְפַרְדִישֶׁע רַבָּנִים וֶועלְכֶע הָאבְּן נָאךְ גֶעהֶערְט פוּן זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, אַז דֶער הֵיילִיגֶער אוֹר הַחַיִּים,

דֶער צַדִיק רַבִּי חַיִים בֶּן עָטָר זצ״ל, אִיז אַמָאל גֶעוֶוען ל״ג בָּעוֹמֶר אִין צְפַת, און וֶוען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען קֵיין מֵירוֹן און צוּגֶעקוּמֶען צוּם אָנְהוֹיבּ בַּארְג וואו מֶען גֵייט אַרוֹיף צוּם הֵיילִיגְן צִיוּן, אִיז עֶר אַרָאפְּגֶעשְׁטִיגְן פוּן דֶעם אֵייזְל און אַרוֹיפְגֶעקְרָאכְן דֶעם בַּארְג גֵייעֶנְדִיג אוֹיף דִי הֶענְד און אוֹיף דִי פִּיס. דֶעם גַאנְצְן וֶועג הָאט עֶר גֶעהַאלְטְן אִין אֵיין שְׁרַייעֶן און מְרוּקֶען: גֶעוַואלְד, אַוואוּ גֵיי אִיךְ, אַזַא נִידְרִיגֶער מֶענְטְשׁ, אַרַיין, אִין אַ אָרְט וואוּ עֶס בְּרֶענְט אַ פְלַאם פַייעֶר פוּן אוֹיבֶּערְשְׁטְן! דִי גַאנְצֶע פַּמַלְיָא שֶׁל מַעְלָה גֶעפִינְט זִיךְ דָא, און אַלֶע נְשָׁמוֹת פוּן דִי צַדִיקִים זַיינֶען יֶעצְט דָא. וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אוֹיבְן, הָאט עֶר זִיךְ גֶעפְרֵיידְט אוֹיסֶערְגֶעוֵוינְלִיךְ).

מִיר זַיינֶען מִיטְגֶעגַאנְגֶען מִיט כ״ק אַדְמוֹ״ר און אַרַיין אִינֶוֵוייְנִיג אִין צִימֶער וואוּ עֶס אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעצוּנְדְן אָן אַ שִׁיעוּר לִיכְט מִיט בּוֹימְאֵייל־לַאמְטֶערְנֶעס. דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם אִיז גֶעוֶוען פַּארְטְהוּן, דֶער מִיט דַאוְונֶען אָדֶער תְּהִלִים זָאגְן, אַנְדֶערֶע הָאבְּן גֶעלֶערְנְט זוֹהַר און תִּיקוּנִים, אַנְדֶערֶע הָאבְּן גֶעזוּנְגֶען. טֵייל זַיינֶען גֶעזֶעסְן אוֹיף דֶער עֶרְד און טֵייל זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען גֶעבּוֹיגְן,

אַנְדֶערֶע זַיינֶען גֶעוֶוען אוֹיסְגֶעלֵייגְט אוֹיף דֶער עֶרְד, זַייעֶנְדִיג פַּארְמַאטֶערְט פוּן צוּ זַיין וַואךְ דִי גַאנְצֶע נַאכְט, אַנְדֶערֶע הָאבְּן גֶעהַאט זֵייעֶרֶע קִינְדֶערְלַאךְ צוּ חַאלַאקֶען. זֵיי זַיינֶען גֶעוֶוען אָנְגֶעטְהוּן אִין דִי שַׁבָּת׳דִיגֶע קְלֵיידֶער, זֵיי הָאבְּן גֶעטֵיילְט לֶעקַאךְ אוּן בְּרָאנְפְּן אוּן צוּגֶעוואוּנְטְשְׁן אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן מֶען זָאל זוֹכֶה זַיין אוֹיפְצוּהָאדֶעוֶוען דִי קִינְדֶער צוּ תּוֹרָה אוּן יִרְאַת שָׁמַיִם.

וֶוער עֶס הָאט נִישְׁט גֶעזֶעהן מִיט דִי אוֹיגְן דִי גְרוֹיסֶע הִתְעוֹרְרוּת אוּן אוֹיסֶערְגֶעוֵוינְלִיכֶע שִׂמְחָה וָואס הֶערְשְׁט דָארְט אוֹיפְן הֵיילִיגְן אָרְט, קֶען זִיךְ עֶס גָארְנִישְׁט פָּארְשְׁטֶעלְן. אוֹיךְ אִין גַאנְץ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הֶערְשְׁט אִין יֶענֶעם טָאג אַ גְרוֹיסֶע פְּרֵייד, אָבֶּער עֶס הָאט נִישְׁט קֵיין שׁוּם פֶּערְגְלַייךְ צוּ דֶער שִׂמְחָה וָואס הֶערְשְׁט אִין יֶענֶעם טָאג אִין מֵירוֹן אוֹיפְן הֵיילִיגְן צִיּוּן פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי זי״ע. דֶערְפוּן קֶען מֶען פַארְשְׁטֵיין דִי גְרוֹיסְקַייט פוּן דֶעם דָאזִיגְן טָאג וֶוען עֶס הֶערְשְׁט אַ שִׂמְחָה אִין אַלֶע עוֹלָמוֹת, אוּן לַיידֶער אִין חוּץ לָאָרֶץ, אוֹיסֶער בַּיי יְחִידֵי סְגוּלָה, פַּארְנֶעמְט נִישְׁט דֶער טָאג קֵיין בֶּעזוּנְדֶער אָרְט.

כ"ק אַדְמו"ר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען נָאנְט צוּם גְרוֹיסְן שְׁטֵיין, וואו עֶס אִיז אָנְגֶענוּמֶען אַז אוֹיף יֶענֶעם אָרְט אִיז דִי מְעָרָה פוּן רַשְׁבִּ"י זי"ע אוּן מִיט אַ וֵויינֶענְדִיגֶע שְׂטִים הָאט עֶר גֶענוּמֶען לֶערְנֶען עֶטְלִיכֶע בְּלַאט אִין דִי אִדְרָא קַדִישָׁא. דֶערְנָאךְ הָאט עֶר פָארְגֶעלֵייעֶנְט דִי קְוִויטְלַאךְ אוּן מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען פַארְן כְּלַל אוּן פַארְן פְּרַט. בַּיים זָאגְן קַאפִּיטְלַאךְ תְּהִלִים אִיז דֶער עוֹלָם שְׁטַארְק נִתְעוֹרֵר גֶעוָוארְן אוּן מֶען הָאט פַארְגָאסְן פִיהל טְרֶערְן. דֶערְנָאךְ הָאט מֶען גֶעלֵייגְט טַלִית אוּן תְּפִילִין אוּן מֶען הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט דַאוְונֶען.

נָאכְן דַאוְונֶען אוּן אוֹיסְטְהוּן דֶעם טַלִית אוּן תְּפִילִין, אִיז כ"ק אַדְמו"ר צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם אָרְט פוּן דִי מְעָרָה אוּן גֶענוּמֶען זִינְגֶען דֶעם זֶמֶר בַּר יוֹחַאי נִמְשַׁחְתָּ אַשְׁרֶיךָ, מִיט דֶעם סְפֶּעצִיעֶלְן נִיגוּן וָואס אִיז דֶערוֹיף פַארְפַּאסְט. דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט גֶעזוּנְגֶען אוּן גֶעפַּאטְשְׁט וֶוען כ"ק אַדְמו"ר טַאנְצְט אִין מִיטְן רָאד מִיט גְרוֹיס הִתְלַהֲבוּת אוּן דְבֵקוּת. דֶער עוֹלָם אִיז גֶעוֶוען זֵייעֶר גֶערִיהְרְט אוּן דִי שִׂמְחָה אִיז גֶעוֶוען אוֹיסֶערְגֶעוֵויינְלִיךְ.

נָאכְן טַאנְצְן הָאט כ"ק אַדְמו"ר זִיךְ אָנְגֶערוּפְן

צו זַיינֶע נָאנְטֶע:

אִיהר זָאלְט זיךְ נִישְׁט וואוּנְדֶערְן ווִי אַזוֹי עֶס הָאט גֶעוַואגְט אַזַא פְּרָאסְטֶער מֶענְטְשׁ ווִי אִיךְ (אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט פוּן גְרוֹיס עֲנִיוּוּת) צוּ טַאנְצְן אוּן זיךְ פְרֵייעֶן אִין אַזַא הֵיילִיגְן אָרְט, פַאר דֶעם תַּנָא רַבָּן שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, אִיךְ הָאבּ זיךְ פַארְלָאזְט אוֹיף דֶעם זְכוּת פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערְן, ווַייל אִיךְ בִּין דָאךְ אַ זוּהן פוּן דֶעם צַדִיק יְסוֹד עוֹלָם, דֶער מְחַבֵּר פוּן הֵיילִיגְן סֵפֶר "בְּאֵר לַחַי רוֹאִי" אוֹיף דֶעם תִּיקוּנֵי זוֹהַר, אוּן מִיטְן כֹּחַ פוּן זַיין הֵיילִיגְן חִבּוּר הָאט עֶר גֶעוִויס אַ גְרוֹיסְן פַארְקֶער אוּן נָאנְטְקַייט צוּ דֶעם דֶעם תַּנָא רַשְׁבִּ"י זי"ע. אוּן מִיט זַיין כֹּחַ, אַלְס זַיינֶער אַ קִינְד, עֶרְלוֹיבּ אִיךְ זיךְ אוֹיךְ צוּ פְרֵייעֶן אִין אַזַא פַייעֶרְדִיגְן אָרְט.

# "יְדִיד נֶפֶשׁ אָב הָרַחֲמָן"

דֶער הֵיילִיגֶער צַדִיק רַבִּי צְבִי הִירְשׁ פוּן זִידִיטְשׁוֹיב זצ"ל, אִיז גֶעזֶעצְן אַמָאל בַּיי דֶעם הֵיילִיגְן "טִישׁ" מִיט זַיינֶע חֲסִידִים אִין דֶער הִילוּלָא פוּן ל"ג בָּעוֹמֶר אוּן גֶעזָאגְט דִבְרֵי תּוֹרָה. צְווִישְׁן דִי אִיבְּרִיגֶע הָאט דֶער רֶבִּי גֶעזָאגְט, אַז "יְדִיד נֶפֶשׁ אָב הָרַחֲמָן" אִיז בְּגִימַטְרִיָא "רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי".(765).

# אַ מְחוּתָּן צוּ דֶער חֲתוּנָה

בַּיים מוּנְקַאטְשֶׁער רֶבִּין, הַצַּדִּיק רַבִּי חַיִּים אֶלְעָזָר שַׁפִּירָא זצ"ל אִיז לַ"ג בָּעוֹמֶר גֶעוֶועזְן אַ טָאג פוּן אַ בַּאזוּנְדֶערֶער יוֹם טוֹב. דֶעם טָאג הָאט עֶר גֶעהַאלְטְן פַאר אַ גָאר גֶעהוֹיבֶּענֶעם, וַוייל דָאס אִיז דֶער יָאהְרְצַייט פוּן דֶעם גְרוֹיסְן תַּנָא, אוֹיף וֶועלְכְן עֶס שְׁטֵייט אִין זוֹהַר הַקָּדוֹשׁ, אַז דֶער פָּסוּק פוּן "נַעֲשֶׂה אָדָם" אִיז אִינְגַאנְצְן גֶעמֵיינְט גֶעוָוארְן אוֹיף אִיהם, — אוֹיף דֶעם אָדָם הַשָּׁלֵם, דֶעם הֵיילִיגְן גֶ־טְלִיכְן תַּנָא רַשְׁבִּ"י זיע"א — דָאס אִיז דֶער יָאהְרְצַייט פוּן דֶעם פִירְכְטֶערְלִיכְן תַּנָא וָואס אִין זְכוּת פוּן זַיין תּוֹרָה אוּן פוּן זַיין חִיבּוּר עֶרְוַוארְטְן מִיר דֶעם גוֹאֵל צֶדֶק.

דֶער מוּנְקַאטְשֶׁער רֶבִּי זַצַ"ל, פְלֶעגְט יֶעדְן לַ"ג בָּעוֹמֶר זַיין פֶערְנוּמֶען מִיט גֶעהוֹיבֶּענֶע יִחוּדִים, גֶעלֶערְנְט דִי סִתְרֵי תּוֹרָה פוּן רַשְׁבִּ"י פוּן זוֹהַר אוּן תִּיקוּנִים אוּן גֶעשְׁמוּעֶסְט וֶועגְן דִי וואוּנְדֶער אוּן

גֶעהוֹיבְּנקַייט פון דֶעם הֵיילִיגְן בַּעַל הִלוּלָא. עֶר פְלֶעגְט אוֹיךְ אַלֶע מָאל מַאכְן אַ סְעוּדָה מִיט אֲנָשִׁים חֲשׁוּבִים. בַּיי דֶער סְעוּדָה הָאט עֶר גֶעזוּנְגֶען דֶעם זֶמֶר "בַּר יוֹחַאי" מִיט אַ בֶּעזוּנְדֶער הִתְעוֹרְרוּת, מִיט קוֹלוֹת אוּן בְּכִיוֹת מַמֶּשׁ ווִי עֶר וָואלְט זִיךְ אִינְגַאנְצְן פֶּערְפְלָאכְטְן מִיט דֶער הוֹיכֶער נְשָׁמָה.

נָאךְ דִי סְעוּדָה פוּן לַ"ג בָּעוֹמֶר, פְלֶעגְט עֶר אַרוֹיס פָאהרְן אוֹיסֶער דֶער שְׁטָאט אוּן אַ לֵיינְגֶערֶע צַייט שְׁפַּאצִירְט אוֹיפְן פְרַייעֶן פֶעלְד מִיט הִתְבּוֹדְדוּת אוּן עֶר הָאט דָארְטְן עוֹסֵק גֶעוֶוען אִין אוּנְבֶּעקַאנְטֶע גֶעהוֹיבֶּענֶע יִחוּדִים, צוּ וֶועלְכֶע זַיינֶע בֶּעגְלֵייטֶער הָאבְּן קֵיין הַשָּׂגָה נִישְׁט גֶעהַאט.

אֵיינְמָאל בַּיי אַ סְעוּדָה וָואס אִיז פָארְגֶעקוּמֶען לַ"ג בָּעוֹמֶר הָאט דֶער רֶבִּי גֶעזָאגְט:

— עֶס זָאל אַייךְ נִישְׁט וואוּנְדֶערְן פַארְוָואס אִיךְ עֶרְלוֹיבּ זִיךְ צוּ הָאבְּן אַזַא נָאנְטֶער שַׁיְיכוּת מִיט דֶער שִׂמְחָה פוּן הֵיילִיגְן תַּנָא רַשְׁבִּ"י אוּן מִיט זַיינֶע מוֹרָא'דִיגֶע תּוֹרוֹת, אִיהר וֶועט עֶס פַארְשְׁטֵיין מִיט אַ מַעֲשֶׂה.

דֶערְבַּיי הָאט עֶר דֶערְצֵיילְט אַ מַעֲשֶׂה וָואס אִיז

פָּארְגֶעקוּמֶען בַּיי דֶעם צַדִיק רַבִּי מֹשֶׁה בּ"ר דָן זי"ע.

— אֵיינְמָאל, שִׂמְחַת תּוֹרָה גַאנְץ פְּרִיה, וֶוען דֶער צַדִיק אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין מִקְוָה זִיךְ מֵכִין זַיין צוּם דַאוְונֶען אוּן צוּ דֶעם טָאג־עֲבוֹדָה, הָאט עֶר גֶעטְרָאפְן אוֹיפְן וֶועג אַ פָּשׁוּטֶער מֶענְטְשׁ, אַ שְׁנַיידֶער, וֶועלְכֶער גֵייט מִיטְן טַלִית אִין הַאנְד אוּן עֶר אִיז זֵייעֶר אוֹיפְגֶעלֵייגְט. פְּרֶעגְט אִיהם דֶער צַדִיק, פוּן וַואנֶען עֶר קוּמְט. עֶנְטְפֶערְט דֶער שְׁנַיידֶער אַז עֶר קוּמְט יֶעצְט פוּן בֵּית הַמִדְרָשׁ, פוּן דַאוְונֶען. פְּרֶעגְט אִיהם דֶער צַדִיק, וָואס הָאט עֶר זִיךְ אַזוֹי גֶעאַיילְט צוּ אָפְּדַאוְונֶען. עֶנְטְפֶערְט דֶער שְׁנַיידֶער, ווִיבַּאלְד הַיינְט אִיז דָאךְ אַ טָאג פוּן שִׂמְחָה, דֶערִיבֶּער הָאט עֶר פְּרִיה גֶעדַאוְונְט כְּדֵי עֶר זָאל קֶענֶען עֶסְן אוּן טְרִינְקֶען אוּן זִיךְ פְרֵייעֶן לְכָבוֹד דֶעם טָאג יוֹם טוֹב. עֶר פַארְשְׁטֵייט נִישְׁט ווִי דֶער צַדִיק גֵייט אִין מִקְוָה אַזוֹי שְׁפֶּעט, וֶוען וֶועט עֶר הָאבְּן צַייט זִיךְ צוּ פְרֵייעֶן לְכָבוֹד דֶעם גְרוֹיסְן טָאג.

רוּפְט זִיךְ אָן צוּ אִיהם דֶער צַדִיק:

— וֵוייסְטוּ כָּאטְשׁ וָואס אִיז דֶער עִנְיָן פוּן שִׂמְחַת תּוֹרָה?

— גֶעוויס — עֶנְטְפֶערְט דֶער שְׁנַײדֶער — דָאס אִיז הַײנְט דֶער יוֹם טוֹב אִין וֶועלְכְן מִיר פְרֵײעֶן זִיךְ מִיט דֶער תּוֹרָה!

רוּפְט זִיךְ אָן צוּ אִיהם וַוײטֶער דֶער צַדִיק:

— הָאסְטוּ כָאטְשׁ הַײנְטִיגְס יָאהר גֶעלֶערְנְט אַזוֹי פִיהל תּוֹרָה, וָואס דוּ אַײלְסְט זִיךְ אַזוֹי שְׁטַארְק כְּדֵי זִיךְ צוּ קֶענֶען פְרֵײעֶן אִין שִׂמְחַת תּוֹרָה?

— נֵײן, רֶבִּי — עֶנְטְפֶערְט דֶער שְׁנַײדֶער — לַײדֶער הָאבּ אִיךְ הַײנְטִיגְס יָאהר זֵײעֶר וֵוײנִיג גֶעלֶערְנְט, אִיךְ בִּין אַ גְרוֹיסֶער עַם הָאָרֶץ אוּן קֶען קוֹים זָאגְן עִבְרֵי. אִיךְ זָאג בְּלוֹיז תְּהִילִים אוּן מַעֲמָדוֹת אוּן אַ גַאנְצְן טָאג אַרְבֶּעט אִיךְ אִין מַײן וֶוערְק שְׁטִיבְּל.

— אוֹיבּ אַזוֹי! — פְרֶעגְט אִיהם דֶער צַדִיק — וָואסְזְשֶׁע אִיז דִי שִׂמְחָה אַזוֹי גְרוֹיס בַּײ דִיר? צוּלִיבּ וָואס אַײלְסְטוּ זִיךְ אַזוֹי צוּ דֶער שִׂמְחָה? וָואס פַאר אַ שַׁײכוּת הָאסְטוּ דֶען מִיט דֶער תּוֹרָה?

— אִיךְ וויל פְרֶעגְן דֶעם רֶבִּין — עֶנְטְפֶערְט דֶער שְׁנַײדֶער — וֶוען זַײן בְּרוּדֶער מַאכְט חֲתוּנָה אַ

זוהן אָדֶער אַ טָאכְטֶער, קוּמְט דָאךְ דֶער רֶבִּי גֶעוִויס אוֹיף דֶער שִׂמְחָה אוּן עֶר פְרֵיידְט זִיךְ מֶעהר ווִי אַנְדֶערֶע, פְרֶעמְדֶע מֶענְטְשְׁן, כָאטְשׁ עֶר אַלֵיין אִיז נִישְׁט דֶער בַּעַל שִׂמְחָה, נָאר זַיין בְּרוּדֶער, נָאר ווִיבַּאלְד עֶר אִיז אַ לַייבְּלִיכֶער קָרוֹב, פִּיהלְט עֶר דִי שִׂמְחָה מֶעהר ווִי אַ אַנְדֶערֶער.

— מִיר אַלֶע אִידְן זַיינֶען דָאךְ בְּרִידֶער — הָאט דֶער שְׁנַיידֶער אוֹיסְגֶעפִיהְרְט — אוּן דֶער רֶבִּי הָאט דָאךְ גֶעוִויס גֶעלֶערְנְט אַ סַאךְ תּוֹרָה אוּן עֶר פְרֵיידְט זִיךְ גֶעוִויס מִיטְן עֶנְדִיגְן דִי תּוֹרָה, דָאס גְלַייכְן זַיינֶען דָא נָאךְ פִיהל אִידְן וָואס הָאבְּן דוּרְכְן יָאהר גֶעלֶערְנְט פִּיהל תּוֹרָה אוּן זֵיי פְרֵייעֶן זִיךְ הַיינְט אִין שִׂמְחַת תּוֹרָה, אוּן אִיךְ אַלְס בְּרוּדֶער, פְרֵיי אִיךְ זִיךְ מִיט צוּזַאמֶען מִיט זֵיי, פּוּנְקְט ווִי אִיךְ אַלֵיין וָואלְט גֶעוֶוען דֶער בַּעַל שִׂמְחָה.

— אַזוֹי אִיז אוֹיךְ מִיט מִיר — הָאט דֶער מוּנְקַאטְשֶׁער רֶבִּי אוֹיסְגֶעפִיהְרְט מִיט גְרוֹיס עֲנִיווּת — כָאטְשׁ אִיךְ הָאבּ נִישְׁט קֵיין שׁוּם בַּאגְרִיף אִין דִי תּוֹרָה פוּן רַשְׁבַּ״י אוּן אִיךְ בִּין זֵייעֶר וַוייט צוּ קֶענֶען זַיינֶע סִתְרֵי תּוֹרָה, אָבֶּער מַיין פָּאטֶער הָאט דָאךְ זוֹכֶה גֶעוֶועןצוּ פַארְשְׁטֵיין דִי סוֹדוֹת פוּן דֶער תּוֹרָה

און ער האט פארפאסט דעם ספר "באר לחי ראי" אויף דעם תקוני זוהר, ער פריידט זיך געוויס אין דעם היכל פון רשב"י זי"ע אין זיין יום הלולא, און דעריבער בין איך, אלס לייבליכער זוהן פון דעם צדיק, אויך פריילאך אין דעם טאג.

דאס האט דער מונקאטשער רבי געזאגט אויף זיך ברוב ענוותנותו. יחידי סגולה ווייסן אבער טאקע פון דעם אויבערפלעכליכן שמועס גאר הויכע ענינים און שייכות מיטן הייליגן רבינס צוגעבונדנקייט צו דער נשמה פון גרויסן תנא רבי אלעזר ברבי שמעון.

*

אין יאהר תר"צ, ווען דער מונקאטשער רבי זצ"ל האט געוויילט אין ארץ ישראל איז ער געווען ל"ג בעומר אין מירון אויפן ציון פון רשב"י. ער האט דארט מיט גרויס התלהבות געדאוונט שחרית אין טלית און תפילין און האט דארט געלערנט דעם אידרא פון זוהר הקדוש מיט גרויס דביקות און דערביי פארגאסן טרערן. דערנאך האט ער מיט דעם ניגון־מיוחד געזונגען

דֶעם זֶמֶר ״בַּר־יוֹחַאי״. בִּשְׁעַת׳ן זֶמֶר הָאט דֶער רָב גֶעטַאנְצְט מִיט וואוּנְדֶערְלִיכֶע טֶענְץ עַד כְּלוֹת הַנֶּפֶשׁ.

דֶעם סְפֶּעצִיעֶלְן בַּר־יוֹחַאי נִיגוּן הָאט דֶער מוּנְקַאטְשֶׁער רָב זצ״ל אִין לֶעצְטְן לַ״ג בָּעוֹמֶר, וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶוען הֶעכְסְט גֶעפֶּעהְרְלִיךְ קְרַאנְק, גֶעהֵייסְן מֶען זָאל אִיהם דָאס פָּארְזִינְגֶען. דֶער נִיגוּן הָאט אִיהם גֶעגֶעבְּן אַ בִּיסְל חִיוּת אִין דִי לֶעצְטֶע טֶעג, וֶוען עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמַאנְט אִין זַיין בֶּעזוּךְ אוֹיף דִי קִבְרֵי קְדוֹשֵׁי עֶלְיוֹנִים ווִי רַשְׁבִּ״י, מִיט זַיין זוּהן רַבִּי אֶלְעָזָר, אוֹיף וֶועלְכֶע דִי גְמָרָא זָאגְט ״דִי לָעוֹלָם אֲנִי וְאַתָּה״. דֶער רָב זצ״ל הָאט בַּיי זַיין דֶעמָאלְסְדִיגֶע רַייזֶע, אוֹיךְ בֶּעזוּכְט דִי קְבָרִים פוּן דִי מְאוֹרֵי קַבָּלָה — דֶעם אֲרִ״י הַקָּדוֹשׁ, דֶעם רמ״ק, בֵּית יוֹסֵף אוּן מהר״ש אֶלְקַבֶּץ הַלֵוִי. אִיבֶּערַאל הָאט עֶר אוֹיסְגֶעגָאסְן זַיין הַארְץ מִיט תְּפִלּוֹת וְתַחֲנוּנִים.

אִין דֶעם לֶעצְטְן לַ״ג בָּעוֹמֶר פוּן זַיין לֶעבְּן (אִין יָאהר תרצ״ז) וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶוען קְרַאנְק, הָאט עֶר גֶעפִירְט טִישׁ בַּיי אִיהם אִין צִימֶער, אוּן מִיט פַארְטְרֶערְטֶע אוֹיגְן הָאט עֶר זֵייעֶר גֶעבִּיטֶערְט אוּן גֶעזָאגְט:

— אוי, גֶעוַואלְד! מַיין הֵיילִיגֶער פָּאטֶער הָאט בַּיי הַיינְטִיגְן טָאג גֶעפִּיהלְט אַ הֶעכֶערֶע קְדוּשָׁה און ווי נִידְרִיג אִיךְ בִּין גֶעפַאלְן אַז אִיךְ קֶען גָארְנִישְׁט טְהוּן.

הָאט עֶר דַאן גֶענוּמֶען לֶערְנֶען דֶעם זוֹהַר הַקָדוֹשׁ און בַּאפוֹילְן דֶעם חָסִיד רַבִּי מֹשֶׁה גוֹלְדְשְׁטֵיין (דֶער פֶּערְפַּאסֶער פוּן דֶעם סֵפֶר ״מַסָעוֹת יְרוּשָׁלַיִם״) מִיט דֶעם מְשַׁמֵשׁ רַבִּי חַיִים דוֹב גְרִינְפֶעלְד, וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעוֶוען מִיט אִיהם צוּזַאמֶען אוֹיף דֶער רַייזֶע אִין מֵירוֹן, זֵיי זָאלְן אִיהם דֶערְמַאנֶען דֶעם נִיגוּן מִיט וֶועלְכְן מֶען הָאט גֶעזוּנְגֶען בַּר יוֹחַאי וֶוען זֵיי זַיינֶען גֶעוֶוען אִין מֵירוֹן. עֶר הָאט דַאן גֶעזוּנְגֶען אֵיינִיגֶע מָאל דֶעם זֶמֶר מִיט גְרוֹיס הִתְעוֹרְרוּת.

## ווִי אַ מַלְאַךְ פוּן הִימְל

דֶער הֵיילִיגֶער תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי — פְלֶעגְט זָאגְן רַבִּי נַחְמָן בְּרֶעסְלַאוֶוער זצ״ל — אִיז אִין דֶער בְּחִינָה פוּן ״עִיר וְקַדִישׁ מִן שְׁמַיָא נָחִית״ (דָנִיאֵל ד) וֶועלְכֶע אִיז דִי רָאשֵׁי תֵּיבוֹת ״שִׁמְעוֹן״.

## דֶער מְחַבֵּר פוּן דֶעם שִׁיר ״בַּר יוֹחַאי״

עֶס פָּארְט זִיךְ אַ ווינְט־שִׁיפְל אוֹיפְן יַם, פוּן דִי מַעֲרָב לֶענְדֶער, אוּן אִיהר רִיכְטוּנְג אִיז גֶעוֶוענְדֶעט צוּ דִי הֵיילִיגֶע לַאנְד. צְווישְׁן דִי רַייזֶענְדֶע גֶעפִינְט זִיךְ אֵיינֶער אוֹיף וֶועלְכְן עֶס אִיז קֶענְטִיג אַז עֶר אִיז אַ הֶעכֶערֶער מֶענְטְשׁ. זַיין חֲסִידוּת, זַיין דַאוְונֶען אוּן זַיין דְבֵיקוּת אִין בַּאשֶׁעפֶער רוּפְט אַרוֹיס צוּ אִיהם גְרוֹיס עֶהרֶע אוּן כָּבוֹד. דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם דָאזִיגְן פֶּערְזָאן אִיז — רַבִּי שִׁמְעוֹן לָבִיא.

פַּאמֶעלַאךְ אוּן פָּארְזִיכְטִיג שְׁווימְט זִיךְ דִי שִׁיפְל אוּן שְׁנַיידְט דוּרְךְ דִי כְוַואלְיֶעס. זִי פָּארְט זֵייעֶר נָאנְט צוּ דִי יַבָּשׁוֹת פוּן מַארָאקָא, אַלְדְזְשִׁיר אוּן טוּנִיס. זִי עֶרְלוֹיבְּט זִיךְ נִישְׁט אַרוֹיס צוּ פָאהרְן טִיפֶער אִין יַם, פוּן פַּחַד אוּן מוֹרָא זִי זָאל זִיךְ נִישְׁט דֶערְטְרִינְקֶען פוּן דִי כְוַואלְיֶעס.

אָבֶער נִישְׁט ווִי מֶען ווִיל גֵייט עֶס. וֶוען דִי

שִׁיפְל הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען נִישְׁט וַוייט פוּן דִי טוּנִיסֶער הַאפְנְס, אִיז אוֹיסְגֶעבְּרָאכְן אַ שְׁטַארְקֶער שְׁטוּרְם אִיבֶּערְן יַם, דִי שִׁיפְל אִיז פַארְשְׁלֶעפְּט גֶעוָוארְן דוּרְךְ דִי כְוַואלְיֶעס וֶועלְכֶע הָאבְּן אִיהר גֶעוָוארְפְן אוּן גֶעשְׁלַיידֶערְט אַרוֹיף אוּן אַרָאפּ, בִּיז עֶנְדְלִיךְ זֵיי הָאבְּן אִיהר אַ שְׁלַיידֶער גֶעטְהוּן צוּ אַ גְרוֹיסְן פֶעלְז דוּרְךְ וֶועלְכְן דִי שִׁיפְל אִיז צוּשְׁמֶעטֶערְט גֶעוָוארְן.

נָאר אַ הֵייפֶעלֶע מֶענְטְשְׁן פוּן דִי פַּאסַאזְשִׁירְן זַיינֶען גֶערַאטֶעוֶועט גֶעוָוארְן, צְוִוישְׁן זֵיי אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזְן דֶער צַדִיק רַבִּי שִׁמְעוֹן לָבִיא, וֶועלְכֶער אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּם הַאפְן פוּן טְרִיפָּאלִי. דִי אִיבֶּערִיגֶע פַּאסַאזְשִׁירְן זַיינֶען אַלֶע פַארְשְׁוואוּנְדְן גֶעוָוארְן, נִישְׁט אִיבֶּערְלָאזְנְדִיג קֵיין שְׁפּוּר נָאךְ זֵיי.

דִי אִידִישֶׁע קְהִלָה אִין טְרִיפָּאלִי אִיז דַאן גֶעוֶועזְן זֵייעֶר אָרִים, סַיי אִין כַּמוּת סַיי אִין אֵיכוּת. קֵיין סַאךְ מֶענְטְשְׁן הָאט זִי נִישְׁט גֶעצֵיילְט, אוּן אָט דֶער קְלֵיינֶער הַייפְל אִיז גֶעוֶועזְן זֵייעֶר פַארְגְרֶעבְּט, נִישְׁט גֶעווּאוּסְט קֵיין דִין אָדֶער מִנְהָג, נִישְׁט קֵיין אוּנְטֶערְשֵׁייד צְוִוישְׁן אָסוּר אוּן מוּתָּר, צְוִוישְׁן טָמֵא אוּן טָהוֹר. אֲפִילוּ רֶעכְט צוּ דַאוְונֶען הָאבְּן זֵיי אוֹיךְ

נִישְׁט גֶעקֶענְט, אוֹיף אַזוֹי וַוייט אַז פְּרַייטָאג צוּ נַאכְטְס פְלֶעגְן זֵיי דַאוְונֶען דִי וָואכֶעדִיגֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה פוּן "אַתָּה חוֹנֵן" אַנְשְׁטָאט "אַתָּה קִדַּשְׁתָּ".

דֶער צַדִיק הָאט בַּאקוּקְט דֶעם דָאזִיגְן אָרִימֶען צוּשְׁטַאנְד פוּן דִי אִידְן אִין טְרִיפָּאלִי אוּן בַּיי זִיךְ גֶעטְרַאכְט:

— רִיכְטִיג, מַיין צְוֶועק אִיז טַאקֶע אַרוֹיף צוּ קוּמֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אַרַיינְאָטֶעמֶען דִי לוּפְט פוּן דִי הֵיילִיגֶע לַאנְד אוּן דָארְטְן לֶעבְּן בִּקְדוּשָׁה וּבְטָהֳרָה, אָבֶּער ווִי קֶען מֶען מַפְקִיר זַיין אַ עֵדָה אִידְן, זֵיי אִיבֶּערְצוּלָאזְן אָן קֵיין פִיהרֶער, זֵיי זָאלְן בְּלָאנְדְזְשֶׁען אוּן גֵיין בַּארְג אַרָאפּ אָן קֵיין וֶועג ווַייזֶער. נֵיין, אִיךְ וֶועל עֶס נִישְׁט טְהוּן, אָט דָא וֶועט זַיין מַיין הוֹיז, אוּן אִיךְ וֶועל אָנְוֶוענְדְן אַלֶע קְרֶעפְטְן, מִיטְן אוֹיבֶּערְשְׁטְנְס הִילְף, זֵיי אַרוֹיפְצוּפִיהרְן אוֹיפְן גְלַייכְן וֶועג אוּן רִיכְטִיגְן וֶועג.

גֶעטְרַאכְט אוּן גֶעטְהוּן.

*

דִי אִידִישֶׁע גֶעמֵיינְדֶע פוּן טְרִיפָּאלִי הָאט

בַּאלְד אַנֶערְקֶענְט אִין דִי גְרוֹיסְקַייט אוּן הֵיילִיגְקַייט פוּן דֶעם שִׁיפ׳ס גֶערַאטֶעוֶועטְן אִידְן אוּן זֵיי הָאבְּן אִיהם אוֹיפְגֶענוּמֶען אַלְס מַנְהִיג אוּן רָב פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע.

אֵיין אוּן דְרַייסִיג יָאהר, פוּן דֶעם טָאג וָואס עֶר אִיז גֶערַאטֶעוֶועט גֶעוָוארְן פוּן דִי שִׁיף, בִּיז דֶעם טָאג וָואס עֶר הָאט פַארְלָאזְט דִי וֶועלְט, אִיז רַבִּי שִׁמְעוֹן לָבִיא גֶעזֶעסְן אִין טְרִיפָּאלִי. אִין מֶשֶׁךְ פוּן דֶער צַייט הָאט דִי אִידִישֶׁע קְהִלָּה בַּאקוּמֶען אַ אַנְדֶער אוֹיסְזֶעהן. עֶר הָאט גֶעגְרִינְדֶעט חֲדָרִים, אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט יְשִׁיבוֹת, גֶעבּוֹיעֶט מִקְוָאוֹת, אוּן גֶעעֶפְנְט צְדָקָה אַנְשְׁטַאלְטְן, אַזוֹי אַז דִי קְהִלָּה אִיז דֶערְהוֹיבְּן גֶעוָוארְן וִוי פוּן טִיפְן אָפְּגְרוּנְד בִּיז דִי גָאר הוֹיכְן.

אֵיינֶע פוּן דִי תַּקָנוֹת וָואס רַבִּי שִׁמְעוֹן לָבִיא הָאט גֶעגְרִינְדֶעט אִין טְרִיפָּאלִי אִיז פַארְבְּלִיבְּן אוֹיךְ אִין דִי שְׁפֶּעטֶערֶע יָאהרְן: פְרַייטָאג צוּ נַאכְט׳ס זָאגְט דֶער חַזָן דִי שְׁטִילֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה אוֹיפְן קוֹל. דִי סִבָּה דֶערְפוּן אִיז גֶעוֶוען צוּ אַרוֹיסְרַייסְן דֶעם אַיינְגֶעוָוארְצְלְטְן טָעוּת וָואס אִיז גֶעוֶוען אִין דֶער קְהִלָּה צוּ דַאוְונֶען פְרַייטָאג צוּ נַאכְטְס דִי

וָואכֶעדִיגֶע שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה.

אִין אַ גוּטְן עֶלְטֶער, אָנְגֶעפִּיהלְט מִיט מִצְוֹת אוּן מַעֲשִׂים טוֹבִים הָאט דֶער צַדִיק רַבִּי שִׁמְעוֹן לָבִיא פַארְלָאזְט דִי וֶועלְט. דֶער אָרְט וואוּ מֶען הָאט אִיהם בַּאהאלְטְן, אִיז פַארְוַואנְדְלְט גֶעוָוארְן אוֹיף אַ גֶעבֶּעט־אָרְט. מַאסְן מֶענְטְשְׁן הָאבְּן גֶעשְׁטְרָאמְט אַהִין מִתְפַּלֵל צוּ זַיין בַּיים צַדִיק, וֶוער אוֹיף אַ יְשׁוּעָה, וֶוער אוֹיף אַ צָרָה, וֶוער אוֹיף גֶעזוּנְד אוּן פַּרְנָסָה, אוּן אוֹיסְפִיהרְן דִי תְּפִלָה, פְלֶעגְט מֶען, מִיט דִי וֶוערְטֶער: ״אֱלָקָא דְשִׁמְעוֹן עֲנֵנִי״. אֲפִילוּ גוֹיִם זַיינֶען אוֹיךְ גֶעקוּמֶען זִיךְ מִשְׁתַּטֵחַ זַיין בַּיים צַדִיק, אוּן כִּמְעַט שְׁטֶענְדִיג פְלֶעגְט מֶען גֶעהָאלְפְן וֶוערְן.

*

פִיהל מַעֲשִׂיוֹת אוּן וואוּנְדֶער וֶוערְט דֶערְצֵיילְט בַּיי דִי טְרִיפָּאלֶער אִידְן וֶועגְן דִי יְשׁוּעוֹת וָואס זַיינֶען פַארְבּוּנְדְן מִיטְן נָאהמֶען פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן לָבִיא. מִיר וֶועלְן דָא אַרָאפְּבְּרֵיינְגֶען אֵיינֶע פוּן זֵיי:

— נִישְׁט וַוייט פוּן טְרִיפָּאלִי גֶעפִינְט זִיךְ אַ דָארְף מִיטְן נָאמֶען עֶמַאזְשׁ. דָארְטְן אִיז גֶעוֶוען אַ קְלֵיינֶער אִידִישֶׁער יִשׁוּב, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען

פאַרבונדן געשעפטליך מיט די שטאָט טריפּאָלי. די אידן פון עמאַזש האָבן שטענדיג געהאַנדלט מיט די טריפּאָלער אײנוואוינער. בעזונדערס ווען עס איז פאָרגעקומען אַ מאַרק טאָג, האָבן די עמאַזשער אײנוואוינער אַוועקגעפיהרט זײער סחורה קײן טריפּאָלי, וואו מען האָט אויפגעשטעלט צײטװײליג בײדלאַך אין װעלכן מען האָט פערקויפט די סחורה.

אין אײנעם פון אַזאַ מאַרק־טאָג, האָט אײנער פון די עמאַזשער אידן מיטן נאָמען רבי שמעון ימין, זיך געשלעפּט מיט זײן אײזל װעלכער איז געװען אָנגעלאָדנט מיט כּל טוב, ציהרונג, גאָלדענע און זילבערנע כּלים א.ד.ג.

זײענדיג אויפן וועג צו טריפּאָלי, זײנען פּלוצלונג אַרויסגעשפּרונגען אַ באַנדע רויבער, אויסרופנדיג:

— שוין זאָלסטו איבערלאָזן דײן סחורה און פאַרמעגן, אויב נישט — װעסטו דערהרגעט!

רבי שמעון ימין איז דערציטערט געװאָרן, זײן גאַנצער פאַרמעגן װאָס ער האָט אָנגעזאַמלט

בְּמֶשֶׁךְ פֿיהל יָאהרְן, ווי אויךְ אַ סַאךְ הָאב און גוטְס פון זַיינֶע דָארְפִישֶׁע אִידְן גֶעפִינְט זִיךְ אויף דֶעם אֵייזְל. עֶר וֶועט אומְגְלִיקְלִיךְ וֶוערְן אויב מֶען וֶועט דָאס אַלֶעס פון אִיהם צוּנֶעמֶען.

רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט זִיךְ אָבֶער נִישְׁט פַארְלָארְן. זַייעֶנְדִיג אָנְגֶעזַאפְּט מִיט אַ שְׁטַארְקֶע אֱמוּנָה, הָאט עֶר גֶענוּמֶען טְרַייבְּן דֶעם אֵייזְל אִין דֶעם רִיכְטוּנְג פון דֶעם צִיוּן פון רַבִּי שִׁמְעוֹן לָבִיא אויסְרוּפְנְדִיג:

— אִין דַיין זְכוּת, רַבִּי שִׁמְעוֹן, זָאל אִיךְ גֶערַאטֶעוֶועט וֶוערְן פון דִי הֶענְד פון דִי רוֹיבֶּער.

בַּאלְד הָאט עֶר ווידֶער גֶעהֶערְט דִי טְרִיט פון דִי רוֹיבֶּערְס וֶועלְכֶע דֶערְנֶענְטֶערְן זִיךְ צו אִיהם. זַיי גֵייעֶן אַרִיבֶּער נֶעבְּן אִיהם אויסְרוּפְנְדִיג מִיט וואוּנְדֶער:

— אַוואוּ אִיז פַארְשְׁוואוּנְדְן גֶעוָוארְן דֶער אִיד וָואס עֶר אִיז עֶרְשְׁט יֶעצְט גֶעוֶוען נֶעבְּן אוּנְז, אֶפְשֶׁר אִין דֶער זַייט, אֶפְשֶׁר אִין יֶענֶער זַייט...

דִי רוֹיבֶּער הָאבְּן זִיךְ צוּשְׁפְּרֵייט אִין עֶטְלִיכֶע רִיכְטוּנְגֶען אִיהם צו זוּכְן, און רַבִּי שִׁמְעוֹן יָמִין

שְׁטֵייט מִיט זַיין פוּהלְן אָנְגֶעלָאדֶענֶעם אֵייזְל נֶעבְּן דֶעם צִיוּן פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן לָבִיא, אוּן גַאפְּט פוּן דֶעם גְרוֹיסְן וואוּנְדֶער וָואס זַיינֶע אוֹיגְן זֶעהֶען דָא. אָט שְׁטֵייט עֶר נֶעבְּן דִי רוֹיבֶּער, אָט גֵייעֶן זֵיי אַרִיבֶּער נֶעבְּן אִיהם, אוּן זֵייעֶרֶע אוֹיגְן זַיינֶען וִוי פַארְבְּלֶענְדֶעט גֶעוָוארְן, אִין דֶעם זְכוּת פוּן דֶעם צַדִיק וָואס לִיגְט דָא.

פוּן דֶער צַדִיק אוּן קָדוֹשׁ רַבִּי שִׁמְעוֹן לָבִיא, אִיז גֶעבְּלִיבְּן פַארְאֵייבִּיגְט דֶער שִׁיר ״בַּר יוֹחַאי״ וָואס עֶר הָאט פֶּערְפַּאסְט לְכָבוֹד דֶעם תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אוּן וֶועלְכֶער וֶוערְט גֶעזוּנְגֶען אִין אַלֶע תְּפוּצוֹת יִשְׂרָאֵל מִיט גְרוֹיס הִתְלַהֲבוּת.

# נִישְׁטָא קֵיין קֶשֶׁת

דֶערִיבֶּער פִיהרְט מֶען זִיךְ אִין ל״ג בָּעוֹמֶר אַז דִי קִינְדֶער גֵייעֶן אַרוֹיס אִין וַואלְד אוּן שִׁיסְן מִיט אַ בּוֹיגְן (קֶשֶׁת), וַוייל בַּיים לֶעבְּן פוּן רַבָּן שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי אִיז נִישְׁט גֶעזֶעהְן גֶעוָוארְן קֵיין רֶעגְנְבּוֹיגְן, וַוייל זַיין זְכוּת הָאט גֶעשִׁיצְט אוֹיפְן דוֹר, אוּן אַ רֶמֶז אִיז דָא דֶערוֹיף, וַויל דָאס וָוארְט ״הַקֶשֶׁת״ בַּאטְרֶעפְט פוּנְקְט וִוי דִי וֶוערְטֶער ״רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי״(805).

(אַדְמוֹ״ר מִלֶענְטְשְׁנֶע)

# שיר בר־יוחאי

להרב המקובל האלקי **רבי שמעון לביא** זיע״א בעמח״ס כתם פז

## בַּר יוֹחַאי נִמְשַׁחְתָּ אַשְׁרֶיךָ, שֶׁמֶן שָׂשׂוֹן מֵחֲבֵרֶיךָ:

בַּר יוֹחַאי שֶׁמֶן מִשְׁחַת קֹדֶשׁ, נִמְשַׁחְתָּ מִמִּדַּת הַקֹּדֶשׁ. נָשָׂאתָ צִיץ נֵזֶר הַקֹּדֶשׁ. חָבוּשׁ עַל רֹאשְׁךָ פְּאֵרֶךָ: בר יוחאי

בַּר יוֹחַאי מוֹשַׁב טוֹב יָשַׁבְתָּ, יוֹם נַסְתָּ יוֹם אֲשֶׁר בָּרַחְתָּ. בִּמְעָרוֹת צוּרִים שֶׁעָמַדְתָּ. שָׁם קָנִיתָ הוֹדְךָ וַהֲדָרֶךָ: בר יוחאי

בַּר יוֹחַאי עֲצֵי שִׁטִּים עוֹמְדִים, לִמּוּדֵי יְיָ הֵם לוֹמְדִים. אוֹר מֻפְלָא אוֹר הַיְקוֹד הֵם יוֹקְדִים, הֲלֹא הֵמָּה יוֹרוּךָ מוֹרֶךָ: בר יוחאי

בַּר יוֹחַאי וְלִשְׂדֵה תַפּוּחִים, עָלִיתָ לִלְקֹט בּוֹ מֶרְקָחִים. סוֹד תּוֹרָה כְּצִיצִים וּפְרָחִים, נַעֲשֶׂה אָדָם נֶאֱמַר בַּעֲבוּרֶךָ: בר יוחאי

בַּר יוֹחַאי נֶאֱזַרְתָּ בִּגְבוּרָה, וּבְמִלְחֶמֶת אֵשׁ דָּת הַשַּׁעְרָה. וְחֶרֶב הוֹצֵאתָ מִתַּעְרָהּ, שָׁלַפְתָּ נֶגֶד צוֹרְרֶיךָ: בר יוחאי

בַּר יוֹחַאי לִמְקוֹם אַבְנֵי שַׁיִשׁ, הִגַּעְתָּ וּפְנֵי אַרְיֵה לַיִשׁ. גַּם גֻּלַּת כּוֹתֶרֶת עַל עַיִשׁ, תָּשׁוּרִי וּמִי יְשׁוּרֶךָ: בר יוחאי

בַּר יוֹחַאי בְּקֹדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים, קַו יָרֹק מְחַדֵּשׁ חֳדָשִׁים. שֶׁבַע שַׁבָּתוֹת סוֹד חֲמִשִּׁים, קָשַׁרְתָּ קִשְׁרֵי שִׁין קְשָׁרֶיךָ: בר יוחאי

בַּר יוֹחַאי יוֹד חָכְמָה קְדוּמָה, הִשְׁקַפְתָּ לִכְבוּדָּה פְּנִימָה. ל״ב נְתִיבוֹת רֵאשִׁית תְּרוּמָה, אַתְּ כְּרוּב מִמְשַׁח זִיו אוֹרֶךָ: בר יוחאי

בַּר יוֹחַאי אוֹר מֻפְלָא רוּם מַעְלָה, יָרֵאתָ מִלְּהַבִּיט כִּי רַב לָהּ, תַּעֲלוּמָה וְאַיִן קוֹרֵא לָהּ, נַמְתָּ עַיִן לֹא תְשׁוּרֶךָ: בר יוחאי

בַּר יוֹחַאי אַשְׁרֵי יוֹלַדְתֶּךָ, אַשְׁרֵי הָעָם הֵם לוֹמְדֶךָ, וְאַשְׁרֵי הָעוֹמְדִים עַל סוֹדֶךָ, לְבוּשֵׁי חֹשֶׁן תֻּמֶּיךָ וְאוּרֶיךָ: בר יוחאי

## וַאֲמַרְתֶּם כֹּה לֶחָי, רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי.
## וַאֲמַרְתֶּם כֹּה לֶחָי, אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

אִישׁ אֱלֹהִים קָדוֹשׁ הוּא, אַשְׁרֵי עַיִן רָאַתְהוּ, לֵב חָכָם יַשְׂכִּיל פִּיהוּ. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

בָּרוּךְ הוּא מִפִּי עֶלְיוֹן, קָדוֹשׁ הוּא מֵהֶרְיוֹן, מְאוֹר גָּלִיל הָעֶלְיוֹן. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

גִּבּוֹר וְאִישׁ מִלְחָמָה, בְּדַת תּוֹרָה תְּמִימָה, מָלֵא מַדָּע וְחָכְמָה. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

דָּרַשׁ כָּל תַּעֲלוּמוֹת בְּעֹז וְתַעֲצוּמוֹת, עָלָה מַעֲלוֹת רָמוֹת. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

הֶחְבָּא בְּתוֹךְ מְעָרָה, מִפְּנֵי הַגְּזֵרָה, שָׁם לָמַד סִתְרֵי תּוֹרָה, אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

וְשָׁם נִבְרָא מַעְיָן לוֹ, וְחָרוּב לְמַאֲכָלוֹ, מַה טּוֹב חֶלְקוֹ וְגוֹרָלוֹ. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

זֵכֶר צַדִּיק לִבְרָכָה, דִּין רֵיכָא וּבַר רֵיכָא, זָכָה וְרַבִּים זִכָּה, אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

חִדֵּשׁ כַּמָּה הֲלָכוֹת, הֵם בַּמִּשְׁנָה עֲרוּכוֹת, זֶה הַמַּרְגִּיז מַמְלָכוֹת, אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

טִהֵר אֶת עִיר טְבֶרְיָה, עָשָׂה אוֹתָהּ נְקִיָּה, הוֹדוּ לוֹ מִשְּׁמַיָּא. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

יָדַע כָּל הַנִּסְתָּרוֹת, דְּבָרָיו עוֹשִׂים פֵּרוֹת, בִּטֵּל כַּמָּה גְזֵרוֹת. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

כָּל יָמָיו אֲשֶׁר חָיָה, אוֹת הַקֶּשֶׁת לֹא נִהְיָה, כִּי הוּא אוֹת עוֹלָם הָיָה. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

# לַ"ג בָּעוֹמֶר

לְכָל יִשְׂרָאֵל הֵאִיר, בְּסוֹד תּוֹרָה הַבָּהִיר, כְּאוֹר הַחַמָּה מַזְהִיר. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

מָקוֹם בָּחַר בִּשְׁמַיָּא, עִם הַנָּבִיא אֲחִיָּה, זֶה מִבְּנֵי עֲלִיָּה. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

נֶחְמָד מְאֹד לְמַעְלָה, זָכָה לִיקָר וּגְדֻלָּה, כֶּתֶר עֶלְיוֹן לוֹ נִגְלָה. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

סִינַי סִינַי לוֹ נִקְרָא, אֲרִי שֶׁבַּחֲבוּרָה, מִמֶּנּוּ תֵּצֵא תוֹרָה. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

עָשָׂה שִׁבְעִים תִּקּוּנִים, יְקָרִים מִפְּנִינִים, בָּם תִּקֵּן הָעֶלְיוֹנִים. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

פָּתַח פִּיו בְּחָכְמָה, הוֹצִיא אוֹר תַּעֲלוּמָה, תִּקֵּן זָהֳרֵי חַמָּה. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

צַדִּיק יְסוֹד עוֹלָם, גִּלָּה מִדְרָשׁ הַנֶּעְלָם, יָכוֹל לִפְטֹר הָעוֹלָם. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

קוֹלוֹ זָמִיר עָרִיצִים, וְהִכְרִית אֶת הַקּוֹצִים, וְהִצִּיל הַלְּחוּצִים. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

רָאָה פָּנָיו מְאִירִים, בְּשִׁבְתּוֹ עִם חֲבֵרִים, עֵת גִּלָּה סוֹד סְתָרִים. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

שָׁלוֹם רַב עַל מִשְׁכָּבוֹ, מַה יָּפְיוֹ וּמַה טּוּבוֹ, דּוֹבֵר אֱמֶת בִּלְבָבוֹ. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

תּוֹרָתוֹ מָגֵן לָנוּ, הִיא מְאִירַת עֵינֵינוּ, הוּא יַמְלִיץ טוֹב בַּעֲדֵנוּ. אֲדוֹנֵנוּ בַּר יוֹחַאי:

ספר זה מוקדש לשמו ולזכותו של ב"מ א"ע א"ל
הרב **אברהם בן שרה זיסל** נרו יאיר ויזרח לעד
ולזכות אשתו הצ' מרת **גולדה בת רחל** תליט"א

זכות רבינו הקדוש התנא האלקי **רבי שמעון בר יוחאי** זצ"ל
יעמוד להם להתברך בכל מילי דמיטב, בבני חיי ומזוני רויחי,
להנצל מכל צרה וצוקה, לעלות מעלה מעלה במעלות התורה
והיראה, להוציא פרח ולהצץ ציץ, יפרחו כשושנים בגן ה'
ויתברכו בהם הוריהם ומוריהם וכל רואיהם ומכירהם

**ויבנו בית נאמן בישראל לתפארת משפחותיהם הכבודות
והמפוארות, באריכות ימים ושנים. ימלא ה' כל
משאלות לבם לטובה אמן**